SZOLEM ALEJCHEM

# KASRYLEWKA


רעדאקטאָר: הדסה רובין
Redaktor: HADASA RUBIN

הילע געצייכנט: ר. כוואָלעס
Okładkę projektował: R. CHWOLES

צייכענונגען: ז. טאָלקאַטשאָוו
Ilustracje: Z. TOŁKACZÓW

WYDAWNICTWO IDISZ-BUCH. WARSZAWA, NOWOGRODZKA 5.

---

Zam. 4659. Nakład 3000 egz. Druk ukończono w listopadzie 1959 r.
Ark. druk. 18,5, wydaw. 14. Papier druk. sat. 70 g, klasa V, 61 × 86.
Druk. RSW „Prasa”, Tarczyńska 8. W-83.

# אינהאַלט

# כתרילעווקער נשרפים

## קאפיטל א.

## די אויסדערוויילטע

די גרויסע, שיינע, אלטע גוישע שטאט יעהופּעץ, וואס האט זיך פון פאר טויזנט יארן, נאך בימי וולאדימיר דעם הייליקן, צעווארפן אין דער לענג און אין דער ברייט, באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַרויף, אויפן ברעג פונעם אלטן גרויען דניעפּר, האט שוין לאַנג אזעלכע מינים יידן נישט געזען, ווי איינמאָל איז א פרימארגן — סוף זומער איז דאס געווען. מען קאָן נישט זאָגן, אז די דאָזיקע נישט־יידישע שטאָט איז, חלילה, זשעדנע א יידן אויף א רפואה. אדרבא, עס איז באוווסט, אז זי האָט צו טאָן פון קדמונים נאָר מיט יידן, גלייך ווי איר פעלט שוין מער נישט, ווי מע זאָגט, קיין זאך, נאָר יידן און קאָפּוויטיק. ווען איר זאָלט נישט קומען אהין צו פאָרן, אָדער ווען איר זאָלט דאָרט נישט עפענען א בלאַט־צייטונג, איז דאָס ערשטע, וואָס קומט אייך פאר די אויגן — „יידן". אזויפיל און אזויפיל יידן האָבן זיך אָנגעגעבן אין אוניווערסיטעט — און מע האָט זיי נישט צוגענומען. אזויפיל און אזויפיל יידן האָט מען געפּאַקט ביינאַכט אויף אָן „אַבלאַווע" — און מען האט זיי יאָ צוגענומען. אשטייגער, ס'זאָל זיך אַמאָל טרעפן, חלילה, פארקערט: אז די יידן פון אוניווערסיטעט זאָל מען יאָ צוגעמען, און די פון „אַבלאַוועס" נישט — דאָס איז א זאַך, וואָס עס קאָן נישט זיין, אזוי ווי עס קאָן נישט זיין, למשל, אז בעת איר זענט שטאַרק הונגעריק, זאָלט איר על־פּי טעות טרעפן מיטן ביסן צו יענעם אין מויל אריין.

הכלל, וואָס זשע זענען דאָס געווען פאר א מינים יידן אין יענעם פרי־מאָרגן, וואָס מיר דערציילן? — דאָס זענען געווען כתרילעווקער באַלע־באַטים. און נישט נאָר סתם באַלעבאַטים, נאָר אויסגעקליבענע, אויסדער־

וויילטע צוליב זייער=זייער א וויכטיקער זאך, צוליב זייער=זייער א גרויסער מצווה; דאָס זענען געווען איינס און איינס, די שענסטע, די חשובֿסטע באַלעבאַטים פון שטאָט, דער סאמע צימעס פון כתרילעווקע. איך וואָלט זיי אייך אָנגערופן ביי די נעמען — איז נישט נייטיק. א כתרילעווקער ייד, אַז עוסק במצווה, זוכט נישט ביי דער וועלט קיין כבוד און איז נישט געווינט געוואָרן, אז זיין נאָמען זאָל זיין געדרוקט אין דרויסן אויף די בלעטער; פאר אים איז גענוג דאָס ביסל כבוד, וואָס ער האָט אויפן אָרט, און ער האַנקט גאָט, אַז ער ווערט כאָטש נישט געזידלט פון די זייטיקע...

צווישן די דאָזיקע אויסדערוויילטע איז געווען איינער אַן עלטערער, גאָר אַן אַלטער מאַן, א ייד א זקן, אריבער שמונים, וואָס גייט שוין איינגעבויגן, אָנגעלענט אויף אַן אלטן שטעקן, אָבער ער האַלט זיך נאָך, קיין עין=הרע, גאַנץ נישקשהדיק. אָנגעטאָן איז ער געווען שבתדיק: אין א זיידענער שרייענדיקער רעזעוולקע, אָן אַרבל, אויף אַן אלטער נאָר אטלעסענער געהאקטער קאַפּאָטע, מיט א שטריימל אויפן קאָפּ און מיט שיך און זאָקן אויף די פיס. דער איבעריקער עולם איז שוין געווען נישט אזוי יום=טובֿדיק אָנגעטאָן. דערפאַר זענען זיי אָבער געווען יום=טובֿדיק געשטימט. געגאַנגען מיט אימפּעט, א ביסל אָנגעצויגן, נערוועז, געטראָגן בייכיקע טלית=ותפילינס און זאַמטיקעס, משונה=מאָדנע גרויסע פאַראַכאָלן, וואָס נאָר איין גאָט ווייסט דעם אמת — אויף וואָס באַדאַרף מען זיי, אז קיין רעגן גייט נישט און די זון ברענט נישט? דער מחבר פון דער דאָזיקער געשיכטע האָט שוין לאַנג באַמערקט, אז עס געפינען זיך יידן אזוינע, וואָס קאָנען זיך נישט צעשיידן מיטן שירם סיי זומער, סיי ווינטער. וויפל איך האָב מיך שוין אָנגעזען אויף מיין לעבן מיט די דאָזיקע מינים יידן, האָב איך נאָך כמעט קיינמאָל נישט געזען, דער שירם זאָל זיין ביי זיי אָן אויפגעשטעלטער איבערן קאָפּ, ווי עס וואָלט, אייגנטלעך, באַדאַרפט צו זיין. מערסטנטייל באַגעגנט איר א יידן לויפן איינגעבויגן, דער ווינט בלאָזט, שמייסט אין פּנים אַריין, צענעמט אים די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע און פאַרקאַטשעט אים פון הינטן, מחילה, איבערן קאָפּ — און ער מיטן שירם: טיאָפּ=טיאָפּ, פּיטש=פּאַטש איבער די ליטקעס פון די פיס. איך בין א בעלן געווען אמאָל אָפּשטעלן אזא יידן, באַטראַכטן דעם שירם, אים נעמען אין האַנט אריין — וועגט ער, נישקשה, שיינע עטלעכע פונט. ס'איז אים כמעט אוממעגלעך צו עפענען. און אז איר האָט אים שוין אויפגעעפנט, מעגט איר זיך שוין געזעגענען: איר וועט אים צוריק אזוי גיך נישט פארמאַכן. די שטעקלעך זיינע שטעלן זיך פּאָפּעריס מיט די

קעפּלעך ארויף, און פון דעם שירם ווערט א מין פאַראַשוט, וואָס ביי א רעכטן ווינט קאָן דאָס אייך, חלילה, אויפהייבן און אוועקטראָגן איבערנעם מיטן זאַנטיק ווייט־ווייט ארויף, אונטער דער כמאַרע, כמעט ווי מיט אן עראָפּלאַן... נאָר לאָמיר אוועקוואַרפן די זאַנטיקעס און זיך אומקערן צוריק צו אונדזערע יידן.

געגאַנגען זענען זיי געשמיידיק, גלייך ווי עמעצער וואָלט זיי געטריבן האַלדז־אין־נאַקן, אָדער גלייך ווי זיי וואָלטן מורא האָבן פאַרשפּעטיקן ערגעץ אויף א שמחה, א סעודה אָדער אזוי אן אסיפה. און גערעדט האָבן זיי הויך אויף א קול, אַלע אַלע איבערנעם, און מיט הענט, ווי געוויינלעך. נאָר זעלטן האָט געטראָפן, אז מע האָט זיך אָפּגעשטעלט, פאַרלייגט די הענט ארונטער און באַטראַכט די הויכע שיינע רייכע מויערן פון שטאָט, זיך גאָרנישט געקאָנט זאַט אָנקוקן.

— געפעלט אייך, א שטייגער, אָט דאָס הייזל? — רופט זיך אָן איינער, פאַררוקט דאָס היטל, אָטעמט ווי א בלאָז־זאַק און מאַכט מיט די זייטן, ווי אן איינגעמידט פערדל. — איר זענט עפּעס א מבין אויף דעם הייזל? שוין איינמאָל א הייזל!

— יאָ, נישקשה פון א הייזל — ענטפערט אים דער אנדערער שטיל און קוים וואָס ער זשיפּעט.

— וואָס, רעכנט איר, באַדאַרף עס קאָסטן, דאָס הייזל? — מאַכט איינער א יאַדישליוווער מיט גלאַנצנדיקע אויגן און נעמט זיך מיט ביידע הענט אונטער די זייטן.

— דאָס הייזל? — ענטפערט אים איינער מיט א ברייטן שטערן, וואָס ווייזט אויס, א בעל־חשבון און א מבין אויף הייזער. — איך רעכן, אז דאָס הייזל מיטן פּלאַץ באַדאַרף זיין ווערט אָט דאָ, אין דעם שטעטל, נישט ווייניקער פון א מאה אלף.

— כא־כא־כא! — צעלאַכט זיך א יונגערמאַן מיט א בלאַס פּנים, וואָס נאָר־וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שיטן אויף דעם א בערדל. — מאה אלף, זאָגט איר? לאָמיר עס אַלע פאַרמאָגן, וואָס מער...

— בהמה! — רופט זיך אָן דער יאַדישליווער מיט די גלאַנצנדיקע אויגן. — וויבאַלד אז ווינטשן, לאָמיר זיך שוין בעסער ווינטשן פאַרמאָגן, וואָס מען איז שולדיק אויפן דאָזיקן הייזל!...

און עס קייטלט זיך א שמועס וועגן הייזער, א לאַנגער שמועס, אָן א שום צוועק; דאָס איז מער נישט אזאַ אויסרייד. אייגנטלעך, זענען זיי

שוין אלע רעכט מיד פונעם גיין באַרג־אַרויף און וואָלטן אלע חשק געהאַט זיך אָפּשטעלן אויף א ווײַלע איבערכאַפּן דעם אָטעם.

— אפּנים, ס'איז אייך שווערלעך, רבי, צו גיין באַרג־אַרויף? אפשר וואָלט איר אייך צוגעזעצט אָט דאָ ערגעץ אויף א ווײַלע אָפּרוען?

דאָס איז געזאָגט געוואָרן צום אַלטן, וואָס איז געגאַנגען, נישט קוקנדיק אויף זיינע אַכציק יאָר, מיט פעסטע טריט, אויף צו־פריער. און אלע אויסדערוויילטע פון כתרילעווקע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף א ווײַלע, אויפגעהויבן די אויגן און גענומען זוכן אן אָרט פאַרן אַלטן אויף צוזעצן זיך. נאָר איידער זיי האָבן צייט געהאַט ארומקוקן זיך, ווו זיי זענען אין דער וועלט, איז ארויסגעוואָקסן, ווי פון אונטער דער ערד, א נפש, א באוואָפנטער פון אויבן ביז אראָפּ, מיט א רויט פּנים און מיט ווייסע הענטשקעס, און — גלייך אויף זיי!... אלע אויסדערוויילטע האָבן דערפילט, אז ס'איז ביי זיי פאַרקילט געוואָרן דער מאַמעס מילך, און אלע אויגן האָבן זיך געווענדט צום אלטן, וואָס וועט ער זאָגן? דער אלטער האָט אָבער נישט געזאָגט דאָס צווייטע וואָרט. ער האָט זיך נאָר אָנגעלענט אויפן אַלטן שטעקן און געגאַנגען מיט די זעלבע פעסטע טריט פאָרויס, ווי אן אמתער גיבור, און אלע נאָך אים, אזוי, אז דער אָנגעוואָפנטער נפש איז געבליבן שטיין אין דער הינטער־פלעט, נישט צו וויסן, וואָס טוט מען מיט זיי? פאַרהאַלטן? — ווייסט ער נישט פאַרוואָס? וועמען שטערן זיי? דורכלאָזן? — ווי אזוי ווערט מען נישט געוויר, וואָס דאָס זענען פאר א מינים באַשעפענישן אויף דער וועלט? האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צוריק און נאָכגעקוקט זיי מיט די אויגן ביז העט־ארויף. דאָרט האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט און אָנגעקלונגען אין א טויער פון א רייך גרויסאַרטיק הויז.

איצט פרעגט זיך: ווהין זענען דאָס געגאַנגען, אייגנטלעך, די דאָזיקע אויסדערוויילטע פון כתרילעווקע? צו וועמען און צוליב וואָס? דאָס איז מען געגאַנגען צו די נגידים קלויבן נדבות, בעטן ברויט, וועקן רחמנות אויף דער אָרעמער עלנטער שטאָט כתרילעווקע. אן אומגליק האָט געטראָפן אין כתרילעווקע. איר קענט מיך נישט פון נעכטן. איר ווייסט, אז איך בין נישט קיין מענטש פון אָנזאָגן שלעכטע בשורות. נאָר וואָס זאָל מען טאָן — עס איז געקומען די צייט, וואָס איר דאַרפט עס וויסן:

רבותי! כתרילעווקע איז אָפּגעברענט געוואָרן!

## קאַפּיטל ב.

# פישל רייסט די וועלט

יאָ, ליבע פריינד, כתרילעווקע איז אָפּגעברענט געוואָרן. נאָר איר מיינט, עפּעס גלאַט אַזוי אָפּגעברענט געוואָרן?

עס זענען דעם זומער, נישט צו פאַרזינדיקן, אָפּגעברענט געוואָרן געננוג יידישע שטעט און שטעטלעך. נאָר וואָס דען? ס'איז אַ חילוק; ברענען צו ברענען איז נישט גלייך. כתרילעווקע האָט זיך געוואָלט, אפנים, אויסטייטשן פאַר דער וועלט, האָט זי זיך אָנגערופן צו די איבעריקע יידישע שטעט: „וואָס, איר ברענט? כאַ־כאַ! לאָזט מיך, אָט וועט איר זען, ווי אַ שטאָט ברענט!“ און כתרילעווקע האָט זיך אָנגעצונדן ווי אַ ליכט... נאָר ניין. מיר לאָזן איבער די באַשרייבונג פון דער כתרילעווקער שרפה פאַר אונדזער קאָלעגע, פישל דעם קאָרעספּאָנדענט — דאָס איז זיין אַרבעט. באַלד אויף מאָרגן נאָך דער גרויסער שרפה האָט פישל קאָרעספּאָנדענט, וואָס איז אַליין אויך אָפּגעברענט געוואָרן, קוים מיטן לעבן אַרויס, ערגעץ געקריגן מיט נסים אַ טינט־און־פעדער און האָט צעשיקט קאָרעספּאָנדענציעס אין אַלע יידישע צייטונגען אין זייער אַ שיינער מליצה־שפּראַך און מיט אַ זעלטן שיינער האַנטשריפט, בזה הלשון:

„אַ קול אין הימל טוט זיך הערן! די טאָכטער כתרילעווקע וויינט אויף איר גרויסן אומגליק — זי וויל זיך נישט טרייסטן! אַ בראָך אויף אַ בראָך! אַ וווּנד אויף אַ וווּנד! כתרילעווקע איז נאָך נישט געקומען צו זיך נאָך דער „בהלה“, וואָס אויף איר איז געווען, האָט זיך אויסגעגאָסן אויף איר אַ נייער גרימצאָרן, זי האָט אויסגעטרונקען דעם ביטערן כוס פון גאָטס האַנט — אַ פייער האָט אַראָפּגענידערט פונעם הימל און אָנגעצונדן די שטאָט פון איין עק ביזן אַנדערן עק, אויסגעלעקט ביזן אָפּגרונט — גאָט נישט געהאַט קיין רחמנות אויף די הייליקע בתי־מדרשים, און אויך קינדער, קליינע, זויגנדיקע פון דער ברוסט, זענען אַרויף מיטן פייערדיקן פלאַם אין הימל אַריין. און אויך אַלטע מענטשן, אָרעמע, קראַנקע און שוואַכע, זענען געווען אַן עסנוואַרג פאַרן פייער אינעם טאָג, וואָס גאָט האָט אונדז געמאָן באַשטראָפן בכפל כפלים פאַר אונדזערע גרויסע זינד, און אפילו אויף זיין הייליקער תורה האָט גאָט קיין רחמנות נישט געהאַט, זי איז פאַרברענט געוואָרן אינייִנעם מיטן אַלטן בית־המדרש, און מיר געפינען זיך איצט אונטער דער דעק פונעם הימל עלנטע, נאַקעטע און באָרוועסע, הונגעריקע

און דאַרשטיקע, און ווי די אינדן אויף די אויסגאַנגען פון די וואַסערן, אַזוי קוקן אַרויס אונדזערע אויגן צו אונדזערע באַרעמהאַרציקע ברידער, די קינדער פון די באַרעמהאַרציקע: מיר בעטן אייך! דערבאַרעמט אייך! ליטזעליקט אונדז! לאָזט אויפגעוועקט ווערן רחמנות אין אייערע גוטע הערצער און לאָזן אייערע באַוויליקטע הענט אויסשטרעקן אונדז הילף וואָס גיכער, וואָרום מיר זענען פאַראָרעמט געוואָרן זייער! זייט אונדז אַ דערגערונג און לאָזט נישט פאַרלוירן גיין דאָס איבערגעבליבענע ביסל יעקב!"...

דאַכט זיך, וואָס וואָלט געווען פאַר אַן אומגליק, אַז די דאָזיקע האַרצרייסנדיקע קאָרעספּאָנדענציע, וואָס איטלעכס וואָרט פון איר איז אַ זיפץ און איטלעכס אות — אַ טרער, זאָל טאַקע, חלילה, זיין געדרוקט אין אַ יידיש בלאַט? ניין. האָט מען גענומען פישלס האָרעוואַניע נעבעך צו פאַרקירצן, קוועטשן און אַרויסקוועטשן פון איר דאָס תמצית, און מע האָט ערגעץ אין אַ ווינקעלע מיט גאַנץ קליינע אותיות אַריינגעקוועטשט קוים דרייטהאַלבן שורהלעך.

„אָפּגעבראָכענע כתרילעווקע, נישט באַגאַנגען זיך אָן מענטשלעכע קרבנות. מע בעט הילף".

אמת, די צייטונגען פאַרענטפערן זיך אפילו, אַז זיי זענען נישט שולדיק. זיי האָבן, זאָגן זיי, פונעם דאָזיקן פישל פון כתרילעווקע כמעט אַלע טאָג אַ קאָרעספּאָנדענציע; זיי זאָלן וועלן, זאָגן זיי, דרוקן אַלצדינג, וואָס דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענט שרייבט זיי, וואָלטן זיי באַדאַרפט, זאָגן זיי, אַרויסגעבן פון די קליינע מענטשעלעך וועגן אַ באַזונדער בלאַט און האַלטן אַ באַזונדערע דרוק מיט באַזונדערע מענטשן.

טאַקע גאָר חידושים און נפלאות! קומט צו עפּעס, אַזוי ווערט כתרילעווקע ביי איטלעכן גרויס אין די אויגן. די זעלבע רעדאַקטאָרן און אַרויסגעבער, אַז זיי האַלטן ביי אַרויסלאָזן נייע בלעטער מיט נייע ביכער. זשאַלעווען זיי נישט פאַר כתרילעווקע קיין לאַנגע שיינע פּראָספּעקטן, שעמען זיך נישט אָנרופן די קליינע מענטשעלעך מיט נאָמען „פיל געערטע און זייער געליבטע אַבאָנענטן". אמת, מיט קיין סך אַבאָנענטן אויף זייערע בלעטער אין כתרילעווקע קאָנען זיי זיך נישט באַרימען — אַרום און אַרום האָבן זיי אין גאַנץ כתרילעווקע בסך־הכל איין אַבאָנענט, זיידל, אונדזער אַלטער באַקאַנטער זיידל רב שעיהס, וואָס ביי אים געניסט שוין אויף צו לייענען אונדזער קאָרעספּאָנדענט פישל, און נאָך אים אַלע איבעריקע, וואָס גאָרן נאָך אַ געדרוקט וואָרט. נאָר וואָס געהער זיך עס אָן מיט פיש-

לען? פאַרוואָס גייען זיינע אַלע בריוו מיט אַלע זיינע שרייבעכצן גלייך אונטערן טיש אין קויש אַריין, נאָך איידער מע ווייסט, וואָס דאָרטן שטייט? פאַרוואָס, אַז סע קומט אונטער אַ יום=טוב און דער רעדאַקטאָר טרעט אַרוים מיט שיינע געצאַצקעטע ווערטער וועגן דעם פאָלק ישראל, צעהיצט ער זיך און זאָגט:

„ווער האָט געציילט דעם שטויב פון יעקבן?

און ווער האָט גערעכנט די צאָל פון די ריטער ישראל?“

מיינט ער נישט אויך די קליינע מענטשעלעך בתוכם? צי, למשל, יענע מוסר=זאָגער, די וואָס זעצן אויס אונדזערע פעלערן, רופן אונדז אָן מיט שיינע נעמען „עקספּלאָאַטאַטאָרן“, „וועלט=פרעסערס“, „בלוטזויגערס“ וכדומה, — מיינען זיי דען נישט אויך די כתרילעווקער יידן בתוכם? כתרילעווקע מעג טאַקע אויף זיי זאָגן: „צו אַ פגירה בין איך אויך אַ בהמה“.

מיינט נישט פונדעסטוועגן, אַז נאָך דער שרפה האָט מען זיך באַנוגנט נאָר מיט פּישלם קאָרעספּאָנדענציעס אַליין: עס זענען צעשיקט געוואָרן אויך בריוו — זייער שיינע מליצה=בריוו, טאַקע פּישלם אַרבעט, בכל תפוצות=ישראל, אומעטום ווו עס איז פאַראַן ערגעץ אַ גביר מיט אַ נאָמען, וואָס לאָזט זיך הערן אויף דער וועלט: קיין יעהופּעץ, קיין אָדעס און קיין מאָסקווע, און קיין לאָנדאָן און אפילו קיין פּאַריז, צום גרויסן=גרויסן ראָטשילד אַליין. עס זאָל אייך קיין חידוש נישט זיין, ווי קומט דאָס, וואָס כתרילעווקע זאָל אָנשפּאַרן אַזש קיין פּאַריז, צו ראָטשילדן! שטעלט אייך פאָר אַ מעשה, אַז אַ צייט מיט יאָרן פלעגט כתרילעווקע באַקומען אַלע ערב=פסח פון פּאַריז, פון ראָטשילדן, אויף רב יוזיפלס אַדרעס הונדערט פראַנק מעות=חיטים. אמת, שוין פון אַ צייט, אַז ראָטשילד האָט אויפגעהערט זיי צו שיקן בעות=חיטים, מע ווייסט נישט, פאַרוואָס; נאָר פונדעסטוועגן שרייבן זיי צו אים בריוולעך אַלע מאָל, ווען עס מאַכט זיך עפּעס ביי זיי אַ שמחה אָדער, חלילה וחס, נישט אין אַזאַ שעה אויסגערעדט זאָל זיין, אַן אומגליק, אי, פאַרוואָס האָבן זיי פון אים קיין שום תשובה שוין אַזוי פיל יאָרן? דאָס איז קיין קשיה נישט! אפשר האָט זיך אים צוגעגעסן לייענען זייערע לאַנגע מגילות? — קרעפּלעך עסן, זאָגט מען, ווערט אויך נמאס! און אפשר איז דער אַדרעס נישט געשריבן, ווי עס באַדאַרף צו זיין? און אפשר האָט זיך געטראָפן דאָרטן ביי ראָטשילדן אין פּאַריז דאָס, וואָס, להבדיל, ביי פרעה מלך מצרים האָט זיך געטראָפן, ווי אין פסוק שטייט: ויקם מלך חדש — ס'איז אויפגעשטאַנען אַן אַנדער מלך, אשר

לא ידע את יוסף — וואָס האָט זיך געמאַכט נישט ווילנדיק... איך רעד פון ראָטשילדס סעקרעטאַר, פון דעם, וואָס נעמט אָפּ די פּאָסט און לייענט איבער אַלע בריוו. די, וואָס געפעלן דעם סעקרעטאַר, די באַווייזט ער אים, און די בריוו, וואָס געפעלן אים נישט, זאָגט ער: „זה חליפתי, זה כפרתי“ — און מאַרש אונטערן טיש... פאַר געוויס ווייס איך נישט; נאָר איך מיין, אַז אַזוי באַדאַרף עס זיין.

הקיצור, איך זעט שוין, אַז כתרילעווקע איז, ברוך השם, אַזאַ שטאָט, וואָס זי שטייט אין פאַרבינדונג, קאָרעספּאָנדירט מיט דער גאַנצער וועלט. און ווייבאַלד עס האָט זיך נאָר געטראָפן ביי זיי דאָס גרויסע אומגליק, אַזוי האָט מען שוין די רגע געגעבן צו וויסן דורך פישל קאָרעספּאָנדענט, אויסגעפּויקט איבער דער גאַנצער וועלט, און אַרויסגעקוקט: טאָמער וועט זיך עמעצער אָנרופן אויף דער גרויסער צרה, וואָס זיי אין געשען.

## קאַפּיטל ג.

## כתרילעווקע ברענט ווי א ליכט

פון וואַנען האָט זיך גענומען דאָס אומגליק? — פון דעם אַלטן כתרילעווקער מרחץ, וואָס מיר האָבן עס שוין אַמאָל באַשריבן. אַז אָבאַפּעלעק האָט זיך איינמאָל אין א דאָנערשטיק אָנגעצונדן, און עס האָט באַלד אַ כאַפּ געטאָן דעם דאַך, און עס האָט נישט געדויערט קיין סך — איז דאָס גאַנצע מרחץ געווען איין שטיק פייער. און אַז „אדם“ מיט „חוהן“, דער בעדער מיט דער בעדערין, זענען אַרויסגעשפּרונגען פון באָד קוים לעבעדיקע, איז דאָס ערשטע, וואָס זיי איז געקומען אויף דער מחשבה: „אוי־וויי, דער רבי!“ — אין איין כהרף־עין איז „אדם הראשון“ (דער בעדער) געווען אין שטוב, און ווי מע טראָגט אַ קליין קינד פון וויגעלע, אַזוי האָט ער אַרויסגעטראָגן דעם רב רב יוזיפל אויף זיינע געזונטע גרויסע הענט, און רב יוזיפל דער רב האָט ווי אַ קליין קינד זיך פאַרשטעלט די אויגן פונעם פייער, וואָס האָט באַלויכטן דעם גאַנצן טייך מיט די וועבעם, מיטן געמויזעכטס, מיט א גאַנץ שטיק הימל, וואָס אהין האָט זיך געצויגן דאָס פייער און זיך געקויקלט דער רויך, דער געדיכטער רויך, דורכגעוואָרפן אַלעמאָל גרויסע און קליינע פונקען, און האָט מיטאַמאָל באַקומען אַן אַנדער פּנים, אַ מאָדנעם חן, געוואָרן רויט: דער טייך רויט, דער

הימל רויט, די וועדבעס רויט, די מענטשן רויט — רב יוזיפל האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ מין רויטקייט און אַזאַ מין שיינקייט נישט געזען, און ער האָט נישט געקאָנט איינהאַלטן זיך פון התפעלות. און אַז „אהם הראשון“ האָט אים אַנידערגעשטעלט אויף דער ערד, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין: „ווי שיין איז גאָטס וועלט און וואונדערלעך!“ — און האָט זיך אָבער באַלד פאַרכאַפּט און אַ קער געטאָן זיך צו „אדם“ מיט „חוהן“:

— קינדערלעך, האָט עס אייך, חלילה, נישט געשאַדט אין די נפשות? דאַנקען השם יתברך, וואָס איר זענט נישט געשטראָפט געוואָרן מיט פייער...

— נישט געשטראָפט געוואָרן מיט פייער? — האָט זיך דער בעדער נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַ זאָג געטאָן מיט אַ ביטער געלעכטער — מיט וואָס האָט אונדז דען גאָט געשטראָפט: מיט וואַסער?

— נישט דאָס מיין איך — פאַרענטפערט זיך דער רב. — איך מיין דעם נס, וואָס מיר זענען ניצול געוואָרן מיטן לעבן, געלויבט דער בורא.

— מיטן לעבן? וואָס טויג אונדז שוין דאָס לעבן, אַז מיר האָבן נישט קיין באָד?

— רעדסטו ווי אַ קינד — מאַכט צו אים רב יוזיפל און פאַרשטעלט זיך מיט ביידע הענט פונעם פייער — ווי אַ קינד רעדסטו! ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז דו באַדאַרפסט האָבן אַ באָד? אַז דו ביסט געבוירן געוואָרן ביסטו דען געבוירן געוואָרן, נאַרעלע, מיט אַ באָד? צי דו האָסט גערעכנט איבער הונדערט יאָר אויף יענער וועלט, אם ירצה השם, קומען מיט אַ באָד? אַמאָל איז געווען אַ מלך...

און רב יויזיפל האָט געוואָלט דערציילן זייער אַ שיינעם משל מיט אַ מלך, ווי זיין שטייגער איז; האָט אים דער בעדער, מחילה, איבערגע־שלאָגן סאַמע אין אָנהייב:

— וואָס מיר מלך? ווער מיר מלך? איר טוט בעסער אַ קוק, זייט מוחל, ווי דאָס פייער קויקלט זיך מיר עפּעס, עפּעס אַהין, אין שטאָט אַריין, און דער ווינט בלאָזט מיר עפּעס צו געשמיידיק! איך האָב מורא, עס זאָל נישט אָננעמען לוי־מרדכי דעם קצבס שטוב מיט די שטאַלן, דעמלט איז — זיי געזונט, כתרילעווקע!...

און ווי אין אַזאַ שעה אַרויסגערעדט — עס האָט אַ וואָרף געגעבן דאָס פייער אויף לוי־מרדכי דעם קצבס שטוב מיט די שטאַלן, און עס איז מיטאַמאָל באַלויכטן געוואָרן אַ נייער שטיק הימל. עס האָט זיך געלאָזט

הערן א קנאקן מיט א טרישטשען, מיט א מעקען פון ציגן, און עפּווּ
אַ פּאָר האָבן זיך פון ערגעץ געלאָזט לויפן העגדוס-פּענדוס, אַראָפּ-אַ-באַרג,
צעלאָזט די פליגלען און אויפגעבלאָזן די פעדערן, און גיך איז באַלויכטן
געוואָרן דער גאַנצער באַרג מיט דער גאַנצער שטאָט מיטן גאַנצן הימל.
אַ משונה-מאָדנע געשריי מיט אַ הילך לאָזט זיך הערן פון שטאָט אַזש
אַהער, דאָס געשריי וואַקסט אַלעמאָל שטאַרקער און שטאַרקער און ווערט
צונויפגעגאָסן איניינעם מיט אַ בילן פון הונט, מיט אַ רעווען פון קי, מיט
אַ קוויטשען פון ווייבער, מיט אַ וויינען פון קינדער און מיט אַ שרייען: „וואַ-
סער! עמער! ראַטעוועט! גיכער! סע נעצט! סע ברענט!" פּלוצעם זעט מען
שפּרינגען אַראָפּ-אַ-באַרג צום טייך אַ האַלעוועשקע אויף פיר פיסלעך; די
האַלעוועשקע טאַנצט, מאַכט מיט די הערנער און פליט גלייך צום טייך,
דערלויפט נישט אָבער און פאַלט אַנידער און ציט זיך אויס אויף דער ערד
מיט די פיסלעך אַרויף, און ציטערט, און פאַרן טויט, און לאָזט אַרויס
אויף אַ צוגעלעגערט קול אַ מאָדנע: „מע-ע-ע!" — דאָס האָט אַ ציג נעבעך
פאַר גרויס נאַרישקייט געגומען און איז אַרייננעשפּרונגען אין פייער אַריין
און האָט באַלד הרטה געקריגן און אַרויסגעשפּרונגען צוריק; ס'איז שוין
אָבער געווען שפּעט — ס'האָט זיך אָנגעצונדן אויף איר דאָס פעלצל און
גיך פאַרסמאַליעט געוואָרן, האָט זי זיך געלאָזט לויפן, האָפּ-האָפּ, משוגע-
נערהייז, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, אָן אַ שום פּלאַן און אָן אַ שום
שכל.

נישט קיין גרעסערער שכל איז געלעגן אינעם לויפן פון די כתריל-עווי-
קער יידן און ווייבער, וואָס האָבן זיך געוואָרפן פון איין גאַס אין דער אַנט-
דערער, ווי פאַרסמטע מייז, אָדער ווי נישט-דערקוילעטע הינער, שוואַרץ
פון רויך, ווי די מלאכי-חבלה, און אָנגעזאָגט איינס דאָס אַנדערע
אַ בשורה:

— איר ווייסט? אלי-דוד ברענט!

— איר ווייסט? עס האַלט שוין ביים מאַרק!

— איר ווייסט? עס ברענט די גאַנצע שטאָט! אַ הונער איז מיר, די
גאַנצע שטאָט!

— ווי אַ ליכט! ווי אַ סטערינעווע ליכט.

און סע בושעוועט דאָס פייער און סע שטורעמט, ווי דער ים, אַז ער
צעשפּילט זיך, און דער ווינט טראָגט גאַנצע האַלעוועשקעס, גאַנצע סנאָ-
פּעס שטרוי, און פונקען פליען אָן אַ שיעור. די פונקען פאַלן אויף די גוט-
אויסגעטריקנטע פון אַלטקייט שטרויענע און הילצערנע דעכער, און עס

הערט זיך אַ קנאַקן מיט אַ וואַלגערן, אַ פֿאַלן מיט אַ זעצן, אַ ברעכן מיט אַ טרישטשען — און דאָס אַלץ ווערט ווי צונויפֿגעגאָסן אינײַנעם מיטן געשריי און מיטן הילך, מיטן קוויטשען און מיטן וויינען, און שדים, רוחות, נישט קיין מענטשן, לויפֿן, דער אַהין, דער אַהער, משוגענערווײַז, וואַרפֿן זיך אויף אַלע זײַטן, ווי פֿאַרסמטע מײַז, ווי נישט־דערקוילעטע הינער, און דאָס גרויסע ליכטיקע פֿײַער באַלײַכט און באַשײַנט זייערע ווילדע פֿינצטערע איבערגעשראָקענע פּנימער — און כתרילעווקע ברענט, ברענט ווי אַ ליכט.

קאַפּיטל ד.

## רב יוזיפֿל האלט מלחמה מיטן רבונו־של־עולם

אַז דאָס מרחץ האָט נאָך געהאַלטן אין ברענען, האָט זיך נישט „אדם“, נישט „חוה“ אומגעקוקט אויפֿן רב ר׳ יוזיפֿל. נאָך שפּעטער, אַז פֿונעם באָד איז נאָר געבליבן דער אײַזערנער קעסל מיטן קוימען (אַפֿילו די מקוה האָט אויך אויסגעברענט ביזן דעק), האָבן „אדם“ מיט „חוה“ זיך געגעבן אַ כאַפּ צום רבין — נישטאָ דער רבי! אומזיסט האָבן זיי אים געזוכט בײַם ברונעם, בײַם ברעג פֿונעם טײַך, בײַם געמויזעכטס, און נאָכדעם אין שטאָט, צווישן די ברענענדיקע גאַסן.

— האָט איר נישט באַגעגנט ערגעץ דעם רבין? — האָט דער בעדער זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ די אַנטלאָפֿענע אומגליקלעכע נשׂרפֿים פֿון שטאָט. נאָר די אומגליקלעכע אַנטלאָפֿענע פֿון שטאָט זענען געווען אַזוי צעטומלט, אַז זיי האָבן גאָרנישט געהערט, וואָס מע רעדט צו זיי, און געפֿרעגט, ווי פֿאַרחידושטע, געקוקט מיט מוראדיקע אויגן:

— וואָסער רבין? וועמענס רבין?

ווו זשע איז געווען דער רב ר׳ יוזיפֿל? רב יוזיפֿל דער רב, אַז ער איז געקומען צו זיך און דערזען, אַז די גאַנצע שטאָט שטייט אין סכנות, האָט דאָס אים אויפֿגעטראָגן אין דער לופֿטן, און ער האָט געכאַפּט דאָס אַלטע אַרויסגעראַטעוועטע שטרײַמל מיטן אַלטן שטעקן און האָט זיך געלאָזט גיין צו זײַנע יידן אין שטאָט אַרײַן, גאָרנישט טראַכטנדיק, וויהין ער גייט און צוליב וואָס. פֿאַר זײַנע אַכציק יאָר איז דאָס געווען נישקשה פֿון אַ שפּאַ־

ציר. נאָר דערזען פאַר זיך אַ גאַנצן ים פון פייער, האָט ער נישט געפילט די פיס. עס האָט אים געטראָגן ווי אויף פליגלען אַהין, צום אַלטן בית=המדרש צו, ווו ער האָט דאָס גאַנצע לעבן זיינס פאַרבראַכט מיט גאָט. טוין זשע וועט דער אויבערשטער נישט מאָל קיין גם מיט זיין אייגן הויז? שוין זשע וועט דער רבונו=של=עולם נישט באַשיצן זיין תורה, זיין אייגענע תורה?

מיט די דאָזיקע מחשבות איז אונדזער רב יוזיפל אָנגעקומען צום אַלטן בית=המדרש פונקט אין דער צייט, ווען אַרום און אַרום האָט געבושעוועט דאָס פייער. רויטע צונגען האָבן זיך געריסן פון אַלע זייטן און האָבן באַלויכטן דעם האַלב=איינגעפאַלענעם דאַך מיט די אָפּגעקאָלופּעטע געלע ווענט פון דעם אַלטן=אַלטן כתרילעווקער בית=המדרש. אָט=אָט, נאָך אַ מינוט — און גאָטס הויז ווערט אַרומגענומען מיט פייער.

און רב יוזיפל קאָן נישט משיג זיין מיטן שכל, ווי שווייגן דאָס יידן? פאַרוואָס ראַטעוועט מען נישט דאָס בית=המדרש? די הייליקע ספרים? ספרי=תורות? אנשטאט דעם זעט ער לויפן יידן הין און צוריק, ווי ווילדע בהמות, שפרינגען אין פייער אַריין, ראַטעווען אַלטע קראַנקע ווייבער, קליינע קינדער, בעטלעך, בעטלעך קישנס, טעפּלעך, סקאַרב און בעבעכעס — און גאָטס הויז האָט מען פאַרגעסן, מפקיר געווען — ווי געשיקט זיך עס?!... רב יוזיפל פרווט זיך שרייען, רופן צו הילף: „דאָס מקום=קדוש! דאָס בית=המדרש!“ — קיינער הערט אים נישט. נאָך אַ מינוט — און רב יוזיפל איז אַליין אין שול, און גלייך צום ארון=קודש, אַרויסגעצויגן איין ספר=תורה און די אַנדערע ספר=תורה, קום אַרויס מיטן לעבן אויף דער גאַס, אַוועקגעלייגט זיי ווייט פאַר דער טיר, אויף אַ צעבראָכן בענקל, וואָס עמעצער האָט אַרויסגעשליידערט פון אַ שטוב, און אַליין אַוועקגעשטעלט זיך נעבן זיי און אָנגערופן זיך צום רבונו=של=עולם אויף אַ קול:

— וואָס איך האָב געקאָנט, האָב איך געטאָן, וויפל איך האָב געקאָנט, האָב איך אַרויסגעראַטעוועט; די איבעריקע ספרים האָב איך איבערגעלאָזט אויף דיר. איך טרעט נישט אָפּ פון דאַנען אויף אַ רגע אפילו. לאָמיר זען, ווי אַזוי דו וועסט פאַרברענען דיין אייגענע תורה, וואָס דו האָסט אונדז געגעבן דורך משה דיין קנעכט אויפן באַרג סיני!...

אין דער מינוט איז אָנגעקומען דער בעדער, אונדזער באַקאַנטער „אדם הראשון“. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז דער אַלטער דאַרף זיין ערגעץ ביי דער שול. דערזען דעם רבין שטיין נעבן ברענענדיקן בית=

המדרש, האָט „אדם הראשון“ נישט געמאַכט מיט אים קיין לאַנגע מחזיקות, אים אַ נעם געגעבן אין זיינע געזונטע האָרעפּאַשנע אָרעמס און איינגעם מיט די צוויי ספרי־תורות אים אוועקגעשלעפּט פון פייער צו־ריק, אַראָפּ־אַראָפּ, צום אָפּגעברענטן מרחץ, וואָס ביים ברעג פונעם טייך.

קאַפּיטל ה.

## נאָכן חורבן

דער מנהג פון דער וועלט איז, אַז בשעת מלחמה קוקט מען זיך אַזוי נישט אַרום אויפן אומגליק, ווי נאָכדעם, און די געפאַלענע ציילט מען ערשט דעמלט, אַז עס ווערט אויס געשלעג, און אַז אַלץ גייט איבער הייבט מען ערשט דעמלט אָן אונטערפירן חשבונות וויפל מען האָט אין דער הריגה פאַרלוירן.

אין כתריאלעווקע איז אויך אַזוי געווען. מע האָט אָנגעהויבן זיך אַרומ־קוקן ווי ווייט דאָס אומגליק איז גרויס, ערשט אויף מאָרגן נאָך דער שרפה. תחילת האָט מען, געוויינטלינד, דערציילט איינער דעם אַנדערן חי־דושים, ווי אַזוי און ווען און ווו מען איז געוווּיר געוואָרן, אַז עס ברענט; דערביי האָט איטלעכער, געוויינטלעך, געהאַט צו דערציילן זיין מעשה, אַ לאַנגע מעשה: ווי אַזוי ער איז געכטן, ווי אויף צו־להכעיס, געקומען פרי פאַרנאַכט אַהיים, מחמת אַ גאַנצן טאָג איז נישט געווען וואָס צו טאָן, און, ווי אויף צו־להכעיס, איז ער דעם אויפדערנאַכט געווען הונגעריק, ווי אַ הונט, און, ווי אויף צו־להכעיס, איז נישט געווען וואָס צו עסן, האָט ער זיך אויף צו־להכעיס געלייגט פרי שלאָפן, און, ווי אויף צו־להכעיס, האָט ער מחמת הונגער נישט געקאָנט אַנטשלאָפן ווערן, און, ווי אויף צו־להכעיס, איז ער אַ האַלבע שעה פאַר דער שרפה דווקא אַנטשלאָפן גע־וואָרן, און דווקא געשמאַק. פלוצעם הערט ער אַ געוואַלד: „סע נעצט, סע ברענט!“...

דער אַנדערער דערציילט אַ שענערע מעשה, און נאָך אַ לענגערע, ווי יענער: ווי אַזוי ער איז נעכטן אויפגעשטאַנען גאַנץ פרי, כמעט פאַרטאָג און איז אַרויסגעקומען אין מאַרק אריין, געמיינט, טאָמער וועט ער עפּעס האַנדלען, וואָס ס'וועט זיך מאכן: אַ טכוירל, אַ ביסל פּאָלאָווע, אַ זעקל

קאַרטאָפליעס, אָבי עפּעס פּאַרדינען, צום סוף — איז נישטאָ קיין לעבעדיקער נפש: סך הכל איין ערל מיט אַ זעקל קוילן. פרעגט ער אים: „גוי, וואָס ווילסטו פאַר די קוילן?" זאָגט ער: „אַ גילן". פרעגט ער: „אפשר וועט זיין גענוג אַ גריוונע?" זאָגט ער: „אַ גילן". ער האָט זיך איינגעהזרט אַ גילן — כאָטש נעם גיב אים אַ קרענק! האָט ער אָװעקגעקױפט בײם ערל דאָס זעקל קוילן, גענומען דאָס זעקל קוילן, מחילה, אויף די פּלייצעס — און אזוי ווייטער און ווייטער, א מעשה אויף דריי זייגער=שעה, ביז ער קומט אַרויף אויף דער שרפה. און סע לאָזט זיך אויס, אַז בשעת די שרפה האָט זיך אָנגעהויבן איז ער געשלאָפן ווי אַ געהרגעטער, ווײַ האָט אים קוים=קוים אויפגעוועקט.

דער דריטער דערציילט נאָך אַ שענערע מעשה. הייבן הייבט ער אָן אַזש פון אייערנעכטן, און דערציילט אַ לאַנגע=לאַנגע מעשה, נאָך אַ לענגערע פון יענער, וואָס מיטן זעקל קוילן, און פּלוצעם מישט זיך אַריין אינעם שמועס אַ יידענע און לייקנט אָפּ די גאַנצע מעשה:

— ווייס איך וואָס זיי וועלן אייך דערציילן מעשיות, נעכטיקע טעג! אָט וועל איך אייך דערציילן ווי אַזוי ס'האָט זיך אָנגעהויבן: איך האָב דעם דאָזיקן דאָנערשטיק, וואָס פאַר דער שרפה, געשטשעשיגעט חלה פון דער מעל, וואָס בערל ברכהס האָט געבראַכט צו פירן, שיינע מעל, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן, אַזאַ יאָר אויף אונדזערע שונאים, אַז בסך=הכל כאַפּט זי גאָר אַ ביטערקייט...

און סע גייט אַוועק אַ געשיכטע פון דריי זייגער=שעה, אַ דערציילונג פון ביטערע מעל, מיט ביטערע הייוון, מיט אַ מולטער, וואָס אירע אַ שכנה, פעסל הייסט זי, אַ פעסל פון גאָט!... און אַזוי ווייטער — אַ מעשה אָן אַן עק, און עס ווייזט זיך אייך אויס, אַז צו דער שרפה וועט זי נישט קומען קיינמאָל, פיל זי וועט לעבן!

און אינײנעם מיט די דאָזיקע שיינע מעשיות און דערציילונגען פון דער שרפה לאָזט זיך הערן אויך אַ געוויין, אַ יללה, אַ יאָמער, אַ קלאָג פון פאַרביטערטע הערצער, פון באַליידיקטע נשמות, פון פאַרוואָגלטע, עלנטע, אָרעמע, אָרעמע, אָרעמע! דאָרט שטייט אַ מוטער און ברעכט די הענט און קלאָגט אויף איר ברעקעלע קינד, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן נעבעך אינײנעם מיטן וויגעלע; און דאָרט באַוויינט אַ ייד שטילערהייט זיין אַלטן קראַנקן פאָטער, וואָס איז גראָד יענע נאַכט געשלאָפן אויפ=

בוידעם — קיינמאָל נישט און איצטער יאָ, און איז דאָרט פאַרברענט געוואָרן צו אַש... און דאָ גייט אַרום אַ מיידל און שלאָגט זיך מיט די הענט אין קאָפּ: די מאַמע! די מאַמע! די מאַמע!

— — — — — — — — — — — —

האָט קיין פאַראיבל נישט, פריינד לעזער, וואָס איך האָב איבער אײַך מיטן. מײַן מוזע, די וואָס שטייט איבער מיר בשעתן שרײַבן, איז, ווי אַלע כתרילעווקער לײַט, אַ פריילעכע נשמה, אַן אָרעמע, נאָר אַ פריי־לעכע. זי האָט פײַנט טרערן, זי האַלט נישט פון טרויעריקע סצענעס. זי זאָגט, אַז טרערן זענען נאָר די, וואָס זענען נאַס און גלאַנצן; די אַלע אי־בעריקע טרערן, וואָס דער שרײַבער גיסט אויף פּאַפּיר — דאָס זענען, זאָגט זי, טרוקענע, געמאַכטע טרערן, וואָס האָבן נישט קיין ווערט. זי האַלט, אַז אַ ווייטיק איז נישט דער, וואָס מע גיט אים איבער, נאָר יע־נער, „וואָס מוט ווײ“... דערפאַר לאָזן מיר איבער די שרעקלעכע טרויע־ריקע סצענעס, גייען אַוועק פון דאַנען אַ ביסעלע ווײַטער און שטעלן זיך אָפּ נאָר בײַ די היזיקות, וואָס מײַנע כתרילעווקער באַלעבאַטים האָבן גע־האַט פון דער שרפה. דער חסרון איז אָבער, וואָס עס לאָזט זיך גאָרנישט באַרעכענען דעם גרויסן היזק, וואָס כתרילעווקע האָט געהאַט. דאָס איז ערשטנס. והשנית, וואָס וועט העלפן דאָס רעכענען? אפּנים, עמעצער וועט זיי דען אומקערן? די געזעלשאַפטן, וואָס אַסעקורירן פון פײַער האָבן זיך ווי צוגעפֿנערעדט און האָבן שוין כתרילעווקע אויסגעשטרײַכט פון דער לאַנד־קאַרטע, גלײַך ווי ס'איז גאָר קיינמאָל קיין כתרילעווקע נישט געווען אויף דער וועלט אפילו! הײַנט גלאַט, ווער איז דאָס אימ־שטאַנד צו שאַצן יענעמס גוטס, ובפרט נאָכדעם, אַז ס'איז שוין לאַנג אַוועק מיטן ווינט און מיטן רויך? באַלעבאַטישקייט בכלל, און כתרילעווו־קער בפרט, האָט גאָר אַן אַנדער ווערט, וואָס לאָזט זיך נישט שאַצן. אַלטע שמאַטעס, צעבראָכענע דראָבעס, זענען בײַם אָרעמאַן זייער טײַער (אויב נישט נאָך טײַערער), ווי די שענסטע שפּיגלען מיט די טײַערסטע כלים בײַם נגיד. בײַם נגיד, אַז סע ווערט פאַרפאַלן אַ זאַך, קאָן ער פאַר געלט קויפן אַן אַנדערע זאַך! דעם אָרעמאַן ווער וועט אומקערן דאָס, וואָס דאָס פײַער האָט צוגענומען?

אַזוי האָבן געחקירהט די כתרילעווקער נשרפים און האָבן אַרויס־געזען, אַז מיט חקירהן און פילאָזאָפירן וועלן זיי גאָרנישט מאַכן. מע

באַדאַרף זען עפּעס טאָן, עפּעס צוטראַכטן, געפינען אַן עצה, ווי אַזוי ראַטעוועט מען די שטאָט? ווי אַזוי מאַכט מען, אַז די שטאָט זאָל בלייבן אַ שטאָט? ס'איז קיין קונץ נישט, אַז אַ גאַנצע שטאָט זאָל זיך צעקריכן איבער דער וועלט, זיך לאָזן איבער די הייזער און בעטן נדבות, ווי געווינטלעכע „נשרפים". פע, דאָס איז נישט קיין תכלית! מע באַדאַרף זען, אַז כתרילעווקע זאָל בלייבן כתרילעווקע! אָט אויף וואָס מע האָט זיך געבראָכן די קעפּ.

פון די אַלע פלאַמפּייערדיקע און האַרצרייסנדיקע בריוו, וואָס מע האָט צעשיקט בכל תפוצות ישראל, האָבן זיך אָנגערופן בסך־הכל אַ פּאָר שטעטלעך, אויך אַזעלכע אָרעמע, ווי כתרילעווקע, און האָבן אַריינגעשיקט ווער אַ ביסל ברויט, ווער אַלטע מלבושים, און ווער עטלעכע קערבלעך מזומנע, און געקלעקט האָט דאָס אויף איין צאָן; די לאַגע האָט אָנגעהויבן ווערן שרעקלעך! ס'איז געוואָרן אַזוי ביטער, אַז מע האָט שוין אויפגעהערט וויינען און קלאָגן און אפילו קרעכצן. אַזוי איז אַ מענטש, וואָס האַלט ביי דערפרוירן ווערן, הייבט אָן שטילערהייט אויסגיין, אַנטשלאָפן ווערן אויף אייביק... אָט דאָ האָט זיך, ווי אַלעמאָל, באַוויזן רב יוזיפל דער רב מיט זיין קראַפט, וואָס גאָט האָט אַריינגעגעבן אין עם דאָזיקן אַלטן שוואַכן גוף, און ער האָט צונויפגעזאַמלט אַן אסיפה פון באַלעבאַטים, און דווקא ער אַליין מיט זיין אייגענעם כבוד. נישט געשיקט קיין שמשים און נישט פאַרקליבן זיך אויבן־אָן, נאָר פּראָסט און פּשוט אַנידערגעשטעלט זיך און אָנגערופן זיך צום גאַנצן עולם בזה הלשון:

— הערט צו, יידישע קינדער, וואָס איך וועל אייך זאָגן. נישט איך זאָג עס, נאָר דער, וואָס לעבט אייביק, זאָגט עס אייך מיט מיינע זינדיקע ליפּן: זאָרגט נישט — איר זענט באַוויליקט! איך בין אייך מבטיח, אַז עס וועט, אם־ירצה־השם, זיין גוט. וואָס איז דער פּשט? דער פּשט איז אַזוי: אמת, מיר זענען געשטראָפט געוואָרן מיט פייער, אָפּגעברענט געוואָרן אַליין און פאַרברענט געוואָרן מיט די בתי־מדרשים, מיט די שולן, מיט הייליקע ספרים און אויך מיט לעבעדיקע נפשות, קליינע ברעקלעך קינדער, וואָס זענען נעבעך גאָט די נשמה שולדיק. אוודאי איז דאָס אַ גרויסער, אַ ביטערער שטראָף, וואָס מסתמא האָבן מיר עס כשר פאַרדינט ביי דעם, וואָס לעבט אייביק. נאָר שטאַרק טרויערן דאַרף מען מיר אויך נישט. ערשטנס, וועלן מיר מיט אונדזער טרויער, וואָס מיר וועלן טרויערן, גאָרנישט העלפן, והשנית, וועלן מיר באַווייזן פאַר דעם,

וואָס לעבט אייביק, אַז דער חורבן כתרילעווקע איז פאַר אונדז, חלילה, ערגער פון חורבן ירושלים, חורבן בית-המקדש. א משל קען אַ מלך. אַמאָל איז געווען א מלך, האָט ער געהאַט אַ בן-מלך, אַ בן-יחיד...

און רב יוזיפל דערציילט זיי זייער אַ שיינעם משל מיט אַ מלך, ווי זיין שטייגער איז תמיד צו דערציילן משלים פון מלכים, און ער לאָזט אויס מיט די דאָזיקע ווערטער:

— דערפון אַליין איז גרינג אַרויסצוזען, אַז מיר טאָרן נישט זיין דיקן. מיר דאַרפן זיך אָננעמען אַ כוח, און לאָמיר, קינדער, נעמען די שטעקנס אין די הענט און לאָמיר גיין אַלע אַפריכטן גלות. פאָלגט מיך, קינדערלעך, איך גיי אויך מיט אייך. איך בין מבטיח, אַז ווהין מיר וועלן קומען צו גיין, וועלן מיר, אים-ירצה-השם געפינען חן אין די אויגן פון אונדזערע רייכע ברידער, און זיי וועלן אונדז נישט לאָזן פאַלן. שטייט אויף, ייִדן, גורט אָן אייערע לענדן און לכו ונלכה — לאָמיר גיין!

און בשעת מעשה גלייכט זיך אויס ביי רב יוזיפלען דער רוקן און דאָס פּנים הייבט אים אָן צו שיינען, און ער פילט זיך יונג און פריש, ווי אַ בחור, ווי אַ גיבור, וואָס איז גרייט צו דער מלחמה. און אויך דער גאַנצער עולם דערפילט זיך, ווי עפּעס אויפגעמונטערט, און מען איז גרייט אין וועג אַריין. עס בלייבט נאָר איבער איין זאַך: „וווהין? ווהין גייט מען פריער? ס'איז פאַראַן, קיין עין-הרע, אַזויפיל ייִדישע שטעט און, קיין עין-הרע, אַזויפיל נגידים!"...

## קאַפּיטל ו.

## לאָז זיין שטיל — כתרילעווקע פאָרט!

דער פּסוק „מי ומי ההולכים" — ווער זאָלן זיין די פאָרערס? האָט אַ ביסל אויפגערודערט די שטאָט, אָהער, ווי פישל דריקט זיך אויס אין איינער פון זיינע קאָרעספּאָנדענציעס, „געמאַכט פון איר אַ געפּרעגלעכטס". אויף דער דאָזיקער נסיעה האָבן זיך געפונען אין כתרילעווקע אַ סך, אַ סך בעלנים. אַלע, די גאַנצע שטאָט כמעט, איז געווען גרייט צו פאָרן! איבערעבער האָט געוואָלט די מצוות, און אפשר טאַקע פשוט —

זיך אַ ביסל הורכלופּטערן, דורכטרייסלען די ביינער, — מע ווערט פאַר=
שימלט און פאַרקליאַנעט, זיצנדיק אויף איין אָרט. ביי איטלעכן מענטשן
איז פאַראַן אַ יצר=הרע, וואָס רעדט אַן; עס ווילט זיך אַמאָל אָנקוקן
אַ וועלט, זען מיט מענטשן און ברענגען נאָכדעם אַהיים צו פירן נייעס,
פעק מיט נייעס. און באמת טאַקע, וואָס קאָן זיין נאָך מער איינגענומען
פון דעם, וואָס אַז איר קומט צו פאָרן פון ערגעץ אַהיים, שטעקט מען
אייך פון אַלע זייטן שלום=עליכם, איטלעכער שטופּט זיך, וויל אייך זען,
אַ קוק טאָן גלייך אין פּנים אַריין? דאַכט זיך, וואָס? אַ פּנים ווי אַלע
פּנימער, נאָר פאָרט א באָ מן הדרך, פאָרט אַן אנדער פּנים! און אַז איר
העדט, דערציילט נייעס פון וועג, חידושים פון דער גרויסער שטאָט, קוקן
אייך הונדערטער מענטשן אין פּנים אַריין, שלינגען מיט האָרשט אייערע
ווערטער, און איר שטייט, קיין עין=הרע, פאַר אַזאַ עולם און דערציילט,
און דערציילט, און איר באַקומט מיטאַמאָל אַ מאָדנעם חן ביי אַלעמען
אין די אויגן. איר ווערט אַ גאַנצער „יש“ אין שטעטל, אַן אדם, אַ העלד
אויף עטלעכע טעג. אמת, די עטלעכע טעג גייען איבער און דער העלד
ווערט אפילו באַלד אויס העלד, ווערט אָן דעם גאַנצן חן און ווערט
דער אייגענער כתרילעווקער, וואָס אַלע; פונדעסטוועגן, ווער וויל דאָס
נישט זיין קיין העלד? אויף אַ שעה — און דאָך אַ העלד! נאָר צוריק
שמועסנדיק, איז דען מעגלעך, אַז אַ גאַנצע שטאָט זאָל זיך אויפהייבן
און זיך לאָזן אויף דער וועלט? לכן איז געבליבן, מע זאָל אויסקלייבן
אַ דעפּוטאַציע פון עטלעכע געציילטע מענטשן. און דאָ האָט זיך ערשט
אָנגעהויבן אויפסניי: מי ומי — וועמען קלייבט מען אויס? דאָס פאַר=
שטייט מען אַליין, אַז קלייבן קלייבט מען די נגידים מיט די פיינסטע
באַלעבאַטים. נאָר גייט, אַשטייגער, זייט חכמים און מאַכט א גרענעץ אין
כתרילעווקע צווישן אַ נגיד און צווישן נישט=קיין=נגיד, צווישן אַ פיינעם
באַלעבאָס און נישט=קיין=פיינעם באַלעבאָס! אַז בסך=הכל זענען אַלע
כתרילעווקער פיינע באַלעבאַטים, און די נגידים אַליין זענען אויך עס זאָל
אייך צו קיין חרפה נישט זיין, כמעט אָרעמעלייט! נאָר אַז מע וויל שמו=
עסן נאָך אַמאָל דאָס אייגענע ווידער צוריק, האָט דאָך יעדע שטאָט פאָרט
אירע „פּני“. נאַרישקייטן! דעם בעדער מיטן וואַסערפירער קאָן מען
דאָך נישט שיקן. איז געבליבן, מען זאָל אויסקלייבן די גבאים פון אַלע
שולן און פון אלע חברות, און דעם אלטן רב רב יוזיפל, געווייגלעך, אויך
בתוכם. און מע האָט זיך צונויפגעפּאַקט די פעקלעך, מיטגענומען איט=
לעכער זיין קלאַפּערגעצייג — די טלית=ותפילינס מיט די זאָנטיקעס מיט

די איבעריקע כלי־זיין, און מע האָט געדונגען צוויי גרויסע בוידן — „בוכטעס“, און מע האָט זיך גאַנץ פיין אָפּגעזעגנט מיט דער שטאָט, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען באַגלייטן די אויסדערוויילטע, געווינטשעוועט, זיי זאָלן מצליח זיין — און מע האָט זיך אין אַ גוטער שעה אַ מזלדיקער געלאָזט אין וועג אַריין.

צוויי מעת־לעת האָבן זיך אונדזערע אויסדערוויילטע געטרייסלט אין די „בוכטעס“ איבער דער געהאַרטעוועטער בלאָטע, איבערגעכאַפּט דעם אָטעם אויף אַ קליינער צייט נאָר דעמלט, ווען מע האָט באַדאַרפט אָפּשטעלן זיך ערגעץ אין אַ קרעטשמע דאַווענען, אָדער עפּעס נעמען אין מויל אַריין, אָדער אונטערפּאַשען די פערד — און ערשט אויפן דריטן טאָג האָט מען זיי, צעבראָכענע, צעהאַרגעטע, אויסגעמוטשעטע געבראַכט צו פירן צו דער באַן, און די אויסדערוויילטע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו דער קאַסע אַלע מיטאַמאָל אויף דערשטיקעניש און גענומען בילעטן. דער עולם, וואָס אויפן וואָקזאַל, האָט זיי אָפּגעמרעטן דעם וועג, געזאָגט מיט ליצנות: „לאָז זיין שטיל — כתרילעווקע פאָרט!“ און ווער שמועסט קריסטן — די האָבן זיך אָפּגעשטעלט, מיט דרך־ארץ באַטראַכט די האַזיקע יידלעך, וואָס האָבן אַלע איינעם גערעדט אין איין אָטעם, און הויך אויף אַ קול, און געמאַכט בשעת מעשה מיט די הענט. און אַז ס'איז געקומען צום ערשטן קלונג, אַז מע האָט זיך באַדאַרפט זעצן אין די וואַגאָנעס אַריין, איז צווישן די אויסדערוויילטע געוואָרן אַ געוואַלד, מיט אַ בהלה, מיט אַ שטופּעריי, אַ לויפעריי מיט אַ געפילדער, מיט אַ געשריי: „לייזער! לאָזער! חנניה! מיכאל!“ — דער זשאַנדאַרם האָט אַ קוק געגעבן אויפן סטאַראָזש מיט אַזעלכע אויגן, אַז דער סטאַראָזש האָט זיך נעבעך געמוזט פאַרשטעלן דאָס געשטופּלטע פנים מיט ביידע קולאַקעס, מע זאָל נישט זען, ווי ער לאַכט מיטן גאַנצן ברייטן מויל און שטשירעט די גרויסע ווייסע ציין, און אַרויסגעלאָזט האָט ער בשעת מע־שה אַ קוויטש: „יאַק וואָראָני זליטאַליסיא זשידי!“ — און ביי דער „בריגאַדע“ האָבן די כתרילעווקער באַלעבאַטים גאָר ווינציק אויסגעני־מען. די קאָנדוקטאָרעס האָבן זיי אַריינגעשטופּט אַלעמען אין אַ באַזונ־דערן וואַגאָן, צווישן אַ פּראָסטן עולם, זיך באַגאַנגען מיט זיי עפּעס נישט אַזוי, ווי מיט פיינע באַלעבאַטים, גבאים, דעפּוטאַטן, וואָס פאָרן מכוח אַזאַ וויכטיקן ענין לטובת הכלל... און דאָ, אין דעם וואַגאָן, האָט זיך פאַר אונדזערע אויסדערוויילטע שוין אָנגעהויבן אַ צעטל פון צרות מיט אַנגסטן מיט יסורים מיט בזיונות — דער אמתער גלות.

ראשית החכמה, זענען זיי אַריין אין וואַגאָן, וואָס, אַז ס'זאָלן האָרט נישט זיצן קיין מענטשן, מענטשן מיט מענטשלעכע פנימער, וואָלטן זיי זיכער מיינען, אַז מע האָט זיי אַריינגעלאָזט, מחילה, צווישן דברים=אחרים. די בלאָטע איז געווען אַזוי גרויס, דער ריח איז געווען אַזוי בלוי, און געשמעקט האָט דאָרט אַזוי געדיכט, אַז אונדזערע כתרילעווקער באַלעבאַטים, וואָס זענען אַליין אויך נישט פון די גרויסע מפונקים, האָבן דערפילט, אַז עס ווערט זיי ענג אין האַלדז, אויף צו חלשן! היינט די ענגשאַפט, וואָס דאָ איז! קאָפ אויף קאָפ! און אַלץ אַזעלכע פראָסטע נפשות, אַרבעטער, מיט גרויסע מאָגנע שמעקנדיקע טאָרבעס אויף די פלייצעס, און מיט נאָך מער מאָגנע שמעקנדיקע לאַפטיעס אויף די פיס, און דערצו רייכערן זיי זיך אונטער מיט אַזאַ מין טיטון, וואָס מע קאָן דערוואָרגן ווערן. נישטאָ ווו צו זעצן זיך. ווו זיי האָבן זיך נישט געגעבן קיין קער, געוואָלט זיך אַנידערזעצן, האָט מען זיי דורכגעטריבן: „פאַשלאַ=וואָן, פאַרכאַטיע, זאַניאַטאָ!" אויף אונדזער לשון הייסט דאָס: „זייט זשע מוחל, רב ייד, ס'איז פאַרנומען"... דורך פאַרנומען! אַפילו דאָרט, ווו ס'איז נישט פאַרנומען, איז אויך געווען פאַרנומען... און די כתרילעווקער אויסדערוויילטע האָבן, מחילה, געמוזט שטיין אויף די פיס, זיך צונויפשלאָגן אַלע אינאיינעם אין אַ ווינקל, ווי די שעפעלעך, אַ ביסל זיך געקוועטשט און געשטיקט, און אַלץ גערעדט, גערעדט מיט הענט, און הויך אויף אַ קול, און אַלע אינאיינעם, ווי געוויינלעך.

און גערעדט האָט מען, פאַרשטייט זיך, פון דער באַן, פון היינטיקע פאָרעכצן, מבטל געווען, געמאַכט פשוט אַ תל פון די שיינע המציאות, וואָס מע האָט היינט אויסגעטראַכט, שטאַרק געבענקט נאָך דער כתרילעווקער בוכטע, וואָס כאָטש דאָרט איז אויך גאָרנישט פויגלדיק, דאָך נישט אַזוי פאַסקודנע, ווי דאָ...

— נאַראָנים! — אַזוי האָבן זיך געשמועסט אונדזערע מפונקים. — טפשים! משוגעים האָבן אויסגעקלערט אַ באַן! אַ טאַראַראַם! אַ טערעבענדיע — כאַ=כאַ!

און דאָרטן, אין די הויכע פענצטער, זיצן הונדערטער טויזנטער געלערנטע, אויפגעקלערטע מענטשן, איינגעבויגן אין דרייען, סקריפען מיט די פעדערס, שרייבן, מאָלן, קלאַפן רעפעשן, ברעכן זיך די מוחות, טראַכטן צו אַלעמאָל נייע המציאות, ווי אַזוי מע זאָל בעסער פאָרן, בעסער, גיכער, און ביליקער, האַלטן שוין ביי לופט=שיפן, אַעראָפלאַנען — און

זיי ווייסן גאָרניש, עס חלומט זיך זיי אפילו נישט, אַז דאָ, אין וואַגאָן, פאָרט אַ ביגטל כתרילעווקער באַלעבאַטים, פאָרשטייער פון שטאָט, און קריטיקירן, זענען מבטל, מאַכן אַ תל פון אַלע זייערע המצאות און אויפטועכצן, און רוקא אויף אַ קול, בפרהסיא...

לאָז זיין שטיל — כתרילעווקע פאָרט!

## קאפיטל ז.

## כתרילעווקע צווישן די „פעלקער"

אונדזערע כתרילעווקער אויסדערוויילטע האָבן זיך אַזוי לאַנג געשליפן די ציגגלער, געמאַכט חוזק איבער די באַנען אין איבער אַלע אַנדערע הייגטיקע אויפטועכצן, ביז ס'איז זיי נמאס געוואָרן און זיי האָבן אָנגעהויבן ארומקוקן זיך אויף אלע זייטן און אויסקוקן ערטער, און, געווינטלער, קודם-כל אַן אָרט פארן אלטן רב רב יוזיפל, וואָס איז שווין געווען נעבעך שטאַרק אויסגעמוטשעט פון דער נסיעה. און גאָט האָט זיי געהאָלפן, זיי האָבן דעם אָרט געפונען און האָבן באַזעצט דעם רבין נעבן אייגעם אַ פאַרשוין, אַ רעכטן חברה-מאַן מיט אַ רויט העמדל איבער די הויזן און מיט אַ האַרמאָניקע אין די הענט. אַ ביסל איז דער חברה-מאַן געווען מבוסמדיק, דאָס הייסט, טאַקע רעכט בגילופין, אונטערן גלעזל, מיט איבערגעקערטע אויגן, געשפילט אויף דער האַרמאָניקע און געזונגען בשעת מעשה זייער אַ שיין לידל:

קאָסטיושקינא מאט
סאָבירהאַלאַס פאָמיראַט.
סאָביראַלאס פאָמיראַט —
אומירעט ניע אומערלאָ —
דאַראָם ווּרעמיאַ פּראָוויעלאַ!

און נאָך אַמאָל דאָס אייגענע, שוין העכער מיט אַ טאָן:

קאָסטיושקינא מאט
סאָבירהאַלאַס פאָמיראַט.
סאָביראַלאס פאָמיראַט —

אומיערעט גיע אומערלא —
דראָם ווּרעמיאַ פּראַוויעלאַ!

און טאַקע נאָך אַמאָל דאָס אייגענע, נאָך העכער און נאָך גיכער:

קאָסטיושקינא מאט
סאָביראַלאַס פּאָמיראַט...

און אַזוי ווייטער, אָן אַן אויפהער, ווי אַ מאַשינע.

מילא, איז דאָס געווען אַ שכן כאָטש אַ פריילעכער. פון דער אַנדער זייט אָבער האָט גאָט מזכה געווען רב יוזיפלען מיט אַ נפש, איינעם אין אַ באַראַשקענעם פעלץ, איז ער געווען בייז, אָנגעברוגזט אויף דער גאַנצער וועלט, און געהאַלטן אין איין שפּייען. יעדער שפּיי, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען מיט אַזאַ חציפה, גלייך ווי עמעצער וואָלט אים דאָ דערברוגזט מיט אַן איבעריק וואָרט. אַ גליק, וואָס רב יוזיפל האָט דאָס נישט באַמערקט. רב יוזיפל איז געווען גאָרנישט בהאי עלמא. זיינע מחשבות זענען געווען ווייט פון דאַנען, דאָרטן ערגעץ אין דער גרויסער שטאָט, אַזש ביי די „גדולים"...

ווי אַלע כתרילעווקער יידן, האָט אונדזער רב יוזיפל געלעבט אין עולם־הדמיון, אַרומגעגאַנגען שטענדיק אין הרהורים, אין פאַנטאַזיעס. האָט אים די פאַנטאַזיע דאָ אויפגעכאַפּט אויף די פליגלען און האָט אים אַוועקגעטראָגן גלייך אהין, צום גרעסטן פון די „גדולים"... עס האָט זיך אים פאָרגעשטעלט אַ פּאַלאַץ אַ גרויסער מיט גילדענע כלים... אויבן־אָן, אויף אַ שטול, זיצט דער גביר אַליין... דערזעען יידן, שטייט אויף דער גביר און גיט זיי אָפּ שלום און פרעגט זיי, וואָס איז אייער באַגער? שטעלט זיך אַרויס ער אַליין טאַקע, רב יוזיפל, הייסט דאָס, און זאָגט אים: דאָס און דאָס, אַזוי און אַזוי... און ער לייענט אים אַ צעטל פון כתרילעווקע מיט אירע יידן און מיט זייערע צרות, ווי אומגליקלעך זיי זענען געבליבן פון תמיד אָן ובפרט אַצינד, נאָך דעם גרויסן חורבן... און דער גביר האָרכט אויס די גאַנצע מעשה ביזן סוף און שטייט אויף און גייט צו צו דער שאַפע און נעמט אַרויס אַ היפשע אַפּטיקא און הויבט זיך אָן צו אים, צום רב הייסט דאָס:

— ווי מיינט איר — עס וועט זיין גענוג?

— שייך זאָגן געגנג? — ענטפערט אים רב יוזיפל און רעדט צו זיך אַליין, מאַכט בשעת מעשה מיט די הענט, מיט די אויגן און מיטן שטערן און זעט גאָרנישט, אַז אַקעגן אים, אויף דער באַנק, זיצן פאַרשוויגן, פאַרשיידענע פנימער, צווישן זיי אויך נקבות מיט רויטע פּנימלעך, קנאַקן סעמעטשקעס, לאַכן גאַנץ געשמאַק און מאַכן חוזק פון אונזערע כתרילעווקער לייט און די אויגן, קרימען איבער, ווי אַזוי זיי רעדן און ווי אַזוי זיי מאַכן מיט די הענט און ווי אַזוי זיי טרייסלען מיט די פּאות! און איבערהויפּט האָט מען זיך געמאַכט לוסטיק איבער אים אַליין, איבער דעם אַלטן רב יוזיפלען מיטן מיזליק און מיטן שטריימל.

דאָס דאָזיקע לאַכן מיטן חוזק מאַכן איז אָבער געווען, ווי מע זאָגט, אָפּגעגעבן ברויט; די כתרילעווקער לייט פון זייער זייט האָבן אויך נישט געשוויגן. זיי האָבן געקריטיקירט, געפּראַוועט ליצנות צווישן זיך איבער די דאָזיקע פּריילעכע פאַרשוינדלעך, און איבערהויפּט — איבער דעם חברה-מאַן, וואָס מיטן רויטן העמדל, מיט דער האַרמאָניקע און מיט דעם שיינעם לידל, וואָס סע וועט אים גאָרנישט גמאס איבערחזרן זיבן הונדערט מאָל אַלץ די אייגענע ווערטער: „קאָסטיושקינא מאַט סאָביראַלאַס פּאָמיראַט — סאָביראַלאַס פּאָמיראַט“...

— אַפּנים, אַז דער ערל האָט שוין היינט געמאַכט „שהכל נהיה בדברו — באַמערקט איינער פון אונזערע כתרילעווקער, און דער אַנדערער כאַפּט אים אונטער אויף לשון-קודש:

— מע זעט דאָס אַרוים בחוש פון די עינים.

— יא כוסע און דוווקא אַ גרויסע! — שטעלט אַריין אַ דריטער צום גראַם.

— יאָ, ער איז מלא! — רופט זיך אָן נאָך איינער און קוקט כלומרשט נישט אויף אים, נאָר אויף דער סטעליע, און נאָך איינער ענדיקט דעם פּסוק:

— וגדוש על כל גדותיו... — און קראַצט זיך אונטערן קאָלנער.

— געפעלט אייך דער ניגון וואָס ער דברט?

— אַ חסידיש לידל מסתמא.

— מיט קלוגע בחבורים!

— טיף — שכלדיק! די אמי פון קאָסטיושקינאַ איז שיער נישט מת געוואָרן. אַ קלייניקייט!...

אַפילו רב יוזיפל, וואָס איז ווייט פון ליצנות, האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און איז אַ בעלן געווען אַ פרעג טאָן מיט אַ שמייכל ביי זיינע כתרילעווקער יידן: וואָס באַדייטן די דאָזיקע משונה־מאָדנע ווערטער פונעם לידל? האָט זיך געפונען איינער, וואָס האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין דעם פשט:

— ס'איז געווען, פאַרשטייט איר, איינער, אַפנים, אַ קאָסטיושקע, אַ מענטש, וואָס מע האָט אים גערופן קאָסטיושקע, האָט דער דאָזיקער קאָסטיושקע געהאַט אַ מאַמע, האָט זיך די דאָזיקע מאַמע, זאָגט ער, געקליבן שטאַרבן, און איז נישט געשטאָרבן...

רב יוזיפל לייגט צו קאָפּ, נאָר ער פאַרשטייט נישט דעם שכל, וואָס דאָ שטעקט? וואָס הייסט — זי האָט זיך געקליבן שטאַרבן? שטאַרבן איז דען געווענדט אָן דעם מענטשן? בעל־כרחך אתה מת — איבער נויט שטאַרבט מען...

— עם הדומה להמור! פון וועמען רעדט מען? — רופט זיך אָפּ איינער פון די אויסדערוויילטע און שאָקלט מיטן קאָפּ און קוקט אויף דער חברה פון אויבן אַראָפּ, און באַלד באַקומט ער אַ קאָמפּלימענט פון איינעם פון דער חברה, וואָס קרימט זיך נאָך, ווי אַזוי יידן דאַווענען, דאָס הייסט: ער שלאָגט זיך מיט דער האַנט אין האַרצן אַריין און זאָגט מיט אַ מאָדנעם ניגון: „טאַטעלע! מאַמעלע! טאַטעלע! מאַמעלע!“ — און דער גאַנצער איבעריקער עולם ווערט צעשמאָלצן פאַר געלעכטער.

— מע לאַכט דאָס אָפּ פון אונדז! מע לאַכט פון אַ יידן! אומעטום מאַכט מען פון אונדז חוזק! — מאַכט איינער פון די אויסדערוויילטע מיט אַ זיפץ און ווינקט מיטן קאָפּ צום רבין, און דער רב רב יוזיפל קוקט אויף יענעם נפש, ווי ער וואַרפט זיך און ווי ער קרימט זיך.

— נישט פון אונדז לאַכט ער, קינדעניו — זאָגט רב יוזיפל — פון זיך לאַכט ער אָפּ, פון זיך אַליין! פון אונדז איז נישטאָ וואָס צו לאַכן, נשמה מיינע; פון אונדז דאַרף מען וויינען און זיך אַ מוסר אָפּנעמען, אַ מוסר: וואָס מ'יר זענען געווען און וואָס מיר זענען געוואָרן...

און רב יוזיפל דערציילט דערביי זייער אַ שיינעם משל, געווינטלעך, מיט אַ מלך, און דער עולם הערט אויס דעם משל, עס קאָן זיין, נישט דעם ערשטן מאָל, און יענער חברה־מאַן, וואָס מיטן אַראָפּגעלאָזטן רויטן העמדל און מיט דער האַרמאָניקע, לאָזט זיך אַראָפּ אַלעמאָל נידעריקער

און בידעריקער מיט אַ האַלבן טאָן (אפּנים, ס'איז אים שוין אַליין אויך נמאס געוואָרן):

קאָסטיושקינא מאַט
סאָביראַלאַס...
פּאָמיראַט...
פּאָמיראַט... פּאָמיראַט...

— שלום־עליכם! — רופט זיך אָן פּלוצעם אַ פרישער פּאַרשוין, גלייך ווי פון הימל אַראָפּגעפאַלן — פון וואַנען פאָרן דאָס יידן און וווהין? און וואָס האָט איר זיך פאַרקליבן גאָר אַהער, צווישן אָט די האָזיקע?... קומט צו אונדז, אין אונדזער וואַגאָן אַריין. דאָרטן וועט איר כאָטש זיין צווישן אונדזעריקע, צווישן אייגענע...

## קאַפּיטל ח.

## כתרילעווקע צווישן „אייגענע“

ווי פיש, נאָר־וואָס געכאַפּטע אין דער נעץ און אַריינגעלאָזטע צוריק אין טייך אַריין — אַזוי האָבן זיך געפילט אונדזערע כתרילעווקער דעלע־גאַטן, אַז זיי האָבן זיך אַריבערגעפּעקלט אינעם אַנדערן וואַגאָן, צווישן „אייגענע“, צווישן יידן. מען קאָן נישט זאָגן, אַז דאָרט זאָל געוועזן זיין אַ סך ריינער און אַ סך גערוימער, ווי אינעם ערשטן וואַגאָן. עס קאָן זיין, אַז דאָ, אויפן נייעם אָרט, איז זיי געזעסן גאָר ערגער, ווארום דאָרטן, אי־נעם פריערדיקן וואַגאָן, איז דער עולם כאָטש געזעסן אַ סך אויף דער ערד, נישט געהאַט קיין איבעריקע פּעקלעך. אַ טאָרבע מיט אַ פּאָר שטיוול — און אַן עק. און דאָ, אויף דעם נייעם אָרט, צווישן יידן, איז געווען דער טומל א סך גרעסער, די ענגשאפט א סך ערגער, און איבער די פּעקלעך איז נישט געווען, ווו זיך אַ קער צו טאָן.

דאס איז ידוע, אז יעדער ייד האָט מיט זיך אונטערוועגנס נישט ווינציקער ווי צוויי־דריי פּעקלעך, און ווייבער האָבן, אחוץ די פּעקלעך, אויך קישנס מיט קאָלדרעס מיט שמאַטעס, פון דער וועלט שמאַטעס. אין וועג זעען העריבער יידן אויס נישט נאָר ווי רייזנדע אַליין, נאָר ווי וואַנדערער, ווי עמיגראַנטן, וואָס פאָרן אַריבער ערגעץ ווייער אין אַ ווייטער מדינה, האָרט ווו ס'איז נישט צו קריגן פאַר קיין געלט נישט קיין קישנס, נישט קיין קאָלדרעס, נישט קיין שמאַטעס... און זיי

פילן זיך דערפאַר אומעטום, ווי ביי זיך אין דער היים... יידן, וווּהין זיי זאָלן נישט פאָרן, פירן זיי, ברוך־השם, מיט זיך זייער היים, זייער „געטאָ“ מיט זייער גלות, און דערפאַר, אפנים, האָבן זיי אומעטום און אַלעמאָל טאַקע איין פּנים, בייטן זיך אַזוי גיך נישט איבער און פילן זיך גוט נאָר דעמאָלט, ווען זיי זענען אַלע אינאיינעם. און די וועלט טוט זיי צוליב: איר ווילט אינאיינעם — זייט אייך אינאיינעם...

אַרייגעטראָטן אינעם נייעם וואַגאָן און דערזען, אַז מען איז אין דער היים, צווישן „אייגענע“, האָבן זיך אונדזערע אויסדערוויילטע צעלייגט, ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן, אַוועקגעלייגט זייערע פּעקלעך אויף יענעמס פּעקלעך, זיך געזעצט גאַנץ נאָענט איינס נעבן דאָס אַנדערע, גענומען יענעם זיך אַ ביסעלע אַ רוק טאָן, און קוים אַריינגעכאַפּט זיך, מאַכט שוין נישט אויס, מעג מען שוין יענעם אַ ביסל צוקוועטשן, און פאַרוואָס טאַקע נישט אינגאַנצן אַרויסקוועטשן?... מען איז דאָך צווישן „אייגענע“, צווישן יידן!...

און האָט קיין יסורים נישט: מע וועט זיך, חלילה, נישט קריגן, נישט זידלען איבער אַזעלכע נאַרישקייטן. ווערטלעך זאָגן, געבן יענעם אַנצוהערעניש — דאָס מהיכא תיתי. צום ביישפּיל: אַז איינער טרעט אָן דעם אַנדערן רעכט אויפן פוס, טוט יענער אַ שפרונג אונטער און אַ זאָג כלומרשט אַזוי, פאַרביגייענדיק:

— אוי, האָט איר, קיין עין־הרע, אַ האַרטן טראָט, פעטער!

אָדער אַז איינער שטעלט אַוועק זיין טשעמאָדאַן כמעט גלייך אויף יענעמס פּלייצע, מאַכט יענער חוזק נישט איבער אים, נאָר איבערן טשעמאָדאַן, און טוט זיך אַ זאָג אונטער דער נאָז:

— הערט איר? אייער טשעמאָדאַן האָט, אפנים, קיינמאָל נישט געקרענקט.

אָדער אַז איינער פאַרשטעלט דעם אַנדערן די שיין, טוט ער אים אַ זאָג:

— ווייסט איר, וואָס איך וועל אייך דערציילן? איך האָב מורא, אַז איר זענט נישט קיין גלעזערנער...

און אַז סע מאַכט זיך אפילו אַמאָל, אַז צוויי יידן צעשפּאַרן זיך שוין גאָר איבער אַן אָרט אין וואַגאָן, הייבן זיי אָן שיטן איינס אויפן אַנדערע מיט ליצנות און שטעכווערטלעך:

— זייט זשע מוחל, פעטער, דאָס איז מיין אָרט.

— טאַקע באמת? מיט וואָס איז דאָס אייער אָרט, למשל?

— ווייל דאָ בין איך געזעסן.

— וואָס זשע, איר האָט דאָ שבת געהאַלטן? צי עס שטייט אויפגע־שריבן אויף דעם אָרט: „אַז המקום שייך״?...

און דער זיצנדיקער פּאַרשוין פילט זיך ניגשט, הייבט זיך אויף און זוכט אויפן אָרט די אויפשריפט: „זע המקום שייך״. ווערט צווישן עולם אַ געלעכטער, פּאַחדריסט דאָס דעם שטייענדיקן פּאַרשוין און ער רופט זיך אָן צום זיצנדיקן:

— איר זענט, האַבט מיר, שוין אַ ביסל צו דאָסיק.

— צו וואָסיק? — פרעגט אים דער זיצנדיקער, און דאָס געלעכטער צווישן עולם וואַקסט. אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז מע גיט אַן עצה: מע ענגט זיך אַ ביסל, מע רוקט זיך צונויף און מע מאַכט אַן אָרט פאַרן שטייענדיקן. ממה־נפשך, עס זיצן, קיין עין־הרע, אַזויפיל יידן, וועט זיצן נאָך איינער... און די האָזיקע צוויי, וואָס האָבן זיך גאָר־וואָס געוועדטלט, בלאָזן זיך נאָך אַ קליינע ווײלע, נאָכדעם נעמט מען זיך צו די זייגערס: ווו האַלט ביי אייך דער זייגער? אָדער מע קוקט אין פענצטער ביידע: ווייסט איר ניט, ווי אַזוי הייסט די סטאַנציע? און מע מאַכט אַ שמועס פון סטאַנציעס און פון באַנען און פון געשעפט — און עס גייט אַוועק, ווי אַ מזמור. דער פרישער פּאַרשוין, וואָס קומט אַריין און טרעפט די צוויי, מיינט ער, אַז דאָס זענען אָדער צוויי שותפים, אָדער קרובים, אָדער מחו־תנים, אָדער אַזוי גוטע פריינד פון איין שטאָט...

לאָזן חכמים זיך וויצלען, וויפל זיי ווילן. לאָזן זיי צוטראַכטן אַזעלכע שפּריכווערטלעך, ווי, למשל: „זיצן זאָל מען צווישן גוים, ליגן — צווישן יידן״, „מיט יידן איז גוט נאָר קוגל עסן״, וכדומה, וכדומה. איך גיי מיר מיט מיין גאַנג, אַז יידן, און נאָך כתרילעווקער דערצו, פילן זיך צווישן אייגענע אַ סך בעסער און אַ סך היימישער, ווי צווישן פרעמדע.

קאַפּיטל ט.

„א ייד וואָס קאַטאָרי״

דער מענטש, וואָס איז ווי אַראָפּגעפאַלן פונעם הימל און האָט אַריבערגעפּעקלט אַנדערע דעלעגאַטן אַהער פון יענעם וואַגאָן, איז געווען איינער פון יענע זעלטענע פּאַרשוינען, וואָס מע קאָן זען נאָר אונטער־וועגנס. אַז איר באַגעגנט זיך מיט זיי, ווערט איר באַלד חבר, אויסגעבונדן,

גלייך ווי איר זענט שוין מיט זיי באַקאַנט פון כמה וכמה יאָרן. ווער ער איז — ווייסט איר נישט. וואָס ער איז — ווייסט איר אויך נישט. עס איז רעכט צו זאָגן, אַז ער איז אַ ייד, אַ קרעמער, און עס איז רעכט צו זאָגן, אַז ער איז אַ מעקלער פון דער בערזע. נאָר גיכער פון אַלץ איז ער גאָר אַ שניידער, א חשוב ביי נאַטשאַלסטווע און דרייט זיך ביי „פּראַוואָזשיטעלסטווע“...

אַליין איז ער אַ מענטש פון מיטלמעסיקן וווּקס און מיטלמעסיקן שטאַנד, אַ שוואַרצער מיט אַ גלאַנץ פון אַרמעניש טיפּ, מיט אַ קליין בערדל, מיט קליינע שוואַרצע אומרויקע אויגן, מיטן קאַפּעלישל אהינטער — אַ רירעוודיקער, אַ לעבעדיקער פאַרשוין, וואָס קאָן נישט זיצן אויף איין אָרט, מוז עפּעס טאָן, ערגעץ גיין, מיט עמעצן רעדן. און איבערהויפּט — רעדן. רעדן — דאָס איז זיין וועלט. געפינט זיך אין וואַגאָן אַ ייד — איז אוודאי גוט. אלא נישט — איז אַ גוי, אַ סאָלדאַט, א פּריצה, אַ גלח. פאַר נויט איז גוט אַ קאָנדוקטאָר, אַן אויוונהייצער, אַ רעדער-שמירער, אַ שוואַרציאר, אבי אינעם געשטאַלט פון אַ מענטשן. און אַ כוח האָט ער: ווער ס'זאָל נישט זיין — מוז ביי אים ווערן רעדעוודיק. סיידן אַ געבוירענער אַ שטומער. מחמת ער ווייסט, פאַרשטייט איר מיך, פון וואָס און ווי אַזוי מיט וועמען אָנהייבן צו רעדן. און רעדן וועט ער מיט אייך פון וואָס איר ווילט, כמעט קאָן מען זאָגן, אַז ס'איז נישטאָ אַזאַ זאַך אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל נישט וויסן, און נישטאָ אַזאַ מענטש אויף דער וועלט, וואָס ער זאָל אים נישט קענען. מיט אַזעלכע איז א פאַרגעניגן צו זיצן אין איין וואַגאָן. דערצו איז ער גלאַט אַ גוטער מענטש. אַן אָפּנהאַרציקער און זייער אַ צוגעלאָזטער. ער מעג אייך זען דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבן, איז ער גרייט צוליב אייך פונדעסטוועגן גיין, וווהין איר ווילט: אפשר ווילט איר צו דער קאַסע נאָך אַ בילעט? אָדער העלפן אייך צונויפפּאַקן די זאַכן ?— מיטן גרעסטן כבוד! ער וועט אַריינקוקן דערווייל צו אייך אין פּעקל אַריין, אָפּשאַצן, וואָס איז ווערט אייער טשעמאָדאַנדל, אָדער אייער פּעלץ, אָדער אייער זייגער, אויסרעכענען אייך פּינקטלעך, אין וואָסער שעה און וויפל מינוט איר דאַרפט קומען אהיים, און וואָס וועט אייך קאָסטן דער באַגאַזש, און געבן אייך אַן עצה, ווי אַזוי, אויף וואָסער וועג, איר זאָלט פאָרן, און ווו איר זאָלט זיך אָפּשטעלן. בשעת-מעשה וועט ער אייך האַלטן ביי אַ קנעפּל, אָדער בויערן אייך מיטן פינגער א לעכל, און דאָס קאַפּעלישל האַלט שוין ביי אים ווייט, און די בעקלעך פלאַמען, און די אויגן ברענען, גלייך ווי ער

טוט זייער אַ נויטיקע זאַך. מיט איין וואָרט — דאָס איז געווען אַזאַ מין פֿאַרשוין, וואָס ביי אונדז רופֿט מען אים: „אַ ייד וואָס קאַטארי“.

פֿאַר אונדזערע כתרילעווקער פֿאַסאַזשירן איז דער דאָזיקער „ייד וואָס קאַטארי“ געווען, קאָן מען זאָגן, אַן אָאַזיס אין דער מדבר, אַ געזונט אין בויך, אַ זאַלץ אין די ביינער, אַ קלייניקייט — זייער מיסיאָן, וואָס זיי האָבן אויף זיך געהאַט! דאָס ערשטע מאָל אין אַ פֿרעמדן אָרט, אין אַזאַ גרויסער שטאָט, וואָס זייער באָבע באָבעס איז דאָרט קיינמאָל נישט געווען אין הלום אפֿילו! מע ווייסט נישט, וווּ אַ טיר עפֿנט זיך, און מע פֿאָרט מכוח אַזאַ ענין, אַזאַ הייליקע זאַך!...

אויך דער פֿאַרשוין האָט זיך מחיה געווען מיט זיי, ממש דערקוויקט זיך. געוווּיר געוואָרן, וווהין, צו וועמען און צוליב וואָס זיי פֿאָרן, האָט ער זיי באַשאָטן מיט עצות, ווי אַזוי זיי זאָלן זיך נוהג זיין פֿון דער ערשטער מינוט, וואָס זיי וועלן אָנקומען אויפֿן וואָקזאַל, ביז זיי וועלן זיך צושלאָגן צום פּונקט, וואָס זיי באַדאַרפֿן. און די כתרילעווקער אויסדערוויילטע האָבן אים געקוקט אין מויל אַריין, געשאָקלט מיטן קאָפּ און געשלונגען איטלעכס וואָרט זיינס.

— איר פֿאָרט, מיינע ליבע יידן — האָט ער איינגעטענהט מיט זיי געטריי, ווי אַ פֿאָטער, געשמייכלט און געגלעט זיך דאָס בערדל — איר פֿאָרט, מיינע ליבע יידן, וועגן זייער אַ וויכטיקן עסק. מע קאָן זאָגן, אַ הייליקע זאַך, הלוואי איר זאָלט נאָר מצליח זיין, און איר וועט, אם ירצה השם, געווים מצליח זיין. איך בין זיכער, אַזוי ווי מיר האָבן הייגט יום גימל אויף דער גאַנצער וועלט. דער עיקר, איר זאָלט ווייסן, וווּ איין און וווּ אויס. די שטאָט איז אַ גרויסע און אַ צעוואָרפֿענע. א גוישע שטאָט, פֿאַרשטייט איר מיך. נאָר יידן זענען, קיין עין־הרע, פֿאַראַן, און הוויקא רייכע יידן. דאָס הייסט, ס'איז פֿאַראַן קבצנים אויך גענוג, אפֿשר מער קבצנים ווי נגידים. נאָר צו די קבצנים דאַרפֿט איר דאָך נישט האָבן. קבצנים, זאָגט איר, האָט איר אַליין. עצתי, אַז גיין זאָלט איר נאָר צו די גרויסע, צו די סאַמע גדולים. ווער זענען ביי אונדז די סאַמע גדולים — ווילט איר ווייסן? נעמט, זייט מוחל, אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַ בלייפֿעדער און פֿארשרייבט, וועל איך זאָגן אַקוראַט מיט די אַדרייסים און מיטן יחוס פֿון איטלעכן באַזונדער. איך קען זיי, פֿאַרשטייט איר מיך, אויסגעבונדן. גדולים זענען זיי אַלע, און וואָלטן וועלן אריבערשטייגן, אריבער־

שפּרינגען, איינשלינגען איינס דאָס אַנדערע מיט די ביינער, זיי זאָלן נאָר קאָנען. און אַלע רייסן זיי זיך אַרויף, אַרויף, טאַנצן נאָך גאָר דעם גרויסן, דעם אמתן גדול, דעם לייב צווישן די חיות... איך זע נאָך אייערע פּנימער, אַז איר ווייסט שוין, וועמען איך מיין... אַזוי איז טאַקע דער נאָמען זיינער. און כשמו כן הוא... ער איז טאַקע לייב. אַ קעניג איז ער, א גביר, אַן אדיר, א מיליאָנער. איר ווילט ווּיסן, וויפל ער פאַרמאָגט? פרעגט גאָרנישט. וויפל איר זאָלט אייך נישט פאָרשטעלן — פאַרמאָגט ער צוויי מאָל, דריי מאָל, צען מאָן אַזויפיל. ס'איז רעכט צו זאָגן — פופציק מיליאָן, און ס'איז רעכט צו זאָגן — זיבעציק. און אַז איר וועט מיך שטאַרק בעטן, איז אפשר טאַקע אַלע הונדערט. אהין האָרפּט איר זיך דערשלאָגן שוין צום סוף, אַז איר וועט פאַרטיק ווערן מיט אַלע איבעריקע גדולים. ווייל איר ווילט דאָך מסתמא אַ גראָבס, א מנה יפה. און וויבאַלד אַ מנה יפה, איז נאָר ביי אים. וואָרום וועט איר אים טרעפן אין דער גוטער מינוט — איז נישט שייך צו זאָגן. ביי אים געבן אַ נדבה אַ טויזנט, און פופציק טויזנט, און הונדערט טויזנט — איז מפו! אָדער שאַ! ווייסט איר גאָר וואָס? איך וועל אייך געבן אַ בעסערע עצה.

דאָ האָט זיך דער „ייד וואָס קאַטאַרי" פאַרטיפט אין מחשבות, נאָכדעם האָט ער זיך אָנגענומען ביים בערדל און אָנגערופן זיך, ווי אַ מענטש, וואָס איז געפאַלן אויף אַ זייער אַ גליקלעכער אידעע:

— הערט זשע אויס, מיינע ליבע יידן, וואָס א י ד וועל אייך זאָגן. ביי אייך איז, זאָגט איר, אָפּגעברענט געוואָרן דאָס גאַנצע שטעטל? האָרפּט איר דאָך געהילץ אויף בויען הייזער? האָט ער אַ וואַלד, טאַקע נישט ווייט פון אייערע מקומות, אָבער אַ וואַלד, ווי זאָגט איר, מיט ביימער! וואָס פאַר א וועלדע האָט ביי אזא מיליאָנער איינטונקען די פען און אָוועקשרייבן אַ קוויטל אין וואַלד אַריין: „אבקש ליתן על השבוני"?

און דער „ייד וואָס קאַטאַרי" טוט אַ מאַך מיט דער האַנט אין דער לופטן, ווי דער גביר מיט דער פען, און אונדזערע כתרילעווקער אויסדערוויילטע גיבן זיך ביי די ווערטער אַ הויב אויף, און טרערן האָבן זיך אַזש געשטעלט ביי זיי אין די אויגן. נאָר דאָ האָט זיי דער „ייד וואָס קאַטאַרי" אַ ביסל אַראָפּגעוואָרפן. ער האָט, אפנים, פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיי אַריינגעגעבן אַ ביסל צופיל האָפענונג, האָט ער זיך אַ גלעט געגעבן דאָס בערדל און אַ זאָג געטאָן צו זיי:

— איך האַרף אייך אָבער זאָגן, מייַנע ליבע ייִדן, נאָך אַמאָל דאָס אייגענע: עס ווענדט זיך אָן דעם, אין וואָס פֿאַר א מינוט איר וועט אים טרעפֿן... טאָמער, חלילה, טרעפֿט איר אים אויף דער לינקער זייט, בין איך אייך נישט מקנא. ער איז אַ מענטש, וואָס אַלע קוקן אים אין מויל אַריין, פֿאַרשטייט איר מיך, און איז אַזוי גרויס, אַזוי תקיף, ווי זאָגט איר: „מה יעשה הבן"... אוודאי ווען איר זאָלט זיין נישט קיין ייִדן — עהע=הע!

די כתרילעווקער אויסדערוויילטע זענען ביי די ווערטער גאָר מבולבל געוואָרן. זיי האָבן נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס מיינט דערמיט אָט דער מענטש: וואָס הייסט — ווען זיי זאָלן נישט זיין קיין ייִדן? וואָס דען זאָלן זיי זיין — אַנדרוגינוסן?... דער „ייד וואָס קאַטאַרי" האָט, אפֿנים, געזען, אַז זיי פֿאַרשטייען אים נישט, האָט ער גענומען זיי מסביר זיין:

— פֿאַרשטייט איר מיך, מייַנע ליבע ייִדן, דער מענטש איז זייער גרויס, זייער תקיף און שטאַרק אָנגענומען צווישן קריסטן. „געגערעלער" קומען צו אים אין שטוב אַריין, זיצן מיט אים אָט אַזוי=אָ, ווי איך מיט אייך... נו, פֿאַרשטייט זיך, אַז וויבאַלד קריסטן זענען מיט אַ ייִדן אָט אַזוי=אָ, וועט זיך אַ ייִד פֿאַר זיי מפֿקיר זיין...

מע קאָן נישט זאָגן, אַז דער דאָזיקער פּירוש איז געווען פֿאַר אונדזערע כתרילעווקער לייט אינגאַנצן פֿאַרשטענדלעך. זיי האָבן נישט אויפֿגעהערט צו גלעטן זיך דאָס בערדל און לויבן אין טאָג אַריין די סאַמע גדולים, אויסגערעכנט זיי אַ גאַנץ צעטל פֿון „גרויסע גדולים" און פֿון „קליינע גדולימלעך", און אַלע מיט די נעמען און מיט די גאַסן און מיט די נומערן פֿון די הייזער, זיך אָפּגעשטעלט אַלע מינוט כמעט ביי יעדן איינציקן גדול מיט אַ קורצער נאָר אַ שאַרפֿער כאַראַקטעריסטיק, וואָס פֿון דעם אַליין וואָלט געקאָנט זיין אַ באַזונדער בוך, ווען דאָס זאָל זיין ביי אונדז דער עיקר. נאָר אַזוי ווי דער עיקר איז דאָך די מעשה מיט די כתרילעווקער גשרפֿים, לאָזן מיר עס הורד פֿאַרביי און קערן זיך אום צוריק צו אונדזערע כתרילעווקער דעלעגאַטן אין דער גרויסער נישט-ייִדישער שטאָט, ווו מיר האָבן זיי איבערגעלאָזט סאַמע אין רעכטן אָנהייב פֿון זייער הייליקער אַרבעט.

קאַפּיטל י.

# אין עולם־התוהו

דער עולם־התוהו, ווי עס ווערט באַשריבן ביי אונדז אין די הייליקע ספרים — דאָס איז געווען די גרויסע שטאָט מיט אירע „גדולים“ פאַר אונדזערע אויסדערוויילטע פון כתריליעווקע. די גאַנצע קונץ פונעם עולם־התוהו באַשטייט אין דעם, וואָס דעם מענטשס נשמה בלאָנדזשעט אַרום אויף דער וועלט, איז אויסן אין אַלע ווינקעלעך, זעט און הערט און פילט אַלצדינג, נאָר דער גוף איז דערביי נישט אויסן. צי מחמת גרויס אויפרעגונג פון די מעשיות, וואָס זיי האָבן זיך אָנגעהערט אין וואַגאָן פונעם „יידן וואָס קאַטאָרי“, אָדער אפשר ווייל זיי זענען דאָס ערשטע מאָל אַרויס אויף דער גרויסער פרייער וועלט — דאָס איז זיכער, אַז זיי זענען נישט געווען בהאי עלמא. דאָס הייסט, די נשמה האָט זיך ביי זיי אַרומגעבאָמבלט דאָ צווישן די „גדולים“, נאָר דער גוף איז געווען ערגעץ ווייס איך וווּ, ווייט פון דאַנען.

פון דער ערשטער מינוט איז זיי געגאַנגען נישט כשורה, יעדנפאַלס — נישט אַזוי, ווי זיי האָבן זיך פאָרגעשטעלט. געגאַנגען זענען זיי דווקא מיט אַ סדר, מיט אַ סיסטעם, לויט ווי יענער פאַרשוין מיט די ברענדיקע אייגעלעך האָט זיי געלערנט און לויט די נומערן פון די הייזער מיט די נעמען פון די גאַסן, וואָס יענער האָט אויפגעגעבן. פריער האָבן זיי אָנגעקלונגען צו די „קלענערע גדולים“, דערנאָך צו די „גרעסערע גדולים“, און געשטיגן וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער. מע קאָן נישט זאָגן, אַז זיי האָבן נישט מצליח געווען. נדבות זענען דווקא איינגעגאַנגען, אָדער, ווי זיי האָבן זיך נאָכדעם באַרימט פאַר זייערע כתריליעווקער: „אַ רעגן פון נדבות האָט געגאָסן אויף זייערע קעפּ“. אויב עס האָט באמת געגאָסן אַ רעגן פון נדבות — דאָס ווייסן מיר נישט. איינס איז זיכער, אַז ביי זיי אין דער היים זענען זיי צו אַזעלכע נתינות געוויס נישט געוווינט געוואָרן, און אַזעלכע מטבעות, ווי מע האָט זיי דאָ דערלאַנגט, האָבן זיי געזען דאָרטן סיידן אין חלום, און דאָס — נישט אַלע מאָל... נישט מער, וואָס האָט זיי געקוועטשט? זיי האָט געקוועטשט נאָר איין זאַך: עס האָט זיי אויסגעוויזן, אַז זיי זענען נישט צווישן אייגענע... ווי ווילד־פרעמדע, ווי גאַנץ ווייטע האָט מען זיי אויפגענומען, אָפּגעגעבן זייערס און — האָט קיין פּאַראיבל נישט.

אַנדערע האָבן אפילו נישט געוואָלט אָנקוקן זייערע פּנימער, אַרויסגעשיקט זיי זייער נדבה נאָך איידער זיי האָבן אַריבערגעטראָטן די שוועל. אַנדערע זענען נאָך געווען בייז אויך, נישט געלאָזט זיך אויסרעדן אַן איבעריק וואָרט: „אָפּגעברענט געוואָרן? געהערט אַזעלכע זאַכן, איר זענט נישט די איינציקע“...

עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן אָנגעשריגן אויף זיי, אָנגערופן זיי מיט עפּעס זייער מיאוסע נעמען: „פלעכטלער“, „פּאָגאָרעלציס“, „שנאָרערס“... איינער אַ יונגערמאַן מיט אַ בלאַס פּנים מיט אַ שפּיציקער נאָז און מיט צוויי קליינע בערדלעך, צעקעמט רעכטס און לינקס, האָט זיך געהייסן ווייזן אַ בוך.

— וואָסער בוך?

— דאָס בוך, וווּ עס ווערן ביי אייך פאַרשריבן די נדבות.

דאָ האָט זיך שוין אַרויסגעשטעלט דער זקן, רב יוזיפל דער רב:

— די נדבות, וואָס ווערן געגעבן אויף אונדזערע נשׂרפים, ווערן פאַרשריבן מיט אַזאַ כּתב און מיט אַזאַ לשון, וואָס נישט איר און נישט מיר וועלן דאָס קאָנען לייענען אפילו...

רב יוזיפל האָט איצטיקס מאָל גערעדט פאַרשטעלט, אפילו מיט אַ בנעימותדיק שמייכעלע ווי אַלעמאָל, נאָר אין קול האָט זיך געלאָזט הערן אַ פאַרדראָס. רב יוזיפל דעם רב איז נישט געגאַנגען אין דעם, וואָס מען איז זיי חושד בכּשרים. ניין, אים האָט געאַרט די קאַלטקייט, וואָס האָט זיי באַגעגנט אומעטום, אין יעדער יידישער שטוב פון די דאָזיקע „גדולים“. רב יוזיפל איז געווינט געוואָרן ביי זיך אין כתריִלעווקע, אַז אַ ייד גיט אַ נדבה, עס מעג זיך זיין נאָר אַ פּרוטה, לאָז זיין אפילו אַ האַלבע פּרוטה, גייט ער זי מיטן גאַנצן האַרצן. וואָרום אחוץ, וואָס ער איז מחיה אַן אָרעמאַן, אַחוץ וואָס ער העלפט אַ נויטבאַדערפטיקן, טוט ער אַ גוטע זאַך און פ אַ ר ד י נ ט אַ מ צ וו ה... רב יוזיפל דעם רב האָט געוווּנדערט, וואָס צווישן די אַלע גדולים האָט זיך נישט געפונען קיין איינער, וואָס זאָל זיי אָפּגעבן אַ ייִדישן, אַ פּשוטן, אַ היימישן שלום־עליכם. קיין איינער האָט זיך נישט געפונען, וואָס זאָל זיך נאָכפרעגן אויף כתריִלעווקע, וואָס זאָל כאָטש וועלן אויסהערן זייער אומגליק, זייער האַרץ, און האָבן זיי זיך נאָר געפרוווט אָנהייבן רעדן, אויסרעדן זיך, דערציילן וועגן דעם גרויסן חורבן, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט, אַזוי האָט מען גע=

עפּעס דאָס בײטעלע, װי אײנער רעדט: „גאָט אײך און גײט אײך געזונטערהײט“...

געװוינט געװאָרן פון תּמיד אָן צו פאַרענטפערן יעדן אײנציקן, האָט רב יוזיפל געזוכט צו געפינען אַ זכות אויך אויף די האָזיקע „גדולים“.

— מענטשן געפינען זיך אין אַזאַ עולם־התּוהו! — האָט ער זיך געטראַכט און געטאַנצן מיט פעסטע טריט, גאָרנישט נאָך זײנע יאָרן, אַלץ װײטער און װײטער.

עס איז געװען שױן נישט פרי, װען אוהרזיערע דעלעגירטע פון כּתריאלעװקע זענען צוגעטראָטן צום סאַמע גרעסטן גדול, צום „לײב צװישן די חיות“, װי יענער מענטש אין װאַגאָן האָט אים אָנגערופן. און דאָ האָבן זײ זיך דערמאָנט אָן דעם, װאָס יענער מענטש האָט זײ געגעבן אָנצוהערעניש אויף דעם „גדול“, אַז װען זײ זאָלן זײַן נישט קײן ײדן — עהע־הע!

דער האָזיקער „עהע־הע“ מיט דער קילקײט, װאָס זײ האָט באַגעגנט אומעטום, אין יעדן הויז, האָט זײ געבראַכט דערצו, אַז זײ זאָלן בימלעכװײז פאַרלירן זײער קוראַזש און מורא האָבן אָנצוקלינגען בײ אַזאַ גדול, װאָס רעכנט זיך פאַר אַ „לײב צװישן די חיות“... אַ היפּשע װײלע איז מען געשטאַנען בײ דער טיר און געדונגען זיך, צי מע זאָל טאַקע אָנקלינגען פּשוט, װי מע האָט אָנגעקלונגען אומעטום, צי אפשר?...

— אפשר װאָס?

— גאָרנישט.

— װאָס זשע זאָגט איר „אפשר“?

— װער זאָגט דען „אפשר“?

— אַז איר זאָגט נישט „אפשר“, פאַרװאָס זאָלט איר נישט אָנקלינגען?

— װו שטײט עס, אַז איך? פאַרװאָס נישט איר?

— הײבט זיך אָן אַ מעשה מיט אַ ײדן!

— שא, שא, קינדערלעך, לאָז זײַן שטיל! — רופט זיך אָן רב יוזיפל און טוט אַ צי דאָס גלעקל פון דער טיר, קוים־קוים, אויף װיפל עס דערלויבן אים זײנע אַכציק יאָר.

קאפיטל יא.

## אין די הויכע פענצטער

שטייענדיק היינט ביי דער טיר ביים סאַמע גרעסטן פון די „גדולים“, ביים סאַמע „לייב פון די חיות“, האָבן אונדזערע כתריליעווקער דעלעגאַטן געהאַט אַ געלעגנהייט אַ ביסל צו פאַרנעמען זיך מיט חקירה וועגן די הויכע פענצטער: וואָס טוט זיך דאָרטן? אַ שטייגער, וואָס טוען די „גדו־לים“ ביי זיך אין די אַפּאַרטאַמענטן אין דער צייט, ווען היגטן ביי דער טיר שטייען און וואַרטן „קליינע מענטשעלעך“ מיט זייערע קליינע עסקים, געשעפטן, בקשות, פלאַגן און חלומות? אפשר זיצן זיי דאָרטן בעת־מע־שה איבער זייערע גרויסע געשעפט־ביכער, ברעכן זיך די מוחות און זענען אַזוי פאַרטיפט, אַז זיי ווייסן גאָרנישט, וואָס אונטן טוט זיך?... און אפשר זיצן זיי און קלערן, וואָס זאָלן זיי אויפטאָן, מתקן זיין אויף דער וועלט מיט דעם כוח פונעם גאָלד, וואָס דער אייבערשטער האָט זיי באַגליקט צוליב דער טובה פון זייער פאָלק, אָדער פון דער גאַנצער מענטשהייט? און אפשר זיצן זיי גלאַט אַזוי צונויפגעלייגט די הענט, טוען זיך אָן כל תענוגי העולם הזה, עסן און טרינקען און שלאָפן, ווי גאַנץ געוויינלעכע מענטשן?

ציימט אויף צו חקירהן האָבן אונדזערע דעלעגאַטן געהאַט גענוג: אויף דעם שוואַכן קלונג פונעם אלטן רב יוזיפּל האָט מען זיך נישט געכאַפּט זיי צו עפענען. זיי האָבן געהאַט צייט אויך אויף צו דורכשמועסן זיך וועגן דעם, ווי אַזוי מע זאָל זיך פאָרשטעלן פאַרן „גדול שבגדולים“ און ווער עס זאָלן מיט אים רעדן. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז רעדן דאַרף מיט אים דער רב. וועגן? די פראַגע איז גאָר פון וואָס ער זאָל אָנהייבן? וואָרום לויט ווי דער פאַרשוין אין וואַגאָן האָט זיי אָנגעשראָקן, דאַרף מען וויסן, ווי מיט אים צו האַנדלען און וואָס אים צו זאָגן. נישט אומזיסט שטייט ביי אונדז געשריבן: „החיים והמות ביד הלשון“ — דער פשט איז: אַז מיט איין וואָרט קאָן מען אַמאָל קאַליע מאַכן אַזויפיל, וואָס איר וועט דערנאָך נישט פאַרריכטן מיט קיין צען טויזנט ווערטער.

און די דעות האָבן זיך דאָ ביי זיי צעטיילט אויף צוויי כיתות, צוויי לאַגערן: ר ע כ ט ע און ל י נ ק ע. די רעכטע, די עלטערע פון די אויס־ערוויילטע, זענען געגאַנגען מיט דעם ר ע כ ט ן וועג. זיי האָבן געדרונגען, אַז מע קומט צו אַזאַ גרויסן גביר, דאַרף מען קומען

מיט תחנונים, אויסמאָלן דעם חורבן פון כתרילעווקע מיט אַלע פּיטשעווע־קעס: „אָט ערשט נישט לאַנג געווען אַ שטאָט, ווי אַלע שטעט. האָט זיך אויפגעהויבן אין מיטן דער נאַכט אַ שטורעם־ווינט מיט אַ פייער פון גאָט, און עס איז אַוועק מיטן רויך די גאַנצע שטאָט, אָפּגעמעקט געוואָרן כתרילעווקע פון דעם פּנים פון דער ערד“... דערביי דאַרף מען נישט פאַר־געסן קיין טרויעריקע פאַרבן, ווי אַזוי נאַקעטע, באָרוועסע, הונגעריקע ליגן אונטער גאָטס הימל און בעטן ברויט, לאָזן אַ טרער, און פאַרוואָס טאַקע נישט געבן קיין רעכטן וויין, ווי עס געהער צו זיין?... און די ליבע, יונגעלייט געווייטלעך, האָבן געטענהט פאַרקערט: וואָס פאַר א ווייגען פלוצים אין מיטן דרינען? ווער זענען מיר, ווייבער? צי איר מיינט, אַז די גבירים זענען זשעדנע טרערן? זיי דאַרף מען נעמען מיט יושר, מיט געדעכטיקייט. „היתכן — דאַרף מען זיי פרעגן — אַז אין דער צייט, וואָס דאָ וואַלגערט זיך גאָלד אין די גאַסן און מענטשן טוען נישט אַריין קיין האַנט אין קאַלט וואַסער, גייט מען דאָרטן אויס פאַר אַ לעפל געקעכטס — לעבעדיקע נפשות, אייגענע ברידער, בלוט און פלייש?!“... „אי־אי! אי־אי! — האָבן זיך די רעכטע אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ. — זיי ווילן אונדז איבערקוילן דעם האַלדז אָן אַ מעסער! אלה תולדות יונגעלייט!“...

א גליק, וואָס רב יוזיפל איז געווען דערביי, האָט ער זיי גיך איינ־געשטילט מיט ווייכע רייד, ווי זיין שטייגער איז.

— קינדערלעך — האָט ער זיי געזאָגט — אומזיסט אייער קריגן זיך, וואָס איר קריגט זיך. וואָס קאָן אַ מענטש, אַ בשר־ודם משטיינס געזאָגט, וויסן, וואָס ער וועט זאָגן? און אַז בלעם הרשע איז שוין געווען אָנגעטרעקויפט און גאָר פאַרטיק אויף צו שעלטן די יידן — נו, האָט ער זיך דען געריכט, אַז דער וואָס לעבט אייביק וועט אים איבער־דרייען די ווערטער מיטן קאָפּ אַראָפּ? מיר ווילן, אם ירצה השם, אים נעמען נישט מיט תחנונים און נישט מיט סטירדעס, נאָר מיט אַ משל. אַז גאָט וועט הייסן, וועל איך אים דערציילן אַ משל מיט אַ מלך, וואָס האָט זיך צעבייזערט אויף זיינע אייגענע קנעכט און האָט פאַרברענט זיין אייגענעם פּאַלאַץ...

א שאָד. אזא שיינער משל — און איז געבליבן אין מיטן, איבער אַ סיבה, וואָס נישט רב יוזיפל און נישט די איבעריקע אויסדערוויילטע זענען געווען אין דעם שולדיק. שולדיק איז געווען אין דעם גאָר אַ זייטיקער פאַרשוין. דאָס איז געווען דער אָנגעוואָפּנטער נפש, וואָס איז הערמאָנט

ביי אונדז אין אָנהייב באַשרייבונג. א סבֿרה, אַז דער האָזיקער יונג, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אכמונג צו געבן אויף דער קאַס, האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן אונדזערע כתריליעווקער לייט אויפֿן אויג. אים איז די גאַנצע קאָמפּאַניע נישט געפֿעלן געוואָרן מיט זייער גיין פֿון שטוב צו שטוב, מיט זייער פֿאַררייסן די קעפּ און קוקן אויף די נומערן פֿון די הייזער און מיט זייער אַלעמאָל אָפּשטעלן זיך איבערשמועסן זיך אויף אַ קול אַלע אינאיינעם, ווי די גענדז: גער־גער־גער! דאָ, ביי זייער לעצטן אָפּשטעל און אויסשטענהן זיך, האָט ער שוין מער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן און ער האָט זיך ווידער אַמאָל געלאָזט גלייך אויף זיי — דאָס מאָל שוין מיט מער פֿרישקייט און מיט מער אימפּעט.

דערזען פֿאַר זיך דעם שונא אַזוי נאָענט און דערפֿילט אַ סכּנה, זענען אונדזערע דעלעגאַטן פֿאַרשטאָרבן געוואָרן, און ס'איז געבליבן בהסכּם כּולם, אַז מע דאַרף זיך ראַטעווען, מאַכן פּליטה. וווהין? צוריק — הייסט גיין גלייך אויף אים. האָבן זיי גענומען קלינגען אַלע מיטאַמאָל אין דער טיר אַריין, גוט קלינגען, מיט אַלע כּוחות, און גאָט האָט געהאָלפֿן — די טיר האָט זיך טאַקע, עפּעס ווי על־פּי־נס, געגעבן אַ עפֿן אויף, און עס האָט זיך באַוויזן אַ פֿאַרשוין מיט אַ רויט אויסגעהאָדעוועט פּנים, מיט אויסגעשנימענע פּאָלעס און מיט ווייסע הענטשקעס אויף די הענט. אַרויסגעלאָפֿן איז דער פֿאַרשוין מלא רציחה, געמאַכט מיט די הענט, געשריגן און געשאָלטן און געהאַרבעט אַזוי, גלייך ווי דאָס וואָלטן זיין ווילדע מענטשן, אָדער גזלנים, כוליגאַנעס, וואָס האָבן געוואָלט מאַכן אַן אָנפֿאַל אין מיטן העלן טאָג אויף זיין באַלעבאָס שטוב.

דערזען פֿאַר זיך „אַן אָפֿענע טיר“, האָבן זיך די כתריליעווקער „כוליגאַנעס“ געגעבן אַלע אינאיינעם א שפּאַר אריין. האָט זיי אָבער דער פֿאַרשוין מיטן אויסגעהאָדעוועטן פּנים מיט די ווייסע הענטשקעס געגעבן מיטן גאַנצן כּוח אַ שפּאַר־אַרויס צוריק. און אין דער מינוט איז אונטערגעקומען דער יונג מיט דער שוועדל, געגעבן אַ שטאַרקן פֿייף, און ס'איז אויסגעוואַקסן, ווי פֿון אונטער דער ערד, נאָך אַ יונג, אויך אַן אָנגעוואָפּנטער פֿון קאָפּ ביז פֿיס.

אומזיסט האָבן זיך אונדזערע כתריליעווקער אויסדערוויילטע געבעטן ביים פֿאַרשוין מיט די ווייסע הענטשקעס, ער זאָל זיי אַריינלאָזן אינעווייניק. כאָטש פֿון פֿאָרנט, כאָטש אין קיך אַריין. אומזיסט האָבן זיי פֿאַרריסן די אויגן אַרויף, אַריינגעקוקט אין די הויכע פֿענצטער אַריין, טאָמער וועט דער אייבערשטער טאָן אַ נס (ער, אַז ער וויל, קאָן ער!), טאָמער

וועט דער גביר אַליין, אָדער עמעצער פֿון זיין הויזגעזינד, דערזען ייִדן זענען אין אַ סכּנה, וועט מען אַרויסגעבן אַ באַפֿעל פֿון אויבן, מע זאָל זיי נישט אָנרירן...

האָט אָבער אויף זייער מזל קיינער פֿון די הויכע פֿענצטער נישט אַראָפּגעקוקט, און אונדזערע דעלעגירטע, די פֿאַרנעמסטע באַלעבאַטים פֿון כתרילעווקע מיטן רב רב יוזיפֿל בראש, זענען אָפּגעפֿירט געוואָרן מיט גרויסן כּבֿוד אין אַזאַ מקום אַריין, וואָס קיין דייחה־געלט קאָסט דאָרט נישט און אַלע זענען דאָרט גלייכע מיוחסים: אַפֿילו ייִדן, און אַפֿילו כתרילעווקער ייִדן, קאָנען זיך דאָרטן זיצן און זיצן, אַבי יאָרן.

קאַפּיטל יב.

## דער נס

דער וואָס מיינט, אַז היינטיקע צייטן טרעפֿן זיך שוין גאָר קיין נסים נישט — דער האָט אַ טעות. אמת, אַ נס טרעפֿט זיך היינט זעלטן, זייער זעלטן, אָבער עס טרעפֿט. דעם בעסטן באַווייז האָבן מיר — אונדזערע כתרילעווקער געפֿאַנגענע.

די לעזער מעגן זיך מיינען, אַז, ווי יעדער מחבר, זענען מיר מסתמא מגזם און טראַכטן אויס אַזעלכע זאַכן, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפֿלויגן. מיר פֿאַרזיכערן אָבער, אַז דאָס, וואָס מיר דערציילן דאָ, איז לויטער אמת. פּונקט אין דעם מאָמענט, וואָס סע האָט זיך געטראָפֿן דער אויבנבאַשריבענער פֿאַל מיט די כתרילעווקער חלעגאַטן ביי דער טיר פֿונעם גדול, פֿונעם „לייב צווישן די חיות“, פּונקט אין דער מינוט, ווען זיי זענען געשטאַנען אין איין ציטערניש און געקוקט אַרויף־צו אין די הויכע פֿענצטער און געטראַכט זיך יעדער ביי זיך אין האַרצן: „מאַין יבוא עזרי — פֿון וואַנען וועט קומען די הילף, פֿון גאָט, צי פֿון אַ מענטשן?“ — פּונקט אין דער צייט האָט באַהאַרפֿט גיין פֿאַרביי אונדזער באַקאַנטער פֿאַרשוין פֿון וואַגאָן, דער „ייִד וואָס קאַטאָרי“.

געגאַנגען איז ער זיך וועגן זיינע אייגענע געשעפֿטן, און גיך, ווי זיין שטייגער איז, מיטן קאַפּעלישל אָהינטער, ווייזט אויס, פֿאַרטראַכט. דערזען זיינע באַקאַנטע ייִדן, אַרומגערינגלט מיט סאָלדאַטן, איז ער שטיין געבליבן. ער האָט באַלד אָנגעשמעקט מיט זיין נאָז, וואָס דאָ טוט זיך,

און איז גרייט געווען די רגע אַרייַנשפּרינגען אין מיטן און אויפֿהייבן אַ סקאַנדאַל, זיי מאַכן אַ וויסטן סוף: „פֿאַרוואָס? פֿאַר ווען? גאָט די נשמה!“...

נאָכדעם האָט ער זיך אָבער מיישב געווען: אפֿשר גיין? ער קען זיך זייער גוט. אַ היציקער מענטש. מי יודע וואָס פֿאַר אַ ווערטער עס קאָנען זיך אַרויסרייסן ביי אים פֿון מויל... ער האָט זיך געטראַכט, אַז מיט תקיפֿות איז נישט גוט (ס'איז תמיד גלייכער, אַז מע באַטראַכט זיך), און ער האָט אַראָפּגערוקט דאָס קאַפּעלישל, זיך גענומען ביים בערדל, צוגע־מאַכט אַן אויג — אַ סימן, אַז דער מוח אַרבעט — האָט זיך אויסגעקלע־רעוועט צוריק און איז מיט די זעלבע גיכע טריט אַוועק, ווי אַ מענטש, וואָס איז געפֿאַלן אויף אַ גלייכער המצאה און האָט פֿעסט באַשלאָסן דורכצופֿירן די אידעע ביזן סוף.

וווהין איז דער פֿאַרשוין אַוועק?

מיר ווייסן נישט, וווהין, נאָר מיר קאָנען רעכענען, אַז מסתמא האָט ער זיך געלאָזט גיין טאַקע אהין, צום „לייב פֿון די חיות“, מחמת דעם זעלבן אויף־דער־נאַכט האָט דער טעלעפֿאָן אין די הויכע פֿענצטער אָנ־געהויבן צו אַרבעטן מיט סכנת־נפֿשות...

און אין דער פֿאָליציע האָט געקאָכט. פֿענעס האָבן געסקריפּעט, טינט האָט זיך געגאָסן, פּאַפּירן זענען אָנגעשריבן געוואָרן, און די גע־פֿאַנגענע, וועלכע זענען שוין גרייט געווען צו גיין אַ לאַנגן וועג אהיים מיטן עטאַפּ, זענען פּלוצעם אויפֿגעכאַפּט געוואָרן אין מיטן ביינאַכט, אַרויסגעצויגן געוואָרן פֿון דער פֿינצטערניש און אַרייַנגעפֿירט געוואָרן אין אַ גרויסער ליכטיקייט מיט אַזאַ אימפּעט, גלייך ווי דאָס וואָלטן זיין נישט כתרילעווקער קליינע מענטשעלעך, נאָר מי יודע ווער... אמת, מע האָט זיי קיין שטולן נישט אונטערגעטראָגן, זעצן זיך נישט פֿאָרגעלייגט און פֿון מחילה בעטן שמועסט מען נישט. דערפֿאַר האָט מען אָבער נישט געהערט, מע זאָל אויף זיי אָנשרייען, חלילה, ברענגען פֿאַרן מויל דעם יידישן טיטל „זשיד“; אדרבא — פֿיין, שטיל, נאָר זייער בהפֿזונדיק, געכאַפּט, טאַקע נאָר ווי יציאת־מצרים, איז צוגעגאַנגען די באַפֿרייונג פֿון די כתרילעווקער כוליגאַנעס. די קלענערע שרייבער און שרייבערלעך האָבן זיך נישט געקאָנט זאַט באַוונדערן, וואָס טוט זיך דאָ: „איבער אַזעלכע יידלאַקעס אַזאַ בהלה!“...

די ערשטע מינוט, אַז מען איז אַרייַנגעקומען צו אונדזערע געפֿאַנ־גענע און געזאָגט, זיי זאָלן זיך מטריח זיין אַרויף, האָבן זיי זיך איבער־

געקוקט צווישן זיך און אָפּגעזעגנט זיך שטילערהייט, אָז ווערטער. וואָס דערוואַרט זיי דאָרטן, אויבן? — דאָס ווייסט נאָר איין גאָט אין הימל. הלוואַי, רבונו־של־עולם, זיי זאָלן אָפּקומען נאָר מיט תפיסה אַליין. וואָרים וואָס איז היינטיקע צייטן תפיסה, אַז תליה איז אַ וואָכעדיקער גאַנג?... דאָס איז אָבער נאָך גישט אינגאַנצן: יעדער ייד האָט אַ ווייב און קינדער, און אַז עס קומט צו אַ ווייב מיט קינדער, זענען יידן (מיר מוזן זיך מודה זיין) געפּערלעכע עגאָיסטן...

מיט אונטערגעהאַקטע פיס און מיט צעבראָכענע הערצער זענען אונדזערע דעלעגאַטן אַריינגעבראַכט געוואָרן פאַר די, אין וועמענס הענט עס איז געלעגן איצט זייער גורל. נאָר איינער איז געגאַנגען פאָרויס מיט פעסטע טריט, ווי אַלעמאָל, כאָטש אפילו שטאַרק איינגעבויגן און אָנגע־לענט אויפן שטעקן.

דאָס איז געווען דער אַלטער רב יוזיפּל.

— ווער איז דאָ צווישן אייך דער „סאַמע ראַבין“? — האָט מען זיי אַ פרעג געגעבן האַלב ערנסט און האַלב ליצנותדיק.

— דאָס בין איך! — האָט אַ זאָג געגעבן רב יוזיפּל מיט אַ מאָד־נער שטאַרקייט און אין אַרויסגעטראָטן מיט אַזאַ מסירת־נפש, גלייך ווי ער וואָלט גענומען אויף זיך דעם גאַנצן בלבול און וואָלט זיין גרייט די רגע גיין אויפן עשאַפאָט פאַר זיינע אַלע יידן.

שיין, גרויסאַרטיק שיין, איז געווען אין דער מינוט אָט דער אַכציק־יעריקער זקן. זיין געל־געקניטשט, דורכזיכטיק געלייטערט פּנים האָט געלויכטן, גלייך ווי די שכינה וואָלט אויף אים גערוט. אין זיינע אַלטע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ יונג פייערל, נאָר די הענט האָבן אים געציטערט און די אַקסלען האָבן זיך געטרייסלט. ער האָט געוואַרט, וואָס וועט מען אים זאָגן. ער איז גרייט געווען אויסצוהערן אַלצדינג, דאָס ערגסטע, וואָס בייזע מענטשן קאָנען נאָר צוטראַכטן. וועמען הערט אָט דער אַל־טער מיט די אַכציק יאָר, וואָס הינטער זיינע פּלייצעס? ער האָט אַזש פאַרלייגט איין האַנט אַהינטער און געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין מיט גדלות און מיט אַן עזות, וואָס די אויף־טויט־איבערגעשראָקענע כתרילעווקער אויסדערוויילטע האָבן עס קיינמאָל אויף זייער רבין נישט געזען.

דאָס איז געווען אַ הויכע מינוט, וואָס האָט זיך געצויגן לאַנג־לאַנג, אפשר אַ גאַנצע אייביקייט.

— ביסטו דאָס, הייסט עס, דער „סאַמע ראַבין“? — האָט מען אים נאָכאַמאָל אַ זאָג געגעבן מיטן זעלבן האַלב־ערנסטן, האַלב־ליצנותדיקן טאָן. — נאַ, אָט האָסטו דיר צוריק דיין געלט, וואָס איר האָט צוזויפגעזשעברעט פאַר אייערע אָפּגעברענטע יידלעך, און נעמט אייך אייערע לייבסערדאַקעס (דאָס האָט מען געמיינט, אפנים, די טלית־ותפילינס) מיט די פּאָנטשאָכעס (און דאָס האָט מען געמיינט, אפנים, זייערע באַרימטע זאָקן־גיקעס) — און היידאַ גלייך מיט דער באַן צוריק אַהיים. ביז טאָג זאָל דאָ אייער פוס נישט זיין. מאַרש!

*

*           *

געקומען אַהיים, האָבן אונדזערע אויסדערווײלטע געהאַט געגעבן צו דערציילן חידושים און נסים ונפלאות פון זייער נסיעה און די נסיונות, וואָס זיי זענען אויסגעשטאַנען צוליב די נשרפים: ווי אַזוי מען איז געפאָרן, און ווי אַזוי מען איז געקומען, און וואָס מע האָט גערעדט, און וואָס מע האָט געזען, ווי אַזוי עס האָבן זיך געגאָסן אויף זיי נדבות — אַ מבול פון נדבות (פריער איז געווען אַ „רעגן“, איצט איז שוין געווען אַ „מבול“), און ווי אַזוי מען האָט זיי געפאַנגען דאָרט, ביי די הויכע פענצטער, און אָפּגעפירט אין גוטן „מקום“, צוגענומען ביי זיי די „קלינגערס“ און אַריינגעזעצט אין „חד־גדיא“ אַריין... און נאָכדעם — דער נס, ווי אַזוי דער אייבערשטער האָט באַוויזן, וואָס ער קאָן: מע האָט זיי באַפרייט און אומגעקערט צוריק דאָס גאַנצע געלט ביז דער לעצטער פּרוטה, און נאָך מיט אַ יתר־שאת: אַז זיי זענען שוין געווען גרייט צו דער נסיעה צוריק אַהיים, האָט זיי אָנגעיאָגט איינער אַ מענטש מיט אַ הויכן קאַפּעליש און האָט זיי איבערגעגעבן גאָר איבעראַניים אַ שיינע מטבע, אַ היפּשע „פּויטיקע“ — אַ נדבה פאַר די כתרילעווקער נשרפים, טאַקע פון אים אַליין, פון דעם, וואָס יענער פאַרשוין האָט אָנגערופן מיטן נאָמען: „דער לייב צווישן די חיות“ — היינט גייט זאָגט, אַז ס'איז נישטאָ קיין גאָט אויף דער וועלט!

יאָ, די כתרילעווקער דעלעגאַטן האָבן געהאַט וואָס צו דערציילן, און זיי האָבן נאָך וואָס צו דערציילן און צו דערציילן. איך מיין, אַז מע וועט קלעקן אויף אַ גאַנצן ווינטער, און אפשר וועט נאָך בלייבן אַ ביסל אויפן זומער.

נאָר אײן רב יוזיפל האָט נישט דערצײלט גאָרנישט. ער האָט אָנגענומען אַ פֿול מויל װאַסער — און שאַ. ער האָט זיך פֿון דער נסיעה אומגעקערט זײער מיד און שװאַך און צעבראָכן. נישט אַזױ צעבראָכן אין גוף, װי אין נפֿש, אין דער נשמה... און דערצו איז ער געװען פֿאַרנומען, באַשעפֿטיקט טאַקע מיט זיך אַלײן. ער האָט זיך, פֿאַרשטײט איר מיך געגרײט צו אַן אַנדער נסיעה, ער האָט זיך געגרײט אין זײַטן װעג אַרײַן, — אין אַ װעג, פֿון װאַנען קײנער איז נאָך ביז הײַנט צוריק נישט געקומען... מײַנט נישט, אַז אַ ייִד װי רב יוזיפל, ער מעג זיך זײַן אַ רב און אַ זקן און אַריבער שמונים, אײן מענטש אַלײן, אָן אַ קינד, אָן אַ רינד, אָן אַ שום פֿאַרמעגן, — נאָר קוים האַלט מען ביי גײן פֿון דער זינדיקער װעלט, איז פֿאַראַן, פֿאַראַן װאָס צו טאָן...



ז. טאָלקאַטשאָוו   פּאָרטרעט פון שלום־עליכמען (אייל)

# דאָס נייע כתרילעווקע

באַשרייבונגען

## הקדמה

אין דער לעצטער צייט האָבן אָנגעהויבן אַרויסגיין אויף דער וועלט אַלערליי באַשרייבונגען פון שטעט און פון לענדער, וכדומה אַזעלכע נוצלעכע ביכער. האָב איך מיך מיישב געווען אַזוי: אומעטום טאַנצן מיר זיי נאָך: ביי זיי זענען פאַראַן גאַזעטן — ביי אונדז זענען פאַראַן גאַזעטן; ביי זיי איז פאַראַן „גאָווי גאָד“ — ביי אונדז איז פאַראַן „גאָווי=גאָד“; ביי זיי איז פאַראַן „יאָלקעס“ — ביי אונדז איז פאַראַן „יאָלקעס“... ביי זיי איז פאַראַן אַ בוך „גאַנץ מאָסקווע“, „גאַנץ פעטערבורג“, „גאַנץ בערלין“, „גאַנץ פאַריז“, — פאַרוואָס זאָל ביי אונדז נישט זיין אַ בוך „גאַנץ כתרילעווקע“?

ואני — און איך, שלום=עליכם, וואָס איך בין אַליין אַ דאָרטיקער פון געבוירן און בין נישט לאַנג געווען דאָרטן צו=גאַסט אויף קבר=אבות, האָב איך מיך מיישב געווען: מיט וואָס קאָן איך אָפּדאַנקען מיינע כתרילעווקער ברידער און שוועסטער פאַר זייער גאַסטפריינדלעכקייט, ווען נישט מיט דעם, וואָס איך וועל זיי מאַכן אַ שטיקל נאָמען אויף דער וועלט? דערביי האָב איך אין זינען געהאַט, געווינטלעך, מער טובת=הכלל ווי מיין אייגענע טובה: לאָזן פרעמדע מענטשן וויסן, אַז זיי וועלן קומען קיין כתרילעווקע, וווּ מע דאַרף זיך אָפּשטעלן, ווי אַזוי מע דאַרף פאָרן, וווּ מע זאָל עסן אַ גוטן מיטאָג, פאַרטרינקען מיט אַ גלעזל וויין, זיך דורכגיין אַ ביסל אַמוזירן אין טעאַטער, וכדומה אַזעלכע פאַרגעניגנס, וואָס זענען דאָרטן פאַראַן לרוב, וואָרום ס'איז שוין נישט דאָס כתרילעווקע, וואָס אַמאָל. דער גרויסער וועלט=פּראָגרעס האָט זיך אַהין אַריינגעכאַפּט און האָט איבערגעדרייט די שטאָט מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פיס אַרויף. און דערפאַר האָב איך עס אַ נאָמען געגעבן: „דאָס נייע כתרילעווקע“.

# 1
# כתרילעווקער טראַמוויי

אָנגעקומען בין איך קיין כתרילעווקע מיט דער באַן — עס גייט שוין דאַנקען גאָט, אַהין אַ באַן! — אָסיען־צייט, אין דער פֿרי, פֿאַרן דאַווענען. אין הרויסן האָט געמראָקעט אַ קליין רעגנדל, און סע האָט זיך געבילדעט פֿון דעם אַ גרויס שיטער בלאָטקעלע. אויפֿן וואָקזאַל האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אַקעגן מיר אַ גאַנצע קאָמאַנדע הויז־משרתים מיט געלע בערד, מיט געלע קאַפּאָטעס און מיט געלע בלעכלעך אויף די געלע אָפּגעבאַרעטע קאַשקעטלעך.

— פּעטער! גראַנד־האָטעל!
— האָטעל פֿראַנציע, פּעטער!
— פּעטער! פּאָרטוגאַליע!
— פּעטער! טערקאַליע!...

דורכגעלאָפֿן מיט גאָטס הילף דורך דער דאָזיקער קאָמאַנדע הויז־משרתים בשלום, האָב איך מיך אַריינגעכאַפּט צווישן אַן אַנדער חברה, חברה בעלעגאָלעס מיט גרויסע שטיוול און מיט לאַנגע בייטשן. די דאָזיקע חברה־לייט האָבן מיך ממש שיער נישט צעריסן אויף שטיקלעך.

איינער אַ יונגאַטש מיט בייגער האָט ביי מיר בעל־כּרחו אַרויסגעריסן מיין טשעמאָדאַנטשיק, האָב איך געמאַכט זייער אַ גרויסן געוואַלד: „מיינע כתבים! מיינע פּאַפּירן!“ האָבן זיך צוויי אַנדערע באַלעגאָלעס אָנגענומען מיין קריוודע, מיך געוואָלט נעמען צו זיך, און ס'איז געוואָרן צווישן זיי אַ געשלעג. בתוך כך האָב איך געכאַפּט מיין טשעמאָדאַנטשיק, אַרויסגעגליטשט זיך פֿון זייערע הענט און האָב זיך געלאָזט גלייך צום טראַמוויי.

אַהער, ברידערלעך, אַהער! אַ פּיטאַקל אַ פֿאָר! אַ פּיטאַקל אַ ייִד, פֿון דאַנען ביזן עק בעלעפּיליר גאַס סך־הכּל איין פּיטאַקל! פֿינף קאָפּיקעס אַ ייִד!

דאָס שרייט דער קאָנדוקטאָר אַליין, אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ געל בערדל, אויף אַ כאָרכלדיקער שטימע, מיט אַ רייזעטאַש אויפן האַלדז און מיט אַ קנעפּל אויפן קאַשקעטל. נעבן אים שטייט נאָך איינער, אַ ייד מיט אַ צעריסענער קאַפּאָטע און מיט אַ בייטש — דער קוטשער פונעם טראַמוויי. ביידע ווייזן מיר מיט די הענט אויף אַ מיןביידל, וואָס שטייט אָנגעבויגן אַ ביסל אויף אַ זייט, מיט אויסגעזעצטע שויבן, וואָס מע רופט דאָס „וואַגאָן“; ביי אַ לאַנגן דישעל שטייט צוגעשפּאַנט אַ ווייס אויסגעדאַרט פערדל, האַלט אַראָפּגעלאָזט די מאָרדע און דרימלט.

— פּאַוואָליע נאָר — זאָגט צו מיר דער קאָנדוקטאָר — איר זאָלט זיך נישט פאַרשעפּן דאָרט; עס פעלט אַ ברעטל אין דער פּאָדלאָגע. מע רעמאָנטירט דעם טראַמוויי.

איך זעץ מיך פּאַמעלעך איין וואַגאָן, לייג אַנידער נעבן זיך דעם טשעמאָדאַנטשיק און וואַרט. ס'איז קילבלעך. איך קלאַפּ אַ פוס אָן אַ פוס.

— קאָנדוקטאָר! — זאָג איך צום יונגנמאַן. — מיר וועלן אַמאָל פאָרן, צי ניין?

— אם ירצה השם, מיט גאָטס הילף! — ענטפערט מיר דער קאָנדוקטאָר.

— געב נאָר אַהער אַ ביסל טיטין, דו, יאָסל! — מאַכט צו אים דער קוטשער, וואָס מיט דער בייטש און מיט דער צעריסענער קאַפּאָטע.

— איר זענט נישט קראַנק צו רויכערן קאָרענצים, רב כתריאל! — האַקט אים אָפּ יאָסל דער קאָנדוקטאָר. — פון גוטן טיטין קאָן אייך חלילה ווי טאָן דער קאָפּ!

— מאַך נישט קיין אָנשטעלן, דו סמאַרק אײנער, און געב אַהער אַ ציגאַר טיטין! — זאָגט צו אים כתריאל דער קוטשער.

און דער קאָנדוקטאָר מיטן קוטשער פאַרדרייען צו פּאַפּיראָסן.

— ווען וועלן מיר פאָרן? — פרעג איך ווידער ביים קאָנדוקטאָר.

— היינט — ענטפערט ער מיר גאַנץ קאַלטבלוטיק און גיט דעם קוטשער פאַררויכערן.

איך וואַרט און וואַרט, ביז עס הייבן אָן ביסלעכווייז צונויפקלייבן זיך פּאַרשוינען. פריער קריכט אַריין אַ ייד מיט אַ צעריסן טולופּ פון אַ מין רויכוואַרג, וואָס ס'איז שווער צו טרעפן, וואָס פאַר אַ חיה האָט געטראָגן די דאָזיקע פעל: זאָל איך זאָגן אַ פוקס — איז דאָס צו ווייס; זאָל איך זאָגן אַ קאַץ — איז דאָס צו רויט. נאָך דעם יידן מיט דעם צע-

ריסענעם טולופּל קריכט אַריין נאָך אַ ייד אָן אַ טולופּ, אַ געפרוירענער נעבער, קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן, זיפצט און זוכט אַן אָרט און זעצט זיך אַנידער ביי דער טיר אין אַ ווינקעלע. נאָך דעם געפרוירענעם יידן קריכט אַריין אַ קאָשעק מיט עפּל, און תיכף נאָכן קאָשעק — אַ יידענע, איינגעוויקלט אין דריי שאַלן, און אלע דריי זענען צעפלאָכטן, און מע זעט, אַז ס'איז איר געבער קאַלט.

— פּיאָ-אויט! רב כתריאל, פּאַשאָל! — רופט זיך אָן יאָסל דער קאָנדוקטאָר צו כתריאל דעם קוטשער, טוט א פּייף, און דער טראַמוויירט פונעם אָרט. ער גייט אָפּ עטלעכע טריט און שטעלט זיך באַלד אָפּ אַנידער. עס עפנט זיך אויף דאָס טירל פונעם וואַגאָן און עס באַווייזט זיך אַ קאָפּ.

— נישט פאַראַן דאָ משה?

— וואָסער משה? — פרעגט יאָסל קאָנדוקטאָר.

— אַ בחור מיט אַ קאַשקעט! — ענטפערט דער קאָפּ.

— ער דינט אין א זאַליאַזנע קראָם? — פרעגט אים יאָסל.

— אין אַ זאַליאַזנע קראָם — ענטפערט דער קאָפּ.

— איך קען אים! — מאַכט יאָסל קאָנדוקטאָר, טוט אַ פּייף צום קוטשער: —

פּיאָ-אויט! רב כתריאל, פּאַשאָל!

און מיר פאָרן ווייטער.

— אַ בילעט! — רופט זיך אָן צו מיר דער קאָנדוקטאָר. — איר זענט מיר עפּעס נישט קענטלעך; אפנים, נישט קיין היגער?... איר רעכנט דאָ שטיין לאַנג? קאָן איך אייך פאַרפירן אין אַ סטאַנציע, דווקא נישט קיין האָטעל, נאָר א ריינע, אָן וואַנצן... און עסן וועל איך אייך אָנווייזן אַן ערטל, וווּ עס וועט אייך קאָסטן וואָלוול און איר וועט האָבן הנאה.

איך דאַנק אים זייער און זאָג אים, אַז איך האָב דאָ באַקאַנטע. פרעגט ער: ווער זענען זיי, און וואָס זענען זיי און וואָס איז זייער טועכץ? איך טראַכט אים אויס אַ נאָמען פון דער הגדה און משעפּע מיך אָפּ פון אים. ער לאָזט מיך צורו און גייט צו צום יידן מיטן טולופּל און הייסט אים נעמען בילעט. דער יידל מיטן טולופּל קנייטשט מיט די פּלייצעס:

— ווייס איך! איך האָב דען אַ גראָשן אפילו ביי דער נשמה?...

— שוין דאָס דריטע מאָל הייינטיקע וואָך, אַז איר פאָרט אָן א בילעט! — זאָגט צו אים יאָסל קאָנדוקטאָר מיט פאַרדראָס.

— נו, בכן — זאָל איך גיין צופוס? צי זאָל איך גיין ערגעץ גנבענען פון דיינעטוועגן? — ענטפערט אים דער ייד מיטן טולופל אויך מיט פאַרדראָס.

יאָסל קאָנדוקטאָר טוט אַ מאַך מיט דער האַנט און גייט אַוועק פון אים צו יענעם געפרוירענעם יידן, וואָס אָן אַ טולופ. יענער מאַכט זיך ווי ער דרימלט.

— הערט נאָר, זייט זשע מוחל, אַ בילעט!

דער ייד האָט זיך כלומרשט אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף און רייבט אַ האַנט אָן האַנט.

— אַ בילעט! — מאַכט צו אים נאָך אַמאָל יאָסל קאָנדוקטאָר.

— שמעתי! — ענטפערט אים דער ייד און הויקעט זיך אין די קולאַקעס אַריין.

— וואָס טויג מיר אייער שמעתי? — זאָגט צו אים יאָסל קאָנדוקטאָר מיטן הארבן וואָרט. — נעמט אַרויס, זייט מוחל, אַ פּיטאַקל און נאָט אייך אַ בילעט.

— שאַ-שאַ! — מאַכט צו אים דער געפרוירענער. — וואָס איז עפּעס מיט אַזאַ רגזון? קוקט אים אָן, אַ גאַנצער יחסן!

— מאַכט נישט קיין אָנשטעלן — זאָגט צו אים יאָסל קאָנדוקטאָר — און גיט אַהער דאָס פּיטאַקל!

— עט-נו — מאַכט צו אים דער געפרוירענער. — מיר ווייסטו, מאָלט אייך, עפּעס אָפּלאָזן פון אַ פּיטאַקל!

— מיינע צרות וועל איך אייך אָפּלאָזן! — זאָגט יאָסל קאָנדוקטאָר.

— האַלט זיך מיט זיי געזונטערהייט! — ענטפערט אים דער געפרוירענער. — איך האָב גענוג אייגענע צרות.

— וועל איך אייך בעטן מחילה, איר זאָלט זיך מטריח זיין אַראָפּ פונעם וואַגאָן! (צום קוטשער:) רב כתריאל, סטאָפּ!

כתריאל דער קוטשער שטעלט אָפּ דעם טראַמוויי און איז זיך מחיה, און דאָס פערדל — אוודאי.

— זייט זשע מוחל מיט דעם רעכטן פוס! — זאָגט יאָסל קאָנדוקטאָר צום געפרוירענעם. דער געפרוירענער זיצט, טאַנצט מיט די פיס און רייבט זיך די הענט און רירט זיך נישט פונעם אָרט.

— איר וואַרט אויף כבוד? — מאַכט צו אים יאָסל קאָנדוקטאָר. — איר ווילט איך זאָל אייך נעמען פאַרן קאָלנער און אַרויסוואַרפן אויף דריי שפּענדלעך? לאָז קומען וועלוול דער „קאָנטראָליר“, ער איז ביי

אונדזער קאַסירער אויף אַ ברית, וועט איר האָבן אייער פּסק. רב כתריאל, פּאַשאָל! — מאַכט ער צום קוטשער. און דער טראַמוויי פאָרט ווייטער.

— נישטאָ קיין אמת אויף דער וועלט! — רופט זיך אָן פּלוצעם די יידענע פון די עפּל. — מיט וואָס איז דער ייד ערגער פון יענעם יידן, וואָס יענער מעג פאָרן אָן אַ בילעט און דער טאָר נישט? באשר יענער טראָגט אַ טולופּ, און דער גייט נאַקעט! ער וועט דיר אָפּניצן אַ שטיקל בענקל וועט ער דיר? צי דו מיינסט, מע וועט דיר שטעלן אַ גאָלדענע מצבה וועט מען דיר?

— ווער בעט אייך, איר זאָלט זיך אַרויסשטעלן פאַר אַ מליץ־יושרטע? — רופט זיך אָן צו איר יאָסל קאָנדוקטאָר. — וואָס גלייכט איר זיי צו יענעם יידן? יענעם יידן קען איך: ער איז אַ טאַטנס אַ קינד, נעבעך אַ געפאַלענער. און זיי (ער ווייזט אויפן געפרוירענעם) — איך ווייס ווער זיי זענען? עפּעס אַן אָרעמאַן, אַ שלעפּער!

— נו, אַז אַן אָרעמאַן, איז וואָס? — שטעלט זיך אויף די יידענע פון די עפּל. — באַדאַרף מען אים וואַרפן? וואָס איז פאַר אַ וואַרפן וואָס? זע נאָר, וואָס ער האָט דאָ הוטא־בעגל געווען! דאָס פערדל גייט דאָך במילא אין שטאָט אַריין, וועט זיצן נאָך אַ ייד! עלעהיי, לאָז זיך דיר דאַכטן, אַז דו האָסט שוין צוגענומען נאָך אַ פּיטאַקל, נו? וועסטו זיי שוין פּעט מאַכן דערמיט די יויך וועסטו?

— אַז מע פרעגט אָבער ביי אייך קיין עצות נישט! — מאַכט צו איר יאָסל קאָנדוקטאָר. — איר גיט בעסער אַהער אַ פּיטאַקל אין נאַט אייך אַ בילעט!

— אוי! יידן! — כאַפּט זיך אויף די יידענע, טוט אַ פּאַטש איבער די קליידלעך. — איך האָב אָבער געוווסט, אַז ער וועט זיך טשעפּען צו מיר אויך! איך זאָל אַזוי האָבן אַלדאָס גוטס, ווי איך האָב געוווסט!

— וואָס זשע דען האָט איר געמיינט? — זאָגט יאָסל קאָנדוקטאָר. — איך וועל אייך פירן אומזיסט?

— וואָס הייסט דו וועסט מיך פירן? — מאַכט די יידענע. — דער וואָגן פירט מיך. נישט דו פירסט מיך! ער האָט זיך אָנגעהאָנגען אַ מעשן קענפּל און קאָמאַנדעוועט! איך געדענק דאָך נאָך, אַז דו ביסט געווען אַ באַהעלפער ביי לייזער־הערש דרדקי ביסטו געווען, געטראָגן די קינדער אויף די פּלייצעס אין חדר אַריין מיט אַ טעפּעלע אָנבייסן, — הייגט וואָס דערציילסטו מעשיות: „בילעט — שמילעט“?

— וואָס זאָגט איר צו מיינע גליקן? — מאַכט צו מיר יאָסל און זעצט זיך צו צו מיר. — אָט אַזוי, ווי איר זעט, זענען זיי דאָ אַלע אַזעלכע פאַרשווינען. ווער עס האָט געלט און קאָן צאָלן — דער גייט צופוס, און ווער עס האָט נישט און קאָן נישט צאָלן — דער פאָרט מיטן טראַמוויי, און גיי לעב, האַלט אוים אַז אַלטע מאַמע מיט אַ שוועסטער אַן אַלמנה... איר זעט אַ פאָר שטיוול (ער ווייזט מיר די שטיוול) זיי בעטן עסן...

פלוצעם הערט זיך אַ טראַסק, קלאַפ פון צוויי דישלעס, אַ כראָפען און אַ סאָפען פון צוויי פערד. דאָס האָבן זיך באַגעגנט צוויי וואַגאָנעס אויף איין ליניע, דער אַהער, דער אַהין. און עס הערן זיך קללות:

— אַ כאָלערע! א מיתה משונה! סע זאָל אַ רוח אין דיין טאַטנס טאַטנס טאַטן אַריין ביז אדם הראשון געפלויגן געוואָרן!...

— ווער דערוואָרגן מיטן דישעל, און לאָז זיך דיר שטעלן דאָס מויל אויף אַ זייט! א רוח אין דיין טאָטעגס טאַטן! דו ביסט בילכער!

— וווּ זענען דיינע אויגן, דו ממזר? זעסט, אַז איך פאָר רעכטס — נעמט מען זיך לינקס!

— וווּ שטייט דאָס געשריבן, דו פערד איינער, אַז דו באַדאַרפסט פאָרן רעכטס און איך לינקס? טאָמער איז גאָר איבערגעקערט דעם פעלץ אויף דער אַנדערער זייט: איך רעכטס און דו לינקס?

— בהמה, הערויף איז דאָך פאַראַן צוויי ליניעס; איך אַהער און דו אַהין!

— ביסט אַליין אַ פערד! וווּ שטייט דאָס געשריבן, אַז דו אַהער און איך אַהין?

— ווייסטו וואָס? כאַפט זיי בעני מיט זייערע ליניעס, מיט זייערע וואַגאָנעס, מיט זייער גאַנצן טראַמוויי! געב נאָר אַהער, כתריאל־סערדצע, א ציגאַר־טוטין, טאָמער האָסטו? ברענגען זאָלן זיי מיטן טראַמוויי אויף איין פייער! וואָס מאַכט עפעס די אַלטע דיינע? שטילער געוואָרן אַ ביסל?

— ווי לאַנג שמייסט מען זי! שטיל איז זי גאָר דעמלט, ווען זי שלאָפט. וואָס הערט זיך עפעס ביי דיר?

— וואָס זאָל זיך הערן? מע מאַכט מיר אויף די „פּאָסטאָראָנקעס“. איך האָב מורא, איך וועל מיט זיי שלאָגן כפרות...

— ווייסטו נישט וואָס מע טוט, בהמה? דו שלאָג בעסער מיט זיי בלאָט; נעם זיי אויפן „דראָזשיק“, אַזוי ווי איך, וועלן זיי געבן האָבער.

— געבן זאָל זיי גאָט קרענק מיט קדחת אַ גרויס מעסטל!... וואָס טוט עפּעס הינער „בולאַנער" דיינער? ער גייט שוין ביי דיר אין פּריסטיאַזש? צי נאָך. (???)

— לאָז ער דיר זיין אין גאָטס ערד! ער האָט מורא פאַר אַ בייטש און מאַכט „לעמל"... אַ שוועבעלע האָסטו? געב פייער!

און אָט לאָזן זיך אַריין ביידע קוטשערס אין אַ לאַנגן שמועס אויף באַלעגאָלע-לשון, ווי די גרעסטע גוטע ברידער. אויך ביידע קאָנדוקטאָרס פאַרבינדן צווישן זיך אַ שמועס גאָר פריינדלעך, ביז עס קומט אָן וועלוול קאָנטראָליר, פריילעך פונעם קאַסירערס ברית, און מאַכט אַ געפילדער:

— אַ רוח אין אייער פּאָנים און מיטן אַריין! איר האָט זיך שוין ווידער פאַרביטן מיט די יוצרות? אייער גליק, וואָס איך בין היינט אַ ביסל אויפגעלייגט פונעם ברית, וואָס אונדזער קאַסיר מאָטי האָט געמאַכט... הערט איר, קינדער, האָט ער געמאַכט אַ ברית — זאָל אַ רוח אין זיין טאַטן אַריין! ניט אומזיסט זיצט ער ביי דער קאַסע... איך וואָלט אויך אַ בעלן געווען! אַ סך בעסער ווי זיין אַ קאָנטראָליר, נאָכלויפן נאָכן וואַגאָן, ווי אַ הונט!... יידן! וואָס האָט זיך דאָ ביי אייך געטראָפן? ווידער אַ קאַטאַסטראָפע? ווידער אַ ציזאַמענפאָרעניש? ווו זענען אייערע אויגן? די פאַרשווינען — כאַפּט זיי דער וואַטנמאַכער! אַ גליק, וואָס די וואַגאָנעם נישט צעבראָכן. בקיצור, איר מוזט זיך, קינדער, צעפאָרן... רב כתריאל-סערדצע, נעמט, זייט מוחל, שפּאַנט איבער דאָס פערדל מיטן דישעל און פאָרט צוריק אויפן וואָקזאַל, און רב עזריאל וועט אייך נאָכפאָרן הינטן...

— וואָס איז עפּעס געפאַלן דער גורל אויף מיר? — זאָגט כתריאל.

— לאָז עזריאל איבערשפּאַנען דאָס פערדל און לאָז ער פאָרן צוריק אין שטאָט אַריין, און איך וועל אים נאָכפאָרן הינטן.

— רב עזריאל !— רופט זיך אָן דער קאָנטראָליר. — נעמט, זייט מוחל, שפּאַנט איבער דאָס פערדל און פאָרט צוריק אין שטאָט אַריין.

— אָבער גאָר לא מיט אַ לאַנגע-כּח! — זאָגט עזריאל. — איך קאָן באַשטיין, אַז כתריאל זאָל איבערשפּאַנען דאָס פערדל און פאָרן צוריק צו דער באַן. ער איז נישט חולה.

— איך זאָל וויסן, דער טויט זאָל מיר זיין — זאָגט כתריאל — פאָר איך נישט צוריק!

— איך זאָל וויסן, אַז איך נעם דאָ איין אַ מיתה משונה — זאָגט עזריאל — ריר איך נישט פונעם אָרט!

— אזא יאָר! אזא מזל! — מישט זיך אריין די ייִדענע, כאַפּט דעם קאָשעק מיט עפּל און קריכט אַרויס פונעם טראַמוויי. — אַ שיינער פּאָר! פּיטאַקלעך הייסן זיי, זיך נאָך צאָלן! ווען איך גיי צופוס, וואָלט איך שוין זעקס מאָל געווען אין שטאָט וואָלט איך! אַ „טראָמבעליק" האָבן זיי צו־געקלערט — טפו זאָלן זיי ווערן!...

אפּנים, — טראַכט איך מיר — אז מ'צ באַדאַרף נעמען די פיס אויף די פּלייצעס און עולה־רגל זיין אין שטאָט אַריין"...

איך נעם מיין טשעמאָדאַנטשיק אין די הענט אַריין און לאָז מיך גיין מחילה צופוס; פאָרן אָן פון היינטן חבֿרה באַלעגאָלצעס מיט אַ פייף מיט אַ הויך און מיט אַ געלעכטער.

— אהא? דער רבי האָט נישט געוואָלט עסן קיין טייגלעך מיט פאַ־סאָליעס? איר האָט נישט געוואָלט פאָרן מיט קיין פּראָסטן באַלעגאָלע? מיטן „טראָמבעליק" האָט זיך אייך געגלוסט? אייער גליק, וואָס איר זענט נאָך אַרויס גאַנץ, נישט געמאַכט פון אייך קיין פּרעזשעניצע... קריכט שוין אין בויד אַריין, פעטער, מיטן טשעמאָדאַנטשיק, קריכט אין וואָס פאַר אַ בויד איר ווילט, — ביי אונדז איז יד אחת, אַ מכה בחבֿרותה, וואָס נאָט גיט, אַבי איניינעם... וויאָ, קינדער, וויאָ־וויאָ!

איך קריך מיט מיין טשעמאָדאַנטשיק אין בויד אַריין און פאָר אַריין קיין כתרילעווקע מיט גרויס פּאַראַד.

2

## כתרילעווקער האָטעלן

— אויב איר ווילט, סע זאָל זיין וואָלוול און ס'זאָל לאָפּטשען, וועל איך אייך פאַרפירן אויף אַ רעכטער סטאַנציע! — מאַכט צו מיר מיין באַלעגאָלע און פירט מיך צו אַ יצווייגאָרנדיקער שטוב מיט אָפּגעקאָלופּע־טע ווענט, און איך לייען איבער אַן אויפשריפט מיט גרויסע אותיות: „האָטעל טערקאַליא“. מיין באַלעגאָלע קלאַפּט מיט דער בייטש אין טיר און שרייט אויף אַ קול:

— נח! נח! וווּ ביסטו ערגעץ אין אלדי רוחות? עפן! איך האָב דיר געבראַכט אַ העכט!...

אויף דעם געשריי עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך אַ יידל, וואָס מע רופט אים נח, דער שווייצאַר פונעם האָטעל. ער כאַפּט מיין טשעמאָדאַנטשיק, פרעגט מיך נישט, און טראָגט דאָס אַרויף אויף די טרעפּ, גלייך אויפן אויבערשטן גאָרן, און טוט מיך אַ פרעג:

— וואָס פאַר אַ נומער, למשל, ווילט איר? מיט געזאַנג, צי אָן געזאַנג?

— וואָס פאַר אַ געזאַנג? — זאָג איך.

— פון די אַקטיורן. ביי אונדז שטייען די אַקטיורן פונעם יידישן טעיאַטער, און אַקעגן שטייט ביי אונדז אַ חזן פון דער ליטע מיט צוועלף זינגערלעך. געקומען צו פאָרן אויף שבת. מע זאָגט, אַז ס'איז נישט קיין שלעכטער חזן. גאָר אַן אַנטיק פון אַ חזן!

— עס קאָן זיין, — זאָג איך — אַז ער איז אַן אַנטיק פון אַ חזן, נאָר איך בין אייך מוחל. איר גיט מיר בעסער אָן געזאַנג.

— ווי איר ווילט אייך! — מאַכט צו מיר נח דער שווייצאַר. — איך קאָן אייך געבן אַן אַנדער נומער, די בריחה איז ביי אייך; נאָר אַז עס

וועט אײַך זײַן דאָרט נישט אַזוי דאָסיק, זאָלט איר צו מיר נאָכדעם קיין טענות נישט האָבן.

— וואָס הייסט — זאָג איך — „נישט אַזוי דאָסיק“?

— למשל — זאָגט ער — טאָמער וועט מען אײַך בײַסן.

— ווער — זאָג איך — וועט מיך בײַסן?

— ווער וועט אײַך בײַסן? — זאָגט ער. — איך וועל אײַך נישט בײַסן; עס וועלן זיך שוין געפינען אַזעלכע, וואָס וועלן אײַך בײַסן. מען האָט נישט לאַנג, ערב פּסח, גערייניקט, נאָר עס העלפט נישט, קיין קעראָסין אויך נישט...

— אויב אַזוי — זאָג איך — לאָז שוין זײַן מיט געזאַנג...

און נח דער שווייצאַר פירט מיך אַרײַן אין אַ פינצטערן חדר מיט אַ משונה-מאָדנע ריח פון פרישע פעל, נאָר וואָס אויסגעמאַכטע, און פוילע אוגערקעס מיט מאַכאָרקע. און איידער איך קוק מיך אַרום, ווו איך בין אין דער וועלט, כאַפּט נח עפּעס אַ זאַד און הייבט דאָס אָן צו פּאַטשן, ווי מע פּאַטשט אַ ווייכן קישן, בשעת מע וויל עמעצן מאַכן אַ גוט געלעגער, ער זאָל הנאה האָבן. בשעת פּאַטשן רעדט נח צו זיך אַליין און שעלט עמעצן מיט טויטע קללות:

— דו יאָלד איינער! דו ים-קאַטער! דו אָקסנהאָרן! אָט געב איך דיר אַ שמיר איבערן טשאָלנט-ברעטל און מאַך דיר קאַליע די יאַסלעס! די גאַנצע וועלט פּאָרט פונעם באַן, און ער איז אַרײַן מיט די שטיוואַלעס אין בעט, זיך צעלייגט, ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן, און כאַליעט אין דער קרענק! אַ שיינער לאָקאַי! קראַנק געווען ביז אַהער עפענען די לאָדן!, צי שטעלן דעם סאַמאָוואַר? צי אָפּפּוצן די אקטעיורן די שטיוול? צי אויפראַמען בײַם חזן מיט די זינגערלעך? משה-מרדכי הלך, מיטן קאָפּ אין דער ערד!

ערשט דאָ האָב איך דערזען אַ גרויסן בחור'ע, מיט גרויסע גוטאָנגעשמירטע שטיוול, און איך האָב שוין פאַרשטאַנען, פון וואַנען דער ריח גייט... די פעטש, וואָס דער לאָקאַי האָט געכאַפּט פונעם שווייצער (דאָס האָט ער זיי געכאַפּט), האָט ער גאַנץ פיין אַראָפּגעלאָזט אין קעשענע, אָפּגעווישט די ליפּן, גלײַך ווי נישט אים מיינט מען, אויפגעעפנט די לאָדן, אַ קוק געטאָן אויף מיר און צעלאַכט זיך.

— זעט נאָר זעט! — מאַכט צו מיר דער שווייצער. — טאָמער ווייסט איר, וואָס איז מיט אים דער געלעכטער? סע שטופּט אים הנאה די פעטש אויפן ניכטערן האַרצן! משה-מרדכי הלך, מיטן קאָפּ אין דער

ערד! דו פּאַסקודנער בחור! דו קאַרטאָפליפרעסער! דו לאָקשנשלינגער! דו בייגלכאַפּער!...

און נח דער שווייצאַר דערלאַנגט אים אַ טראַסק אין האַלדז־און־נאַק, און וואַרפט אים אַרויס אויף יענער זייט טיר.

— אַ גאַנץ ערלעכער בחור! — מאַכט צו מיר נאָכדעם דער שווייצאַר — נאָר אַ ביסל אַ פוילער, האָט אַ האַרטן שלאָף. אָן פּעטש וועט איר אים נישט אויפוועקן בשום אופן! האָרעוועט נעבעך, ווי אַן אייזל! וואָס ער פאַרדינט — גיט ער אָפּ דער שוועסטער. קוים געפועלט ביי אים, ער זאָל זיך מאַכן אַ פּאָר שטיוול... וואָס וועט איר זיך עפּעס הייסן געבן צו דער טיי? פריש געבעקס, אייערבייגל, קאָרזשיקלעך מיט מאָן, אָדער נאָר כתרילעווקער פרענזלען?

און נח דער שווייצאַר דרייט זיך אויס און ווערט פאַרשוווּנדן.

— פּעטער! איר זענט שוין אַ געדאַוונטער? — מאַכט צו מיר עמעצער און שטעקט אַריין אַ קאָפּ אין דער טיר.

— וואָס גייט דאָס אייך אָן? — פרעג איך אים.

— איך האָב צו אייך אַ בקשה — מאַכט ער.

— ווער זענט איר? — פרעג איך אים.

— אַ ייד — מאַכט ער — אַ פרעמדער. נישט קיין הייגער. איך האָב געוואָלט בעטן אייך אויף אַ מינוט אייער טלית־און־תפילין. מיינעם האָט מען אָפּגעגנבעט ערשט געכטן אָט־דאָ, אויף דער סטאַנציע.

עס עפנט זיך די טיר און עס שטעקט זיך אַריין נאָך אַ קאָפּ אָן אַ היטל און רעדט אויף עטלעכע לשונות מיטאַמאָל!

— ראָזגיך טאָוואַראָוו, פּאַניע, זאקן גוטע! רענקאַוויטשקי זיעמגי, בעסטע וואַרע וואָלוול! בחצי־חינם, יאַק באָגאַ קאָכאַם!... קויפט אייך זאָקן באָטש אַ האַלב טוץ!... לאָז אייך גאָט געבן געזונט! איך האָב נישט געזוסט ווער, וואָרום סע מאַכט זיך אַמאָל, מע טרעפט אָן אויף אַ פריץ און מע רעדט צו אים אַוועק אַ שעה כסדר אויף אונדזער יידיש לשון, כאַפּט מען אַ פּסק. האָב איך מיך מיישב געווען, איך וועל מיך פּרוּוון אויף פּויליש, אויף רוסיש, אויף דייטש; איך פאַרשטיי, דאַנקען גאָט, עטלעכע שפּראַך... הענטשקעלעך אַ פּאָר גוטע, וואַרעמע, ווילט איר נישט?... איך בין, ווי איר זעט מיך, געווען אַמאָל אַ גרויסער סוחר, געפאָרן אויף די גרעסטע יארידן: קיין יארמעלינעץ, קיין פּראָסקוראָוו און קיין פּאָלטאַווע... מער, הייסט דאָס, ווילט איר גאָרנישט? זייף אַ שטיקל? אַ קעמעלע אַ גוטס, פון די אַנטיקן? ניין? אַ דאַנק אייך פאַרן פדיון. מיינע קינדער

וועלן זיך מחיה זיין... אפשר וועט איר פאַרט קויפן אַ בערשטל אַ גוטס? אָדער אַ שניפּס אַ שיינעם? אָדער נאָך אַ האַלב טוץ זאָקן, וועל איך אייך אָפּגעבן וועלוועלער. ניין? איר ווילט נישט? האָט זשע אייך א גוטן תמיד!...

דער ייד כאַפּט דאָס היטל און גייט אַוועק. עס קומט אַריין אַן אַנדער ייד, שוין מיט אַ היטל.

— קויפט ביי מיר זאָקן, פעטער, גוטע זאָקן, וואָלוול!

— איך דאַרף נישט קיין זאָקן — זאָג איך. — אַ דאַנק!

— וואָס הייסט — זאָגט ער — איר דאַרפט נישט קיין זאָקן? אָט האָט איר דאָך נאָר וואָס געקויפט אַ האַלב טוץ זאָקן ביי יענעם! איך בין אויך א ייד אַן אָרעמאַן און אַ מטופל מיט קינדער, צוויי ייִנגלעך אין דער „אומשילישטשע“, איינער איז ביי אַ באַלמעלאָכע און די קלענערע אין חדר... אַ דאַנק אייך, זייט געזונט. גאָט זאָל אייך באַגליקן!...

נאָך דעם יידן קומט אָן אַן אַנדער ייד. אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַן איבערגעשראָקן פּנים.

— אויב איר ווילט פאַרדינען אַ מצווה, איר זאָלט פאַרשפּאָרן פאַסטן תשעה־באב, נעמט צו ביי מיר א הצשטל אין גלייכן געלט. פאַר־בליבן ביי מיר זאָקן אַ פּאָר טוץ.

— איך דאַרף נישט קיין זאָקן! — זאָג איך. — איך האָב שוין גע־נוג זאָקן.

— איך געב זיי אייך אָפּ אונטערן קרן — זאָגט ער. — איך דינג מיך מיט אייך נישט. וויפל איר וועט געבן, געבן זאָל אייך גאָט געזונט און לאַנגע יאָר!... איך האָב אַ זון אין גימנאַזיע, ענדיקט ער הייַנטיקס יאָר, וויל שטודירן אויף אַ דאָקטער. „דו וועסט שוין פאַרשפּאָרן — זאָגט ער — טאַטע, אַזוי האָרעווען. דערמלט האָרעוועו ווועל א י ד שוין, און ד ו וועסט שוין, זאָגט ער, אַ ביסל אָפּרוען“... אַזוי זאָגט ער צו מיר, מיין זון. נאָר דערווייל מוז מען אים אונטערהאַלטן מיט אַ דרייערל, כאָטש ער פאַרדינט שוין, קיין עין־הרע, אַליין אַזעלכע צען קאַרבן אַ חודש... בלייבט געזונט און זייט מצליח!

נאָך דעם יידן קומט אַריין אַ יידענע מיט אַ טערקישער שאַל און רעדט מיט אַ ניגון:

— דאָס זענט איר דער אורח פון יעהופּעץ?

— יאָ, וואָס איז דען?

— איך האָב געהערט זאָגן, אַז איר זענט געקומען קיין כתרילעווקע קויפן זאַקן, האָב איך אייך געבראַכט עטלעכע טוץ זאָקן אויף אַ מוסטער. ביי מיר איז אַ פאַבריקע פון זאָקן. שוין צען יאָר, אַז איך אַרבעט זאָקן...

— ווער האָט אייך געזאָגט — זאָג איך — אַז איך קויף זאָקן? איך בין נישט געקומען נאָך קיין זאָקן, איך דאַרף נישט קיין זאָקן!

נאָר די יידענע הערט נישט וואָס איך רעד און טוט זיך אירס: זי מאָלט, ווי אַ מיל.

— מיינע זאָקן האָבן אַ שם אויף גאַנץ כתרילעווקע! קוקט אָן אַ זאָק!... וואָס זאָגט איר אויף דעם זאָק?

— אָבער אין גאָטעס ווילן! — שריי איך. — איך קויף נישט קיין זאָקן! איך דאַרף נישט קיין זאָקן!

— אָט ליגן דאָך — זאָגט זי — ביי אייך זאָקן!

— דאָס האָב איך געבראַכט זאָקן אויף צו פאַרקויפן! — זאָג איך און באַגלייט אַרויס די יידענע און פאַרשליס די טיר, טאָמער טראָגט מען מיר זאָקן. — ווער קלאַפט דאָס?

— ס'איז איך! — ענטפערט מען מיר פון יענער זייט טיר.

— ווער איז דער „איך“? — פרעג איך און האָב מורא עפענען די טיר, טאָמער טראָגט מען מיר זאָקן. — ווער קלאַפט דאָס?

— דוד — ענטפערט מען מיר.

— וואָסער דוד?

— דוד שפּאַן.

— וואָסער דוד שפּאַן?

— דוד שפּאַן דער קאָמיסיאָנער!

— וואָס דאַרפט איר? פרעג איך אים. — אפשר זאָקן?

— איר דאַרפט — זאָגט ער — זאָקן? אָט טו איך אַ שפּאַן צווישן די קלייטן און ברענג אייך זאָקן!

— גייט! גייט! — שריי איך. — איך דאַרף נישט קיין זאָקן!

איך עפן אויף די טיר, קומט מיר אַקעגן נאָך דער שווייצאַר, אָנגעלאָדן מיט בולקעס און מיט בייגל, מיט קיכלעך, פּלעצלעך, קאָזשיקלעך און פּרענצלעך.

— פון וועמענס וועגן איז דאָס אַזוי פיל פּראָוויזיע? — פרעג איך אים.

— וואָס האָט איר יסורים? — זאָגט נח. — פאַר די הינט וועט מען דאָס חלילה נישט אַרויסוואַרפן. פאַראַן, קיין עין־הרע, ווער ס'זאָל עסן. איך אַליין האָב זעקס פיקערס אייגענע, אחוץ צוויי פרעמדע יתומים נע־בעך... זאָגט מיר בעסער, וואָס זענט איר פאַר אַ מאָדנע בריאה אַזעלכע? איר דאַרפט האָבן זאָקן, האָט איר נישט געקאָנט זאָגן מיר? נישט דודל שפּאַן, ער זאָל אייך גיין ברענגען זאָקן?

— ווער האָט אים געהייסן — זאָג איך — ברענגען זאָקן?

— איך ווייס נישט — זאָגט נח — ווער עס האָט אים געהייסן; איך האָב אים געוויס נישט געהייסן! דודל גנב וועט אייך ברענגען זאָקן, וועט זיין וואָס צו זען! כתריל־ווקער זאָקן!...

ביי די ווערטער עפנט זיך אויף די טיר און עס קומט אַריין אַ גע־פּאַקט יידל מיט רויטע באַקן, מיט אַ פאַרשוויצט פּנים און מיט אַ ליולקע־ציבעקל אין מויל. איך מאַך נישט קיין לאַנגע שהיות, נעם אים אָן ביי דער האַנט און ווייז אים די טיר.

— גייט אייך געזונטערהייט מיט אייערע זאָקן צו אַלדי גוטע יאָר! איך דאַרף נישט קיין זאָקן!

— גאָט איז מיט אייך! — רופט זיך אָן צו מיר נח דער שוויצאַר. — וואָס טרייבט איר זיי? דאָס איז דאָך אונדזער באַלעבאָס פונעם האָטעל!...

— אַזוי גאָר? האָט קיין פאַראיבל נישט — זאָג איך צו אים און גיב אים אָפּ שלום, און טראָג אים אונטער אַ בענקל. — איך האָב גע־מיינט, דאָס זענט איר יענער ייד, וואָס איז אַוועקגעלאָפן מיר ברענגען זאָקן. אַן אומגליק! מע האָט מיך פאַרוואָרפן מיט זאָקן! אַ מבול פון זאָקן! זייצט, איך בעט אייך!

— אַ דאַנק! איך קאָן באַשטיין! — מאַכט צו מיר דער באַלעבאָס און זעצט זיך אַנידער און פּיפּקעט פונעם ליולקע־ציבעקל. — פון וואַנ־ען קומט אַ ייד? פון יעהופּעץ? איך האָב דאָרטן אַ באַקאַנטן אין יעהופּעץ. דאָס הייסט, ער זיצט שוין נישט אין יעהופּעץ — ער איז אַריבערגעפאָרן פון דאָרטן שוין לאַנג, איך האָב מורא, אויב נישט אַ יאָר אַכצן, און אפשר טאַקע אַלע ניינצן... קיין אָדעס, זאָגט מען, איז ער אַריבערגעפאָרן; ער האָט דאָרטן קרובים אין אָדעס, ס'איז ביי זיי אַ קאַנטאָר פון ווייץ. צוויי קאַנטאָרן, איינע אין אָדעס, די אַנדערע אין ניקאָלאַיעוו... די אָדעסער קאַנ־טאָר מאַכט נישקשה, נאָר די ניקאָלאַיעווער קאַנטאָר מאַכט נישט אַזוי גוט, מחמת ניקאָלאַיעוו איז ציינד געשלאָגן, שטאַרק געשלאָגן, איבער

פעאָדאָסיע, זאָגט מען, איבער דעם „פּאָרט“, וואָס מע האָט געמאַכט אין פעאָדאָסיע. ס'איז היינט אַ גאַנצע שטאָט געוואָרן פעאָדאָסיע. איך האָב אין פעאָדאָסיע אויך באַקאַנטע. אַ פיינע שטאָט, זאָגט מען, פעאָ-דאָסיע!...

—איך זע, אַז ס'איז אַ מעשה אָן אַן עק, פאַל איך אים אַריין אין די רייד און טו אים אַ פרעג:

וואָס האָב איך אייך אין זינען געהאַט צו פרעגן? יאָ, פאַרוואָס האָט איר אַ נאָמען געגעבן אייער אכסניא „האָטעל טערקאליא“?

— איך געדענק נאָך פעאָדאָסיע — ענטפערט מיר דער באַלע-באָס — פאַר אַ קליין שטעטל... איך בין אַליין, פאַרשטייט איר מיך, אַ דאָרטיקער, אַ בעסאַראַביער בין איך, פון בעסאַראַביע, פון אַ קליין שטעטל דובאָסאַרע. דאָס הייסט, געבוירן בין איך פון בעלץ... איר זענט געווען אַמאָל אין בעלץ? אַ פיינע שטאָט בעלץ. נאָר ווי קומט זי צו קע-שעניעוו?...

— גוט מאָרגן געלע, רעטעך טראָג איך! — מישט זיך אַריין נח דער שווייצאר.—איר מעגט רעדן מיטן באַלעבאָס א ביסל העכער, ס'איז ביי זיי קאַליע די שמיעה, זיי הערן נישט די וועלט...

איך רוק זיך צו צום באַלעבאָס גאַנץ נאָענט און שריי אים אויף אַ קול גלייך אין אויער אַריין:

— איך פרעג, פאַרוואָס הייסט עפּעס אייער האָטעל מיט אַזאַ מאָד-נעם נאָמען?

— וואָס שרייעט איר אַזוי? — מאַכט ער צו מיר. — איך בין נישט טויב! אַ מאָדנער נאָמען, זאָגט איר? מיט וואָס איז ער אַזוי מאָדנע? „אינטאַליע“ איז גוט? „פּאָרטוגאַליע“ איז גוט? און „טערקאליע“ טויג נישט?! יענע אַלע נעמען האָט מען פאַרכאַפּט פריער, האָב איך אַ נאָמען געגעבן נאָכן טערק... יאָ, איז ווי האַלט איך? קעשעניעוו! און די מענ-טשן?... ביי אונז אין בעסאַראַביע, הערט איר, זענען גאָר אַנדערע מענטשן! ביי אונדז אין בעסאַראַביע עסט מען גאָר אַנדערש... ביי אונדז אין בעסאַראַביע, אַז מע זעצט זיך עסן, דערלאַנגט מען, הערט איר, צום אַלעם ערשטן די שיינע פיש פונעם שיינעם טייך. נאָכדעם — „קאדע“. דאָס גוטע, דאָס פעטע שטיקל „קאדע“. נאָכדעם גיט מען אויף דעם גרויסן טעלער די שיינע די ריינע מאַמעליגע, וואָס מען שניידט דאָס מיטן גרויסן פאָדעם אין דער ברייט. נאָכדעם דערלאַנגט מען די פרישע די היי-סע פּאַמפּושקעס, און מע פאַרטרינקט מיט דעם אמתן ריינעם בעסאַראַ-

בער וויין, און מע פארבייסט מיט דעם רעכטן, דעם גוטן נאהוט... אזא מין ארבעס...

און דער באַלעבאָס בשת מעשה באַלעקט זיך און מאַכט מיר אַן אַפּעטיט צום עסן. און בשעת דער באַלעבאָס רעדט פון די בעסאַראַביער מאכלים, לאָזט זיך הערן פון איין זייט אַ געזאַנג פון אַ ליטווישן חזן, וואָס ציקלט זיך, שרייט און מאַכט מאָדנע העוויות:

ישמחו ב —
מלכותך ישו —
מרי ישבת ו —
קוראי עונג!...

און דאָס כאָר צעטיילט זיך אויף צווייען; איין האַלב כאָר זינגט:

טוראַרירל! טוראַרירל!
טוראַרירל! טוראַרירל!

און דאָס אַנדערע האַלבע כאָר האַלט אונטער:

פּים—פּאָם!
פּים—פּאָם!
פּים—פּאָם!

און פון דער אַנדערער זייט הערט זיך אַ געזאַנג פון די „אַקטיאָרן“:

פּי—סע—לעך!
און פּי—סע—לעך!
און לעבעדיקע!
פּי—סע—לעך!
אויף מיר אַזאַ יאָר!...

אויך דער משרת, וואָס פּוצט שטיוול הינטער מיין טיר, טוט אַלע־מאָל אַ שפּיי אויפן בערשטל און זינגט אַ לידל:

האָב איך אַ שוויגער.
האָט זי אַן איי—איי—איי—דעם!
שלאָגט ער איר טאָכטער,
ציטערט הער ביי—איי—איי—איידעם!

און גאָר אַ געזאַנג לאָזט זיך הערן: אַ קול פון אַ יידענע, וואָס זי שעלט דעם מאַן. דאָס זוכט די באַלעבאָסטע דעם באַלעבאָס אין אַלע ווינקלען, און הערט נישט אויף צו שעלטן אים מיט משונה-מאָדנע קללות, וואָס לאָזן זיך אויס, מייסטנס, מיט אַ גראַם:

א מכה, א צרה! א שלאַק, אַ כפּרה!
אַן אויסגוס, א קללה! א קלאָג, א יללה!
אַ פייער, א שרפה! א מהומה, א מגפה!...

— איר וועט עסן מיטן באַלעבאָס און מיט דער באַלעבאָסטע? — מאַכט צו מיר נאָך דער שווייצער אויף דער טיר. צי איר וועט גיין עסן אין אַ רעסטאָראַציע?

— אין אַ רעסטאָראַציע! — זאָג איך. — אין אַ רעסטאָראַציע!...

## 3

# כתרילעווקער רעסטאָראַנען

„כשר! בכאן עסט מען פריש און וואָלוול! שרה אינדיק“.

איבערגעלייענט אַזאַ אויפשריפט, קלעטער איך אַרויף, אויף גליטשי־קע טרעפ, אויפן צווייטן שטאָק פון אַ הויטן גאַקעטן מויער, און כאָטש די ריחות, וואָס לאָזן זיך הערן אויף די טרעפ, זענען עפּעס נישט אַזוי אָנגענעם פאַר דער נאָז, נאָר אַ הונגעריקער מאָגן קלויבט נישט איבער.

—ווו איז דאָ ערגעץ שרה אינדיק? — טו איך אַ פרעג ביי אַן אַלטן ייִדן מיט אַ געל פּנים, וואָס זיצט אויף דער ערד און פאַרריכט אַן אַלטן מאַטראַץ..

— וויט! — מאַכט צו מיר דער אַלטער און טוט אַ פּאַטש דעם מאַטראַץ, און עס גייט פון אים אַ גרין רויכל.

— אַוועקגעפאָרן? — פרעג איך אים.

— אַוועקגעפאָרן! — מאַכט צו מיר דער אַלטער און שאָקלט מיטן קאָפּ. — אַוועקגעפאָרן אויף אייביק!...

— געשטאָרבן? ברוך דיין אמת! — זאָג איך און וויל מיך ארויס־כאַפּן צוריק.

— יאָ — מאַכט ער — געשטאָרבן. ערב פּסח ווערט זעקס יאָר, אַז זי איז געשטאָרבן. גלויבט מיר, איך האָב זי נאָך נישט פאַרגעסן אויף קיין מיגוט אפילו! ווי קאָן מען דען אַזעלכעס פאַרגעסן? איר קאָכן, איר באַקן, איר באַגיין זיך מיט דער וועלט, איר רעדן מיט אַ מענטשן און איר צוטרעפן מיר מיין שיגעון! נאָר איך פאַרשטיי נישט—איך באַדאַרף אייך דערציילן? איר האָט דאָך זי מסתמא געקענט?

— פון וואַנען — זאָג איך — האָב איך זי געזאָלט קענען, אַז איך בין דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבן אין כתרילעווקע?

— הערסט! הייגט וואָס זשע — זאָגט ער — פרעגט איר זיך נאָך אויף שרהן?

— איך פרעג גאָרנישט אויף שרהן — זאָג איך. — איך פרעג, צי דאָ איז דער רעסטאָראַן „שרה אינדיק", וואָס ס'ע שטייט אויפגעשריבן אויף דער וואַנט? איך וויל עפּעס עסן.

— עפּעס עסן? — מאַכט ער צו מיר. — הערסט! הייגט וואָס זשע שווייגט איר? רחל! רחל!

און עס באַווייזט זיך אַ שוואַרצהגעווּדיק ווייבל מיט שוואַרצע לאַנגע דיקע אייגעלעך, מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל און מיט מעל אויף די הענט, אויפן פאַרטעך און אויפן פּנים.

— וואָס איז שוין ווייטער? — רופט זיך אָן דאָס שוואַרצהגעווּדיקע ווייבל, טוט זיך אַ וויש די נאָז מיטן אַרבל, וואָס אויף דער זייט עלנבויגן. — מע לאָזט נישט איבערזיפּן די מעל! אַלע מינוט: רחל! רחל!

— זיי ווילן עפּעס עסן. — מאַכט צו איר דער אַלטער און הערט נישט אויף צו פּאַטשן דעם מאַטראַץ.

— עפּעס עסן? — רופט זיך אָן דאָס ווייבל מיט אַ מאָדנע מין געזאַנג, ווי מען איז מעביר די סדרה, און טרייסלט אויס דעם פאַרטעך און פאַרשיט מיר די אויגן מיט מעל. — וואָס ווילט איר עסן?

— וואָס האָט איר? — זאָג איך צו איר מיטן זעלבן ניגון, וואָס זי.

— וואָס ווילט איר? — זאָגט זי נאָכאַמאָל מיטן אייגענעם ניגון.

— וואָס איך וויל? — זאָג איך. — הם... פיש איז דאָ ביי אייך געפילטע?

— נאָכן מאַרקפיש? — זאָגט זי — אַ שיינע מעשה!

— נו, לאָז זיין באָרשטש — זאָג איך — אַז נישט קיין פיש.

— ווו האָט איר געזען — זאָגט זי — נאָך האַלבן טאָג באָרשטש? אַ באָרשטש דאַרף זיך קאָכן — דאָס ווייסט איר, צי ניין?

— אַלצדינג — זאָג איך — באַדאַרף זיך קאָכן.

— אבי איר ווייסט — זאָגט זי — איז גוט!

— נו — זאָג איך — איז קיין ראָסלפלייש אויך נישטאָ?

— פון וואַנעט — זאָגט זי — האָט זיך גענומען אַ ראָסלפלייש? ס'איז געווען אַ ראָסלפלייש, האָט מען אים אויפגעגעסן.

— נו — זאָג איך — לאָז זיין אַ יויך!

— מיט וואָס — זאָגט זי — ווילט איר, זאָל זיין די יויך? מיט מאַ-געריי־פלעד, מיט א מצהלע, צו מיט מאַנדלען (א פּתח פאַרבייט זיך ביי איר אָפּט אויף א קמץ).

לאָז זיין — זאָג איך — מיט וואָס איר ווילט, אַבי א יויך!

— אויף וועז — זאָגט זי — ווילט איר, זאָל זיין די יויך?

— וואָס הייסט — זאָג איך — אויף וועז? אויף באַלד!

— וואָס הייסט — זאָגט זי — אויף באַלד? איר ווילט דאָך מסתמא א יויך זאָל זיין פון עוף? וואָסער טעם האָט א יויך אָן עוף? און אַז עוף באַדאַרף מען ערשטן כאַפּן, שיקן צום שוחט, אָפּפליקן. מאַכן, זאַלצן, אָפּ-גיסן, אויסווייקן און צוּשטעלן. עס קאָן אַרויסקומען הלוואי אויף דער נאַכט.

— גיט זשע מיר אַזוי — זאָג איך — וואָס גיישט איז: א שטיקל פלייש, א ביסל זופּ, א פרעזשעניצע פון עטלעכע אייער, אָדער עפּעס א געזאַלצנס, טאָמער האָט איר?...

— א מאָדנער ייד! — הופט זי זיך אָן צום אַלטן. — אַלצדינג גלוסט זיך אים... א הערינג, אויב איר ווילט, קאָן איך אייך מאַכן.

— לאָז זיין א הערינג — זאָג איך — אבי גיכער.

— ווי אַזוי ווילט איר? — זאָגט זי — מיט א ציבעלקע?

— מיט א ציבעלקע.

— און מיט עסיק אוי-עך?

— מיט עסיק אויך.

— און מיט בוימל אוי-עך?

— מיט בוימל אויך.

זי טוט ווידער א טרייסל דעם פאַרטעך, קאַטשעט אָפּ די אַרבל, לאָזט זיך גיין נאָך א הערינג און קערט זיך אום צוריק.

— ווי אַזוי האָט איר ליב א הערינג זאָל זיין — מיט א מילעך? צי מיט א רויג?

— לאָז ער זיין ווי ער וויל זיך — זאָג איך — אַבי לאָז ער שוין זיין.

— געהוּיבערטע פּישלעך עסט איר?

— פאַרוואָס נישט? — זאָג איך.

— און אַרעסער קעפּאַליען? — זאָגט זי.

— בכבוד גדול! — זאָג איך.

— איך ווייס אָבער נישט — זאָגט זי — צי זיי זענען שוין דאָ? מיר דאַכט, אַז זיי זענען נאָך נישטאָ, און אפשר זענען זיי שוין דאָ?... גיין, ס'איז נאָך פרי!... פונדעסטוועגן וועל איך גיין זען, טאָמער זענען זיי שוין דאָ...

רחל לאָזט זיך גיין און קערט זיך אום צוריק.

— אויף יידישן קאָלבאַס זענט איר אַ בעלן?

— אָך! — זאָג איך. — אדרבא, קויפט, קויפט קאָלבאַסן, איך האָב ליב קאָלבאַסן.

— איר מיינט דאָך אַוודאי וואַרשעווער קאָלבאַסן?

— גו יאָ! — זאָג איך. — געוויינלעך, וואַרשעווער!

— אַזוי! — זאָגט זי. — וועט איר מוחל זיין זיך דורכפאָרן קיין וואַרשע, וועט איר דאָרט עסן וואַרשעווער קאָלבאַסן. ביי אונדז פאַרקויפט זיך בתּרילעווקער קאָלבאַסן, פון אונדזער אייגענער בתּרילעווקער פאַבריקע, באַדאַרף מען האָבן צו זיי אייזערנע ציין! שניידן מיט אַ מעסער איז אוממעגלעך, סיידן האַקן מיט אַ האַק — דער שוואַרצער יאָר ווייסט זיי, וואָס זיי שטופּן אַן אהינצו, וואָס ס'איז אַזוי האַרט? מע האָט אַנומלטן צעהאַקט אַ קאָלבאַס, האָט מען געפונען אַ צוויאָק. אפנים, זיי לייגן אַריין צוויעקעס, סע זאָל גיין גוט אויף דער וואָג?...

— טאָמער וואָלט געווען גענוג רעדן? — רופט זיך אָן דער אַלטער. — גיי און ברענג צו טראָגן, און אַז עק זאָל דאָס האָבן!

— וואָס הייסט, גלאַט ברענגען צו טראָגן? מע באַדאַרף דאָך וויסן וואָס ברענגען! איטלעכער האָט זיך זיין משוגעת! אָט האָסטו, אַשטייגער, ליב געפּרעגלטע פיש; און אַנדערע האָבן פיינט געפּרעגלטע, האָבן ליב באַק-פיש... צי, אַשטייגער, פאַראַן אורחים ביי אונדז אַזעלכע, וואָס הייסן זיך אָפּקאָכן געהירן און עסן דאָס צעהאַקטערהייט מיט אַ ציבעלע און מיט שמאַלץ... און ווידער איז פאַראַן אַזעלכע, וואָס האָבן ליב אין מיטן דער וואָך פּעטשאַי מיט צוגעטריקנטע פענעצלעך מיט קנאָבל... און פאַראַן אַזעלכע פרעסער, וואָס וועלן אייך אַוועקגעבן די נשמה פאַר אַן אָנגעפּילטע קישקע מיט פאַרפל... און פאַראַן ווידער אַזעלכע, וואָס איר זאָלט זיי גילטן, זיי זאָלן אייך געמען אין מויל אַריין אַן עסיקפליייש!...

— איך בעט אייך — זאָג איך — ברענגט מיר וואָס איר וועט שוין ברענגען, ווארום איך בין טויט-הונגעריק!

רחל גייט אַוועק. און דער אַלטער רופט זיך אָן צו מיר:

— גיין מאָס רייד!

— ס'איז אייערע אַ טאָכטער? — פרעג איך אים

— וואָסער טאָכטער? — מאַכט ער צו מיר. — ס'איז מיין ווייב, דאָס אַנדערע ווייב ביי מיר. עך—עך—עך! אוודאי איז דאָס נישט יענע... יענע, עליה השלום איז געווען אַ יידענע, וואָס מע קריגט זי נישט!... דאָס הייסט, איך האָב צו דער אויך גאָרנישט; זי האָרעוועט נעבעך זייער געטריי. אַז אָך און ווי איז איר!... אָט דאָס שטיקל מאַטראַץ, וואָס איר זעט, איז אונדזער גאַנץ בעטגעוואַנט... און דערצו בין איך אַ קראַנקער און א קאַפּריזנער! אויסשטיין מיין שיגעון—באַדאַרף מען זיין שטאַרקער פון אייזן! דאָס הייסט, בטבע בין איך דווקא אַ גוטער, נאָר מיך אַז מע דערגרינט מיט אַ וואָרט, איז חיות נישט זיכער — וואָס סע קומט מיר אין האַנט פליט דאָס אין קאָפּ אַריין!... אָט אַזאַ ספּילשליווער בין איך!... איר מיינט, איך האָב דאָס איר נישט געזאָגט פריער, איידער איך האָב זי גענומען? איך האָב איר געזאָגט, אַז קיין האָניק וועט זי ביי מיר נישט לעקן! זי וועט זיין צופרידן, אַז עס וועט זיין אַ שטיקל ברויט אין שטוב. פון פלייש און פון מילך שמועסט מען נישט. און האָרעווען — האָב איך איר געזאָגט פריער, אַז זי וועט האָרעווען פאַר דריי...

— צוליב וואָס זשע האָט זי אייך גענומען? — פרעג איך אים.

— וואָס הייסט — מאַכט ער צו מיר פאַרוווּנדערט — צוליב וואָס? און די ש ט ו ב איז ביי אייך אַ הונט?

— וואָסער שטוב? — זאָג איך. — אָט דער מויער איז דען אייערער?

— ניין — מאַכט ער צו מיר מיט אַ געלעכטער. — איך מיין די „רעסטאָראַציע“, וואָס איך האָב. ס'איז שוין ביי מיר אַן איינגעפירט געשעפט פון כמה וכמה יאָרן. אָט ווי ס'איז נישט געשלאָגן איצטער די פרנסה, פונדעסטוועגן איז פאָרט א שטיב! ווען איר טוט א קוק אויף מיין רחלען, אַז זי טוט זיך אָן און גייט אַרויס אויפן שפּאַציר, וואָלט איר געמיינט, ס'איז אַ גראַפינע! זי איז טאַקע, קיין עין־הרע, זייער אַ שיינע. איצט איז זי שוין אַ ביסל „אָפּגעבליאַקעוועט“. איר זאָלט זי געווען זען פריער מיט עטלעכע יאָר!...

— וויפל קינדער האָט איר? — מאַך איך צו אים.

— טע—טע—טע! — מאַכט ער צו מיר. — קינדער! אָט דאָס איז די גאַנצע צרה, וואָס איך האָב קיין קינדער נישט!... אַ ביסל בראָנפן וועט איר נעמען? וועל איך אייך געבן אַ ביסל „שפּירעט“.

— אָך — זאָג איך — מיטן גרעסטן כבוד!

— איך וועל אייך געבן אין אַ פּינצמערער כלי — מאַכט צו מיר דער אַלמער און שלעפּט אַרויס פון בוזעם־קעשענע אַ פּלעשל און אַ קליין געגלייזט מעפּעלע און גיסט מיר אָן אַ ביסל „שפּירעט“. דאָס ביסל „שפּי־רעט“ מאַכט מיר נאָך אַ גרעסערן אַפּעטיט, און איך פיל, אַז עס עקט זיך מיר דאָס חיות.

עס קומט רחל מיטן הערינג און שוט זיך אַ פּאַטש מיט ביידע הענט איבערן קליידל:

— אוי, אַ דונער איז מיר! איך האָב גאָר פאַרגעסן, אַז אין שטוב איז נישטאָ נישט קיין בולקע און נישט קיין ברויט! וואָס פאַר אַ געבעקס האָט איר ליב? יידישן קוילעטש, צי פראַנזאָליס, צי גאָר קאָרן־ברויט?

— וואָס איר וועט דערזען פריער — זאָג איך — אָט דאָס זאָלט איר קויפן! איך בעט אייער, איר זאָלט מיך מער נישט פרעגן וואָס איך האָב ליב! איך האָב אַלצדינג ליב!

— אַ קאַפּריזנער אורח! — זאָגט רחל. — פערעבענדיוועט נאָך מער ווי מיין מאַן!... מיין מאַן וואָלט אַ בעלן געווען אַלע טאָג אַ פרישן פּידפּאָלעק... אַלט־געבאַקן ברויט נעמט ער נישט אין מויל אַריין... קאָן דען זיין אַלע טאָג פריש געבעקס? דאָס קאָן אויספירן סיידן קאַבילאַנ־סקי...

— נו, גיי שוין, גיי! — זאָגט צו איר דער אַלטער. — זעסט דאָך, אַז זיי חלשן עסן!...

רחל גייט אַוועק נאָך געבעקס און עס קומט אַריין אַ יידענע אַ הויכע מיט איין אויג: איין האַנט האַלט זי אין בוזעם און מיט דער אַנדערער האַנט קראַצט זי זיך אין אויער.

— וואָס טוט מען, רב משה־יענקל, גיט מיר אַן עצה? — זאָגט די הויכע צום אַלטן. — ביי מיין שמואלקען האָט זיך שוין ווידער צעשפּילט אַן אויערל...

עס קומט אָן רחל מיטן געבעקס און מאַכט מיר דעם הערינג, און די הויכע יידענע הערט נישט אויף אויסצומאָלן, ווי עס רינט ביי איר שמואלקען פון אַן אויערל... זי האָט מורא. זי וועט ווידער מוזן אָנקומען צום רופא — ווייסט זי נישט, צו וואָסער רופא זי זאָל גיין? דען צו וואָ־סער רופא זי זאָל נישט גיין, ווייסט זי פריער, אַז ס'איז אַרויסגעוואָרפן, מחמת די כתרילעווקער רופאים, דער רוח זאָל זיי נעמען, זענען גוטע בלוטצאַפּערס! אַ כתרילעווקער דאָקטער אַז איר גיט חלילה ווינציקער

פון אַ גילן, טוט ער אײַך אַ שמײַץ אין פּנים אַרײַן! ס'איז אים קאַרג צו קרענקען, דעם פּראָפעסאָר!...

— גיט עפּעס אַ נדבה אַ קראַנקן! — מאַכט אַ ייִד מיט אַ בלויִ פּנים און ציט אויס אַ קלײן אויסגעטריקנט הענטל, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן לכתחילה פאַר אַ סגולה אויף בעטן נדבות.

— גיט עפּעס אַ נדבה אַ ווייסטע קאַליקע! — רופט זיך אָן אַ נפש, וואָס גייט אויף די הענט, מחמת בײדע פיס זענען בײַ אים צוגעוויקעלט פּלאָכטן און אונטערגעבויגן אונטער זיך.

— גיט עפּעס אַ נדבה אַ חולה־נופּלדיקן!...

איך וואַרף אַוועק אין מיטן דער „סעודה“, איך צערעכן זיך פאַרן עסן און אַנטלויף פון דער „רעסטאָראַציע“ ווי דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט!

4

# כתרילעווקער וויין און כתרילעווקער שיכורים

„גאָר אַזאַ מיטאָג וואָלט געווען גוט פאַרטרינקען מיט אַ גלעזל וויין" — אַזוי טראַכט איך מיר און דערזע אַן אויפשריפט: „בכאן מוכרים יי"ג, מעד וביער למקה והשותה".

איך לאָז מיך אַראָפּ אין אַ פינצטערן קעלער, צווישן פעסער און פעסלער, צעבערס און פלעשלעך, און דערזע, ביי דער זייט זיצט אַ היפשער בחור מיט אַן אונטערגעבונדן געשוואָלן פנים איבער אַ מולטער און האַקט ראָזשינקעס מיט אַ האַקמעסער.

— ווו איז ערגעץ דער באַלעבאָס? — פרעג איך דעם בחור.

— דער באַלעבאָס? — מאַכט צו מיר דער בחור און נעמט אָן אַ פולן זשמעניע מיט ראָזשינקעס, טוט אַ שמיר איבערן מויל און כראָמקעט מיט די ציין גאַנץ געשמאַק. — דער באַלעבאָס איז אין קאַמער, ער מאַכט „ווימאָראָזיג".

— וואָס הייסט — זאָג איך — ער מאַכט „ווימאָראָזיג"?

— איר ווילט וויסן — מאַכט צו מיר דער בחור — ווי אַזוי מע מאַכט „ווימאָראָזיג" ביי אונדז אין כתרילעווקע? מע נעמט ראָזשינקעס און מע האַקט און מע האַקט, און מע האַקט ווי אַריין אין אַ גרויס פאַס אַריין, מע בויטעט אָן דאָס איבעריקע מיט וואַסער פון דער גנילאָפּיאַטקע און מע מישט אַריין האָפּן, הייבט דאָס אָן צו שפּילן, און אַז סע צעשפּילט זיך, ווערט אַ געשמאַק, אַז מע קאָן דערוואַרגן ווערן! נעמט מען אַ פאָר עמער „שפּירעט" און מע האַקט אַריין עפּעס אַ מין פראַשעק אַזעלכן, וואָס סע קאָסט אַ גילדן אַ פונט; נאָכדעם זייעט מען דורך דעם גאַנצן וויין דורך אַ גוייִשן העמד און מע שרייבט אָן מיט קרייד אויף דער פאַס: „ו י מ אָ ר אָ ז י ג  אַ ק ע ר מ אַ ן". און אַז איר ווילט, דער וויין זאָל זיין רויט, נעמט מען דעם אייגענעם ווימאָראָזיג און

מע פֿאַרפֿאַרבט איִם מיט גאָלעש־טינט און מע שרייבט אָן מיט קרייד אויף דער פּאַס: „ז מ י ר ע ר   פ ע אָ ד אָ ס י ע“ אָדער „א ו נ ג ע ר ש ע ר   מ אַ ל אַ ג ע“... און כתרילעוויקער מבֿינים זשלאָקען די האָזיקע קאָמפּאָזיציע און לעקן די פֿינגער... שאַ, אָט גייט דער באַלעבאָס, אַרויסגיין זאָל פֿון איִם די פּאַרע!

דערזען דעם באַלעבאָס גיין, הייבט דער בחור אָן צו האַקן די האָזשינקעס מיט אַלע כּוחות.

— וואָס האָט איר געוואָלט? — מאַכט צו מיר דער באַלעבאָס, אַ רויטער ייִד, נישט קיין הויכער, מיט אַ הייזעריק קול און מיט איין אויג אָן אָפּענעם, וואָס אַפֿילו אַז ער שלאָפֿט, מוז ער דאָס אויך, אפֿנים, האַלטן אָפֿן.

— אַ גלעזל ווייַן — זאָג איך.

— אַ לאַחיים־גלעזל־ווייַן? — מאַכט ער צו מיר, דרילעוועט אין אויער און קוקט אויף דער סטעליע.

— א לאַחיים־גלעזל־ווייַן — זאָג איך.

— וואָס זשע — זאָגט ער — האָט איר זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער? פֿאַרוואָס זענט איר נישט אַרויפֿגעגאַנגען אויבן? קריכט אַרויף און נעמט זיך, זייט מוחל, רעכטס!

איך קריך אַרויף און נעם מיך רעכטס און קום אַריין אין אַ פֿינצטערן חדר, פֿול מיט רויך און מיט בלאָטע. עס שטייען עטלעכע משאַכאָטעמשנע הינקענדיקע בענקלעך, און ייִדן זיצן, רויכערן פּאַפּיראָסן און טרינקען „ווימאָראָזיג“. זיי זינגען נישט, שרייען נישט, שלאָגן נישט מיט די הענט אין טיש אַריין און באַווייזן נישט קיין שום מיאוסע שטיק; וואָס דען טוען זיי? זיי זיצן און זויפֿן דעם „ווימאָראָזיג“ פֿון די גלעזלעך, פֿאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס, זיפֿצן און קרעכצן און רעדן שטילערהייט. אָט זיצן צוויי ייִדן ביי אַ טישל, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. מע זעט, אַז ס'איז ביי זיי אויסגעגאַנגען ווערטער. כאַפּט זיך אויף איינער:

— וואָס זאָגסטו, שמעון־דוד, אויף דעם „ווימאָראָזיג“, הא?

— וואָס זאָל איך זאָגן אויף דעם „ווימאָראָזיג“? — כאַפּט זיך אויף דער אַנדערער, ווי פֿונעם שלאָף. — ס'איז א „ווימאָראָזיג“? פֿון גאָט! ס'איז שוין איינמאָל אַ „ווימאָראָזיג“!

— מע באַדאַרף איִם פֿרעגן, צי וועט ער האָבן פֿון דעם אייגענעם „ווימאָראָזיג“, אם־ירצה־השם, אויף פּסח?

— דו זאָרגסט זיך שוין פאַר פּסח? ביסט שוין, אַפּנים, אַ באַוואָרגטער מיט מצות אַרום און אַרום, נאָר פּסחיקער „ווימאָראָזיג“ גייט דיך אָפּ?

— וואָס רעדן, איך בעט דיך, אַז אַך און וויי איז מיר!

— אַז אַך און וויי איז טאַקע דיר, אַז דו באַדאַרפסט זיצן אָט־אָ־דאָ אַ גאַנצן טאָג, אויסבאַהאַלטן זיך פונעם ווייב, זי זאָל נישט מאָגען אויף שבת.

— דערמאָן מיך נישט דאָס ווייב, גיב מיר בעסער מיט אַ פּיסטויל אין האַרצן! וואָס קאָן איך איר געבן? צרות קאָן איך איר געבן, אַז אַך און וויי איז מיר!

— דו מיינסט מיר איז בעסער? אז אָך אין וויי איז מיר אויך!

— איך ווייס, אַז דיר איז אויך נישט בעסער, אַז אָך און וויי איז אונדז בײדן! לחיים! לאָמיר זיין געזונט...

נאָך צוויי ייִדן זיצן ביי איין טישל, איינער מיט אַ גאַנצער קאַפּאָטע, און דער אַנדערער מיט אַ צעריסענער קאַפּאָטע. דער וואָס מיט דער גאַנצער קאַפּאָטע רעדט, און יענער וואָס מיט דער צעריסענער קאַפּאָטע קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין און שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

— פאַרשטייסטו שוין, ווי אַזוי לוי־יצחק דרייט אויס אַ געשעפט?... לוי־יצחק קאָן זיך אַריינדרייען און פאַרדרייען אי זיך, אי יענעם און סוף־כל־סוף פאָרט אויסדרייען! וואָרום איך, אַז איך טרעט־צו צו אַ געשעפט, שמועק איך פריער, שאַ, פּאָוואָלינקע, נישט געכאַפּט... און אַז איך שמעק גוט אָן ווו עס האַלט, טו איך מיך אַ פּאָרקע הינטן אַרום — דאָס, יענץ, לאָקש, בוידעם, ציבעלע, טאָמער אַזוי, טאָמער אַזוי, וואָס ווערט אייך ארן, ממה־נפשך, ווי זאָגט ער: גוט איז חיי־שעה!... איי, טאָמער טוט מיר יענער א קוק אוועק און איך דערזע, אז ס'איז אויף צרות, אויף קידער־ווידער? טרעט איך מיר אָפּ אָן אַ זייט און — שאַ! לאָז זיך עס טאָן אָן מיר!... אויב ס'איז באַשערט, וועט דאָס נישט אוועק, און אז מע וועט באדארפן פאָרקען, וועט מען פאָרקען... פאראן א פּייטערבאַרג איז פאַראַן!... מיר ווייסן שוין, ווו אַ טיר עפנט זיך, מיר פאַרשטייען דאָס מין... מיר קענען די עברי וואָס מע דאַרף... טאָמער דאַרף מען שרייבן, געפינט מען שוין דעם, וואָס ער שרייבט... דער עיקר איז, ס'זאָל זיין שטיל — ששש!!! (ער טוט זיך אַליין אַ בים העם קולאַק און ווערט שטיל).

נאָך עטלעכע ייִדן מיט פֿאַרשידענע קאַפּאָטעס און אַלערליי קאַשקעטן זיצן ביי איין טיש און רעדן אַלע מיטאַמאָל, אַזוי, אַז זייערע ווערטער ווערן צונויפֿגעגאָסן אינאיינעם, און עס קומט אויס אַ מישמאַש פֿון מסחר, פֿון פּאָליטיק, פֿון „וויטאַראַזיג“, פֿון אַמאָליקע יאָרן, פֿון הייניקע קינדער, פֿון דאָקטוירים, פֿונעם טראַמוויי, פֿון דער טאַקסע, פֿון אַ רוח־אין־די־כתרילעווקער־נגידימס־טאַטן־אַריין — ס'איז שווער אַרויסצוכאַפּן אויפֿן פּאַפּיר דאָס, וואָס סע ווערט דאָ גערעדט. און ביי דער זייט שטייען ווילד־פֿרעמדע ייִדן, וואָס טרינקען נישט קיין „וויטאַראַזיג“, נאָר זיי זענען אַרייַנגעגאַנגען אַהער גלאַט אַזוי, הערן וואָס מע רעדט טאַקע, און אין איין וועג זיך אָנוואַרעמען...

נאָך אַ קאָמפּאַניע ייִדן זיצן אַרום טיש, טרינקען „וויטאַראַזיג“ און זינגען אַ לידל, און הוּקאַ אויף גוייש; נאָר שטיל, אָן געפֿילדער, מיט זייער אַ וויינענדיקן נוסח, ווי מע זאָגט סליחות אָדער תהילים:

אַברהמיניו! אַברהמיניו!<br>
אַביִנו טי נאַש!<br>
משעמו טי נע פּראָסיש<br>
אלהינו נאַש!<br>
אַלבאָ נאַם וויקאָפּיט,<br>
אַלבאָ נאַם וויפּראָסיט —<br>
לאַרצנו נאַשו,<br>
לזעמליו נאַשו!?...

אַז עס האַלט ביים „וויקאָפּיט“, מאַכן זיי דאָס מיט אַ שטורעם, מיט אַ ירגזון, דאָס הייסט מיט שטאַרקייט; נאָר אַז עס קומט צום „וויפּראָסיט“, ווערן זיי מיטאַמאָל ווייך, בייגן איין די קעפּ און מאַכן מיט די הענט, ווי, להבדיל, אַ פֿרומער חזן ימים־נוראים פֿאַרן עמוד. און ביים „לאַרצנו נאַשו, לזעמליו נאַשו“ צעוויינען זיי זיך טאַקע מיט טרערן, ווי קליינע קינדער...

— עי—עי—עי! — רופֿט זיך אָן איינער פֿון דער קאָמפּאַניע, אַ ייִד, וואָס דאָס קאַשקעטל ליגט אים שוין אויף יענער האַלבע קאָפּ, די אויגן זענען ביי אים ווי שלעפֿעריק און די צונג פּלאָנטערט זיך שוין אַ ביסל צווישן די ציין.

— וואָס וואָלט געווען, אַשטייגער, כּדומה, למשל, מע זאָל אונדז אָפּגעבן, הייסט דאָס, ארץ־ישׂראל? הא, יענקל? וואָס זאָגסטו, יענקל? דו ביסט דאָך עפּעס אַ יודע־נגן!

— ארץ־ישראל? — זאָגט יענקל, ציט אויס דעם האַלדז און קראַצט זיך אונטערן קאָלנער. — ארץ־ישראל? עי! ס׳וואָלט אוודאי געווען ניִשט שלעכט... עפּעס טוען זיי, זאָגט מען, דאָרט אין דעם — ווי אַזוי הייסן זיי? די... די... די...

— די ציוניסטן? — כאַפּט אים אונטער נאָך איינער. — בלאָטע! ס׳וועט גאָרנישט זיין פון דעם!

— פאַרוואָס? עפּעס באַדאַרף דאָך זיין אַלצדינג מיט א טעם!

— אַזוי. מסתּמא ווייס איך, אז איך זאָג. איך האָב פיינט רעדן גלאַט אַזוי. דו ווייסט דאָך, אַז איך זאָג, איז געזאָגט!

— איר זענט אַלע בהמות! — רופט זיך אָן אַ ראַקאָוואַטע ייִדל מיט אַ ליוסטריגענער קאַפּאָטע, רעדט פּאָוואָליע, ציילט די ווערטער, לייגט אַרויף דעם פינגער אויף דער נאָז, האַלט דאָס מויל אין אַ זייט און שמייכלט צו זיך אַליין זייער געשמאַק, און די בעקלעך פלאַמען אים. — איר זענט פערד, ווי איך בין אַ ייִד, אוי, זענט איר פערד! איך קוק און שווייג און הער זיך צו, וואָס איר רעדט: ציוניסטן, שמיוניסטן, קיבעבע מיט לאַקרעץ!... איך זע אַרויס, אַז איר ווייסט קיינער נישט מה חקאמרי רביצין! אויב איר ווילט, וועל א י ד אייך זאָגן וואָס דאָ ליגט! די מעשה דערפון איז אַזוי... נאָר הערן זאָלט איר מיט קאָפּ!...

ער נעמט דאָס בעהדל אין מויל אַריין, פאַרמאַכט די אויגן, טראַכט לאַנג־לאַנג און כאַפּט זיך אויף ווי פון עם שלאָף און טוט א מאַך צום באַלעבאָס, קנאַקט צו מיטן פינגער:

— רב זייט־זשע מוחל! הייסט געבן נאָך אַ פלעשל „ווימאָראָזיק!...

5

# כתרילעווקער טעאַטער

אַרויסגעגאַנגען פֿונעם וויין־קעלער, האָב איך דערזען אַן אַפֿיש מיט גרויסע אותיות, אויף ייִדיש, אָפּגעדרוקט די דאָזיקע ווערטער:

„דאָס ערשטע מאָל אין כתרילעווקע!
„דאָס ייִדישע טעאַטער!
„דער אמתער אַדלער פֿון אַמעריקע!
„דער גרעסטער קאָמיקער פֿון דער וועלט!
„איר וועט צעגיין פֿאַר געלעכטער!“
„אַזאַ באַבע יאַכנע איז נאָך נישט געווען זינט די וועלט שטייט!
„אַזאַ האָצמאַך, ווי ביי אונדז, איז נאָך גאָרנישט געבוירן געוואָר!
„היינט שפּילט מען אַ שפּאָגל־נייע אָפּערע:
„קאָלדוניאַ!“
„ייִדן! פֿאַרזעצט וואָס איר האָט!
„ייִדן גייט אין טעאַטער
„ייִדן! איר וועט זיך מחיה זיין!
„ייִדן לויפֿט!
„בילעטן קויפֿט!
„גיכער! גיכער!
„ווי אַ וויכער!“...

אונטן גייט געחתמעט: דער רעזשיסער, דער דיריזשער און דער אַגנט־עפּריגער — טאַקע אַדלער אַליין, דער אמתער אַדלער פֿון אַמעריקע, דער גרעסטער קאָמיקער אין דער וועלט.

— איר ווייסט נישט, ווו איז דאָ ערגעץ דאָס ייִדישע טעאַטער? — טו איך אַ פֿרעג אַ ייִדן, וואָס לויפֿט פֿאַרביי מיר מיט אַ פּעקל סחורה אונטער דער האַנט.

— דאָס יידישע וואָס? — מאַכט צו מיר דער ייד מיטן פּעקל סחורה און שטעלט זיך אָפּ און באַטראַכט מיך פון קאָפּ ביז די פיס.

— דאָס יידישע טעאַטער — זאָג איך.

— וואָסער טעאַטער? — זאָגט ער.

— דאָס טעאַטער — זאָג איך — וואָס מע שפּילט דאָרט.

— ווער שפּילט דאָרטן? — פרעגט ער מיך.

— אַדלער — זאָג איך — שפּילט דאָרטן.

— וואָסער אַדלער? — מאַכט ער צו מיר.

— אַדלער — זאָג איך — דער אמתער אַדלער.

— פון וואַנעז איז ער? — מאַכט ער צו מיר.

— פון אַמעריקע — זאָג איך — איז ער.

— פון אַמעריקע? — מאַכט ער צו מיר. — וואָס זשע טוט ער הי?

— ער שפּילט דאָ — זאָג איך — אינעם יידישן טעאַטער.

— וואָס זשע שפּילט ער? — זאָגט ער.

— „קאָלדוניאַ“ — זאָג איך — שפּילט ער.

— וואָס זשע הייסט דאָס „גאָלדוניע“? — מאַכט ער צו מיר. איך וויל אַוועקגיין, לאָזט ער מיך נישט; ער וויל, איך זאָל אים נאָר דערציילן, וואָס דאָס איז אזעלכעס „טרעיאַטער“, און וואָס הייסט „גאָלדוניע“, און ווער איז דער אַדלער, וואָס ער איז געקומען פון אַמעריקע?... איך דערציל אים, און ווי ווייט מעגלעך מאַך איך אים קלאָר, וואָס איז אַזעלכעס טעאַטער, און וואָס איז „קאָלדוניאַ“, און ווער איז אַדלער. מיין ייד הערט אויס אַלצדינג מיט קאָפּ, בייגט זיך אָן, טוט אַ שפּיי אויס און גייט אַוועק אָן אַ זייט־געזונט.

— חנה־ביילע! וווהין לויפסטו אַזוי? — שרייט אַ ווייבל צו דער אַנדערער איבער דער גאַנצער גאַס און באַרכלט. קאָן נישט אויסרעדן קיין „ריש“.

— אין טבעיאַטער אכאָן!—ענטפערט איר דאָס אנדערע ווייבל אויך מיט אַ באָרכלען און מיט אַ קמץ דאָרט, וווּ מע דאַרף אַ פּתח. — נו, און דו גייסט גאָל נישט אין טבעיאָטער אכאָן?

— אכויסגיין זאָל איך די נשמה — מאַכט דאָס ערשטע ווייבל. — וואָס זאָגסטו וצו מיין כתבילעווקער גגידית? זי וויל, איך זאָל איך היינט מאַכן די געגדז, מאַכן זאָל זיך איך אַ מכה! און פּבעגלען שמאַלץ, פּבעגלען זאָל מען שוין זי, כבוגו־של־עולם! די גאַנצע וועלט גייט אין טבעיאַ=

טער, און איך דאַכט זיין געבונדן, בינדן זאָל מען זי שוין אויף אַלע פיר, ליבער גאָט!

— וואָס העכסטו זי? — זאָגט דאָס אַנדערע ווייבל. — פאַר דיין געלט מעגסטו גיין זוו דו ווילסט.

— איך הער זי ווי המן דעם גוביגער!... — מאַכט דאָס ערשטע ווייבל — איך לויף אהיים, איך טו זיך איבער און גיי אין טעאַטער אַכאָן, זי זאָל אַפילו אויפלויפן ווי אַ באַכוג!

ביידע ווייבלעך צעגייען זיך, און איך האָב דערווייל מיט וועמען צו גיין אין טעאַטער. דאָס ווייבל קוקט זיך אַלע ווײַלע אַרום און זעט, ווי איך גיי איר נאָך, בלייבט זי שטיין א ווײַלע און נעמט זיך רעכטס — איך גיי רעכטס; זי נעמט זיך לינקס — איך גיי לינקס; זי גייט פּאַוואָליע — איך איר נאָך. הייבט אָן דאָס ווייבל לויפן, אַזוי ווי מע לויפט אויף אַ שׂרפה.

— וואָס איז? — פרעגט מען זי. — וווּ לויפסטו? גאָט איז מיט דיר!

— עפּעס אַ שלימזל! — זאָגט דאָס ווייבל און ווייזט אָן אויף מיר.

—ער גייט מיך נאָך שוין פון א שעה. איך ווייס נישט וועד ער איז...

גיך ווערט באַשאַפן אַרום אונדז אַ גאַנץ רעדל פון יידן, ווייבער און קינדער. מע הייבט אָן טייטן אויף מיר מיט די פינגער... עס פאָרט דורך פאַרביי אַ באַלעגאָלע, כאַפּ איך מיר אַריין אין ביידל און הייס מיך פירן אין טעאַטער אַריין.

צוגעפאָרן צום טעאַטער, טרעף איך אַ גאַנצע כאַליאַסטרע מיידלעך און בחורים שטייען אין דרויסן, רעדן און לאַכן און שיטן מיט ווערטלעך.

— לאָזט דורך דעם פריץ! — שרייט איינער צום אַנדערן.

— פּאַוואָליע, איר וועט אים חלילה צעקנייטשן דעם קאַפּעליש! — שרייט נאָך איינער.

קוים מיט צרות, מיט לייד, זיך דורכגעשטופּט דורך דער כאַליאַסטרע צו דער קאַסע, אַ קליין פענצטערל, טו איך אַ פרעג, צי קאָן איך באַקומען אַ בילעט, און די כאַליאַסטרע שטופּט מיך פון הינטן און קוועטשט מיך פון אַלע זייטן.

— וואָסער אַ בילעט ווילט איר? — פרעגט מיך דער קאַסיר, אַ דאַרער בחור מיט אַ לאַנגן גאָרגל.

— וואָסערע בילעטן האָט איר? — פרעג איך דעם קאַסיר.

— פאַראַן —זאָגט דער קאַסיר — אויף אַ גילן און אויף צוויי גילן און אויף דריי גילן.

— און ווייטער איז נישטאָ ביי אייך? — פרעג איך אים, און די באַליאַסטרע בשעת מעשה הערט נישט אויף צו פּילדערן.

דערהערט פון מיר אַ זעלכע דיבורים, כאַפּט זיך אויף דער קאַסיר פון בענקל, שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פונעם פענצטערל און שרייט אויס אויף דער באַליאַסטרע מיר גלייך אין פּנים אַריין:

— אַ רוח אין אייער טאַטנס טאַטן אַריין! איר וועט זיך נישט צעגיין? אָט שיק איך אייך אַרויס רב לאָזער דעם גאָראָדאָוואָי מיט אַ קוישקע וואַסער! קומט — מאַכט ער צו מיר — אַהערצו אין טויער אַריין.

די באַליאַסטרע טרעט אָפּ אַ ביסל אויף אַ זייט, און איך שלאָג מיך דורך דורכן טויער אין הויף אַריין. אין הויף שטייט אַ גרויסע שטאַל, אָדער אַ שאַלאַש, וואָס פון די ברעטער לייכט זיך דורך אַ פייערל און עס לאָזט זיך הערן אַ געשריי פון מענטשן. אַ האַלבע טיר פון דעם שאַלאַש שטייט אָפן, און צוויי געזונטע יונגען שטייען און גיבן אַכטונג, מע זאָל זיך נישט אַריינכאַפּן אין טעאַטער אָן אַ בילעט.

— יידן! איינציקוויץ גייט! איינציקוויץ! — שרייט אַ ייד מיט אַן אויסגעפליקטער באָרד און מיט אַ שווערד אויף דער זייט — אַפּנים, דאָס מוז זיין רב לאָזער גאָראָדאָוואָי. נאָר דער עולם הערט אים, ווי דעם קאָטער: מע וויל נישט גיין איינציקוויץ; איטלעכער וויל פריער און אַלע שפּאַרן זיך מיטאַמאָל.

— לאָז דורך דעם יונג מיט דער שפּאַגע! דו זעסט נישט, ווער סע גייט? — אַזוי שרייט איינער און שטופּט זיך דורך מיט געוואַלד, שיט מיט ווערטער אויף די אַקטיאָרן: „פּייפער", „האָלעדראַנעץ", גרינער אַגרעס", „ליידיקע קישקע"!

איך קוק מיך אַרום: ווער רעדט דאָס? עפּעס זייער אַ קענטלעכע שפּראַך. איך קוק מיך צו — איך האָב אים דערקענט: ס'איז נח דער שוואָגער פון מיין סטאַנציע „האָטעל טערקאַליא". נאָך אים שלעפּט זיך אַ גאַנץ געזינדל ווייבער, בחורים און מיידלעך.

— ווער איז דאָס וווייבל? — פרעגט אים איינער פון די אַקטיאָרן.

— דאָס איז מיין ווייבל — ענטפערט נח. — דו קענסט נישט מיין שרה־פערל? און דאָס זענען מיינע קינדער.

— און דאָס?

— דאָס איז מיין שוויגער.

— און די דאָזיקע?

— דאָס איז מיין ווייבס אַ שוועסטערל.

— און ווער איז דער יונגערמאַן?

— דאָס איז איר חתן.

— און ווער איז דאָס מיידל?

— דאָס איז דעם חתנס אַ שוועסטער.

— און ווער איז דער בחור?

— דאָס איז דעם חתנס שוועסטערס אַ חתן.

— און ווער איז אָט דאָס מיידל?

— דאָס איז זיין שוועסטער, דאָס הייסט, דעם חתנס שוועסטערס חתן אַ שוועסטער.

— אַ היפּשע משפּחה ביי אייך, חב גח!...

— זאָלן דיר אין די אויגן, שטיינער דיר אין האַרצן! — מאַכט צו איב נח. — זאָג כאָטש „קיין עין־הרע“, די אַקטיאָרטשיק! דו קאָמעדיאַנטשיק! דו בערנטרייבער! דו גאָרגלרייסער! דו בולקעשלינגער!

תיכף נאָך נח דעם שווייצאַר שפּאַרט זיך דורך דער משרת פונעם האָטעל מיט די גרויסע שטיוול, איינער פון די צוויי אַקטיאָרן, וואָס שטייען ביי דער טיר, דערלאַנגט אים אַ זעץ פון הינטן און שטופּט אים אַריין אין טעאַטער אַריין.

נאָך אים דערזע איך פאַרשידענע פאַרשוינען שפּאַרן זיך דורך, מערסטנטייל אָן בילעטן, צווישן די פאַרשוינען דערקען איך מיין באַלעבאָס פון דעם „האָטעל טערקאַליע“ מיט עפּעס אַ יידענע זייער אַ גראָבע, וואָס גייט, ווי אויף רעדלעך, און קאַטשעט זיך, ווי אַ קאַטשקעלע.

— אַ? איר זענט אויך דאָ? — מאַך איך צום באַלעבאָס און פאַרגעס, אַז ער איז טויב ווי די וואַנט.

— גישקשה! — ענטפערט ער מיר און שרייט אויף אַ קול, גלייך ווי איך וואָלט דאָ געווען דער טויבער. זיי זינגען קיין מעשה נישט!

— איר זענט דאָ דאָס ערשטע מאָל? — פרעג איך אים.

— ס'איז חב ליפּעס שטאַל — מאַכט ער צו מיר — אַ גאַנץ יאָר האַלט מען דאָ בהמות אָדער פערד.

— קים שוין, קום! — רופט זיך אָן צו אים די גראָבע יידענע און טוט אים אַ שלעפּ ביי דער פּאָלע, און זיי גייען אַוועק ביידע און באַזעצן זיך גאַנץ אויבן־אָן.

— הערט נאָר, איר אַקטיאָרן! — ווו זענט איר ערגעץ? — אַזוי רופט זיך אָן איינע א דאמע מיט א הוט, מיט א ווייסער פעדער און מיט

בריליאַנטן, און נעבן איר שטייט אַ קאַוואַליער מיט אַ קאַפּעליוש און מיט אַ געשווירן בערדל.

עס שפּרינגט אונטער איינער פון די אַקטיאָרן, אַ בחור מיט אַ קורץ רעקל, מיט אַ קורטיק העמדל און מיט אַ הונגעריק פּנים.

— וואָס וועט איר עפּעס זאָגן, מאַדאַם?

— וואָס הייסט, וואָס וועל איך זאָגן? — מאַכט צו אים די מאַדאַם. — מיר האָבן דאָך געקויפט בילעטן. פאַרוואָס ווייזט מען אונדז נישט אונדזערע ערטער?

דער לאַנגער אַקטיאָר מיטן הונגעריקן פּנים נעמט ביי זיי די בילעטן און פירט זיי גאַנץ אויבן־אָן און וויל זיי באַזעצן — זענען פאַרנומען אַלע בענקלעך.

— זייט זשע מוחל, איר האָט זיך געזעצט נישט אויף אייערע ערטער! — מאַכט דער אַקטיאָר צו אַ בחור מיט אַ מיידל, וואָס זיצן און קנאַקן ניסלעך פון אַ שקאָרמיצל.

— ווער האָט אייך געזאָגט, אַז מיר זיצן נישט אויף אונדזערע ערטער? — זאָגט דער בחור און טוט זיך זיין אַרבעט.

— ווייזט אייערע בילעטן! — זאָגט צו זיי דער אַקטיאָר און נעמט ביי זיי די בילעטן, און ווייזט זיי ווו זיי האַרפן זיך זעצן, אַ כּך ניִדערי־קער.

— וואָס הייסט — מאַכט דער בחור — איר וועט אונדז זאָגן דעות, ווו מיר זאָלן זיך זעצן? וואָס איז דאָ, להבדיל, אַ מקום־קדוש. אַ שול, צי וואָס?

דער אַקטיאָר לאָזט זיך אַריין מיט אים אין אַ לאַנגן שמועס. דער בחור מיטן מיידל רירן זיך נישט פון די ערטער און קנאַקן ניסלעך. דער לאַנגער אַקטיאָר מיטן הונגעריקן פּנים פּרוּווט זיך ביי אַלע איבעריקע פאַרשווינען וואָס אין טעאַטער, נאָר דאָס גאַנצע פּובליקום זיצט אויף די ערטער גאַנץ פעסט, קיינער וויל נישט אָפּטרעטן, כאָטש נעם פיר אַרויס דאָס גאַנצע טעאַטער מיט געוואַלד.

די דאַמע מיט דער ווייסער פעדער און מיט די בריליאַנטן ביינערט זיך: „וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַריאַדקעס אין בתרילעווקער טעאַטער?“ זי שרייט, מע זאָל איר אומקערן דאָס געלט, וואָס זי האָט באַצאָלט פאַר די בילעטן! ווו איז ערגעץ לאָזער גאָראָדאָוואָי?!...

עס בלייבט, אַז מע זאָל ברענגען עקסטרע פון אירעטוועגן צוויי שטולן, און עס ווערט אַ ביסל שטילער.

ביסלעכווייז ווערן אָנגעצונדן די לעמפּלעך, וואָס רויכערן און לאָזן זיך הערן מיט אַ שאַרפֿן ריח פֿון גאַז. איינציקווייז באַווייזן זיך די קלעזמער ביי דער סצענע, וואָס איז איבערגעצויגן מיט אַ ליילעך. פֿריער פֿון אַלע קומט צו גיין דער באַס, אַ גרויסער ייִד מיט גראָבע פּאות און מיט בייזע אויגן, ווי ביי אַ גזלן. באַלד נאָך אים באַווייזט זיך דער קעסלפּויק, אַ האַרבאַטער בחור מיט אויסגעקראָכענע האָר. נאָכדעם קומט דער טראָמייטער, אַ נידעריקער ייִד מיט גראָבע ליפּן, דער פֿלייטיסט מיט אַ משאָכאָמקע-פּנים און אַ טרובאַטש מיט גנבֿהשע אייגעלעך, וואָס לויפֿן אַהער און אַהין, און צוויי דריי יונגעלייט מיט פֿידלען, און ערשט אויפֿן סוף — דער ערשטער פֿידלער, דער עלטסטער פֿון אַלע קלעזמער, דער דיריזשער — אַ רויטער בחור מיט אַ ווייסער פּאַפּירענער מאַנישקע, מיט אַ קורצן פּיהזשאַק, מיט שטאַרק-אָנגעפּאָמאַדעטע האָר און מיט אַ גרויסן בלויען שניפּס. ער שטעלט זיך מיטן פּנים צום פּובליקום, קוקט אויס אַלע פֿינגער און שמייכלט פֿון דער ווייטן צו עפּעס אַ מיידל מיט ווייסע הענטשקעלעך. די גאַנצע קאַפּעליע זעצט זיך אויס. און מע נעמט זיך אָנשטעלן די אינסטרומענטן. קודם-כּל טוט דער דיריזשער אַ קלאַפּ מיטן סמיטשיק איבערן פֿידעלע, און דער טראָמייטער מיט די גראָבע ליפּן גיט אַ טאָן, און תּיכּף נאָך אים שטעלן אַלע איבעריקע אַ טאָן, און הייבן אָן זיך דורכרעדן אויף זייערע אינסטרומענטן: דאָס פֿידעלע פּאַרגייט זיך, וויינט און בליפּעט, דער טראָמייט מאַכט „האָלדיר! האָלדיר!“ ווי אַן אינדיק, וואָס מע האָט אים שטאַרק צערייצט, דער באַס בורטשעט אונטער, ווי אַ בער, און די פֿלייט פּייפּט זיי אָן אַלעמען. איניינעם קומט דאָס אויס אַ מישמאַש, ווי פֿון עטלעכע מאות ווייבער אויף אַ יאַריד, און אַ געפּילדער פֿון אַ סך גענדז און קאַטשקעס.

עס באַווייזט זיך עפּעס איינער אַ יונגערמאַן מיט אַ גרינער קאַפּאָטע, טראָגט אין איין האַנט אַ פּאַק מיט פּאַפּירן, אין דער אַנדערער האַנט — אַ האַלבע בולקע מיט אַ שטיקל הערינג, און זעצט זיך אַנידער גאַנץ אויבנאָן אויף אַ קליין בענקעלע, אַקעגן דער סצענע, און בייסט איבער.

— ווער איז דאָס? — הער איך, ווי די דאַמע מיט דער ווייסער פּעדער פֿרעגט ביים קאַוואַליער.

— דאָס איז זייער סופֿליערער — ענטפֿערט איר דער קאַוואַליער.

— וואָס הייסט סופֿליערער? — פֿרעגט אים ווידער די דאַמע.

— דאָס הייסט: זייער פֿירזאָגער. — זאָגט דער קאַוואַליער.

און פון יענער זייט לײלער רעדן זיך איבער די אַקטיאָרן צווישן זיך פון פאַרשידענע זאַכן:

— ווו איז ערגעץ פּראדל די פּרימאַדאָנע, צו אַלדי שוואַרצע יאָר?

— זי איז געגאַנגען צום שוסטער. זי האָט גישט אין וואָס אַרויסצו־גיין אויף דער סצענע. אָפּגעשפּרונגען אַן אָפּצאַס.

— קראַנק געווען גיין ביימאָג? אַ שיינע פּרימאַדאָנע!...

— אבחהמיל, טו אויס די הויזן!

— וואָס מאַכן דיר קאַליע מיינע הויזן?

— אַ שיינע באַבע יאַכנע — מיט הויזן!...

— איך גיי דאָך אויבן אַ קליידל! וואָס מאַכט דאָס אויס?

— איך ווייס, אַז דו טראָגסט אויבן אַ קליידל. וואָס וועט אָבער זיין, אז מע וועט דיך וואַרפן אין פייער? דעמלט פליסטו מיטן קאָפּ אראָפּ און מיט די פיס אַרויף — וועט מען אַרויסזען די הויזן!...

— גיב מיר בעסער א צי טאָן פון דיין פּאַפּיראָס, די פּארכויץ!..

— האַצמאַך! ווו איז דיין באָרד? פאַרוואָס קלעפּסטו שוין נישט אָן די באָרד?... רבקה! שמיר דיר אָן דאָס פּנים מיט קרייד!... מגשהקע! מאַך דיר אַ האָרב פון הינטן, בכדי דו זאָלסט האָבן מער אַ פּנים פון אַ יידן!... ווו זענען ערגעץ די פיס?

— וואָסערע פיס?

ווער האָט געבראַכט די פיס פון יאַטקע?... טויזנט מאָל האָב איך אייך געזאָגט, אַז מע שפּילט „קאָלדוניאַ“, באַדאַרף זיין אַ פיס!... דער רוח זאָל אייך נעמען! וועלוול! וואָס ביסטו פאַר אַ רעזשיסער, דו יאָלד איינער?!...

פּלוצעם ווערט אַ קלאַפּעריי אין טעאַטער, אַז מע קאָן טויב ווערן. עס פליט דורך איינער מיט אַ גלעקל און קלינגט. עס גייט אַוועק עטלעכע מינוט, דער עולם הייבט אָן ווידער צו שרייען און צו קלאַפּן. יענער לויפט ווידער דורך מיטן גלעקל, און אַזוי עטלעכע מאָל, ביז דער רויטער פירהאַנג כאַפּט זיך אויף, טוט אַ מאַך עטלעכע מאָל מיטן קאָפּ אַרויף און אַראָפּ, מאַכט צו רעכט דעם קאָלנער מיטן בלויען שנייפּס, טוט א זעץ מיטן שטע־קעלע, און די קלעזמער שפּילן אָפּ א „שטיקל“. הייבט דער עולם ווידער אָן צו שרייען און צו קלאַפּן — שפּילן די קלעזמער נאָך אַ „זאַך“. עס ווערט נישט שטיל, ביז עס הייבט זיך אויף דער לײלער, און דאָס שפּיל הייבט זיך אָן.

צום אַלעם ערשטן גייט אַרויס אַ מיידל מיט אַן אונטערשט קליי־ל און מיט צעפּלאָכטענע האָר, גלייך ווי עמעצער וואָלט זי נאָר־וואָס אויס־געפּאַטשט, און הייבט אָן זינגען אַ טרויעריק לידל פון אַן אָרעמער יתומה מיטן נוסח פון „סטאָיט גאָראַ ווינסאָקאַיאַ! ווינסאָקאַיאַ!“ — „אַ יתומהלע! אַ יתומהלע!“ — און דאָס גאַנצע פּובליקום האַלט זי אונטער: „אַ יתומהלע! אַ יתומהלע!“ — פריער שטיל, וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער, אַזוי אַז מע הערט שוין מער נישט דאָס מיידל זינגען. נאָר דאָס פּובלי־קום. שפּרינגט אַרויס איינער פון די אַקטיאָרן אויף דער סצענע און בעט דעם עולם, „עס זאָל זיין שטיל!“! דער עולם ווערט שטיל, אָבער נישט אויף לאַנג; דאָס מיידל הייבט אָן צו זינגען, אַזוי זינגט מיט איר גאַנץ קהל: „אַ יתומהלע! אַ יתומהלע“...

עס שפּרינגט אַרויס ווידער אַמאָל דער אייגענער אַקטיאָר, נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, ביז ער גייט אַרויס פון די כלים און זאָגט זיי מיטן האַרבן וואָרט:

— איר וועט נישט אַנטשטומט ווערן? אַט רוף איך אַרויס רב לאָזער גאָראָדאָוואָי מיט דער קישקע, וועט אַ רוח אין אייער טאַטנס טאַטן אַריין!...

דער עולם הערט אויף צו זינגען, נאָר מע זאָגט מבינות, איטלעכער נאָך זיין פאַרשטאַנד. דער זאָגט, זי האָט אַ קול פון אַ „ריקבעט“, און דער זאָגט, אַז עמעצער זאָל איר אונטערטראָגן אַ בולקע, וואָלט ער פאַר־דינט אַ מצווה... די הינטערשטע בענק שרייען, ס׳זאָל זיין שטילער! נאָר עס העלפט נישט. ביז עס פליט אַרויס אויף דער סצענע האָצמאַך, אַ ייד מיט אַ מאָהנע שטריימל, מיט איין האַלבע באָרד, מיט לאַנגע פאות כמעט ביזן גאַרטל, מיט שיך און זאָקן, מיט איבערגעקערטע אויגן און מיט אַ האָרב אויף די פּלייצעס. האָצמאַך טראָגט מיט זיך אַ קאָשעק מיט סחורה, לויפט אַרום איבער דער סצענע, ווי אַ משוגענער, און רעכנט אויס וואָס ער האָט צו פאַרקויפן: „בײטשעלעך, שטעקעלעך, שוועבעלעך, מע־סערלעך! זאָקן פּאַפּירענע! קליידלעך קרישטאָלענע! שפּילקעלעך, בייזוע־לעך! קויפט עפּעס, ווייבעלעך!“... און מוט זיך אַלע מאָל אַ כאַפּ ביי די פאות, אַ שפּרונג און אַ געשריי:

— האָצמאַך! דער רוח זאָל מיך נעמען!...

דער עולם ווערט אַזוי נתפּעל פון האָצמאַכן, אַז עס ווערט אַן אייג־לייגעניש אויף אַ האַלבע שעה. מע פּאַטשט בראַוואָ, מע שרייט: „האָצ־מאַך, הוראַ!“ מע קלאַפּט מיט די שטעקנס איבער די בענק, מע וויל

גאָרגישט אויפהערן. האַצמאַך פּרוּווט זיך אײַנשטילן דעם עולם. ער שטעלט זיך אַוועק און מאַכט מיט די הענט — הייבט מען אָן נאָך מער צו שרײַען: „האַצמאַך! אַ טענצל, האַצמאַך! האָצמאַך!" פּלוצעם...

פּלוצעם האָט עפּעס געגעבן אַ פּאַטש מיט די פליגל, אַ פלי פון אויבן אַראָפּ און אַ פאַל גלײַך אויפן הוט מיט דער ווײַסער פעדער פון דער דאַמע מיט די בריליאַנטן. די דאַמע הייבט אָן פאַר שרעק חלשן, און אין טעאַטער ווערט מיטאַמאָל אַ בהלה מיט אַ געשריי: „געוואַלד, ייִדן, ראַטעוועט! ראַטעוועט!"... אײנער האָט אַ געשריי געטאָן: „עס ברענט!" — און מער האָט מען נישט באַראַכטעט. ס'איז געוואָרן אַ שפּרינגעניש איבער קעפּ צו דער טיר מיט אַ געשריי: „כאַסיע, ווו ביסטו?"... „יענקל, אַהער!"... „חבקוק, האַלט זיך!"... „מאָטל, איך שטאַרב!"... „ברכה, שריי נישט!"... „בעני, ווו איז יענטל?"... „מאַמע, אָט בין איך, מאָמע!"...

נאָך איין מינוט וואָלט פון אונדז אַלעמען געוואָרן אַ תל. אַ גליק, וואָס נח דער שוואַרצער פון מײַן האָטעל איז געפאַלן אויף אַ שכל און האָט אונדז אַלע אויסגעלייזט פונעם טויט. ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ בענקל און האָט זיך אָנגערופן צום פּובליקום אויף אַ געמבע:

— שוטים! נאַראָנים! ליימענע גולמס! גלאַטע בהמות! ציגענע בערד! נאַרישע גאָרגלען! ווייבערישע נשמות! וואָס פילדערט איר? וואָס שרײַט איר? וווהין לויפט איר? אָט ווערט פון אײַך באַלד אַ פּרעזשעניצע! טפּשים! פאַר וועמען האָט איר אײַך דאָ איבערגעשראָקן? פאַר אַ נאַריש עוף? איר זעט דען נישט, אַז אַן עוף איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער „סידעלע"? חב לאָזער, וואָס שווייגט איר? שטעלט אָן די קישקע!... קלעזמאָרים! אַ רוח אין אײַער טאַטן אַרײַן, אַ פריילעכס — טאָדערידע־דיראַדעראַדערידע!...

די קלעזמער כאַפּן אַ פריילעכס, און דער עולם הייבט זיך אָן אויס־צוזעצן צוריק אויף די ערטער... איך גנבע מיך אַרויס פּאָווּלינקע פונעם טעאַטער, כאַפּ אַ בײַדל און הייס, מע זאָל מיך פירן אויף דער סטאַנציע, אין „האָטעל טערקאַליא". דאָס בײַדל הוצקעט מיך איבער די שטיינער און שטעלט זיך אָפּ אַלע ווײַלע און הוצקעט ווײַטער.

— וואָס שטעלט איר זיך אָפּ אַלע מינוט? — פרעג איך דעם באַלעגאָלע.

— דער רוח ווייסט זיי — ענטפערט ער מיר. — וויאָ!... עס האָט זיך זיי געגלוסט באַלייכטן אונדזער כתרילעווקער בלאָטע, האָבן זיי אויס־געקלערט עפּעס אַ מין באַלייכטונג — „לאַמטערידעמס" אַזעלכע, וואָס

איבער זיי קאָן מען נישט פאָרן, מחמת די פערדלעך שרעקן זיך פאַר די סטויפּעס. זיי זענען נישט געוווינט געוואָרן ביי אונדז, מע זאָל זיי באַלייכטן... וויאָ!... אַלע מאָל, אַלע מאָל, קלערט מען צו אַ נייע צרה: פריער אַ טראָמבעליק, אייגעזונקען זאָל ער ווערן! וויאָ!... נאָכדעם לאַמטעדעריִרעמס אויף צו שרעקן די פערד. און איצטער, זאָגט מען, וועלן זיי שוין פאַרווערן דאָס וואַסער פון דער גנילאָפּיאַטקע. וויאָ!... עס וועט זיי, מאָלט אייך, העלפן, ווי אַ טויטן באַנקעס, מחמת די וואַסערפירער זאָגן, אַז זיי זאָלן וויסן דער טויט זאָל זיי זיין, וועלן זיי נישט דערלאָזן, אַז כתרילעווקע זאָל טרינקען ברונעם־וואַסער! וויאָ!.... זיי ווייסן שוין גאָרנישט וואָס אויסצוטראַכטן, די נגידים, ברענגען זאָלן זיי! מע זאָגט, אַז עס וואַקסט יאַקבי פון יעהופּעץ. די יעהופּעצער נגידים פעלט, אַפּנים, נאָר קאַפּוויטיק? וויאָ!... זיי זיצן און ברעכן זיך די מוחות, ווי אַזוי נעמט מען צו ביי ייִדן פּרנסה, אַרויסרייסן ביים אָרעמאַן דעם לעצטן ביסן ברויט פונעם מויל... אַ מיתה משונה זאָל אויף זיי קומען דאָרטן אין יעהופּעץ! וויאָ, קינדער, וויאָ!...

# VI

## כתרילעווקער שרפות

געלעגן אויף דער סטאַנציע אין „האָטעל טערקאַליאַ", האָב איך אַ גאַנצע נאַכט געהאַט מלחמות מיט בייזע חיות, וואָס האָבן מיך באַפאַלן, זיך גוקם געווען אין מיר, דערפאַר וואָס איך האָב נישט געוואָלט זיך לייגן מיט זיי אין בעט און האָב זיך אויסגעבעט אויף דער קאַנאַפּע.

— וואָס האָסטו געוואָלט? — האָבן זיי זיך מיט מיר געריצט. — אַז מיר וועלן דיך בייסן, אַז עס וועט דיר זיין האַרט צוקאָפּנס, וועסט אויפשטיין פון דער קאַנאַפּע אָן אַ האַלדז־און־נאַקן...

פּלוצעם דערהער איך אַ משונה־מאָדנע קלונג: באָם! באָם! באָם!!! און תיכף נאָך דעם לאָזט זיך הערן אַ לויפעריי פון מענטשן מיט אַ קול: „עס ברענט! עס ברענט!" איך שטיי אויף, איך גיי צו צום פענצטער: איין האַלבער הימל איז רויט, ווי אַ פייער, די אַנדערע האַלבע איז חושך! איין האַלבע שטאָט איז משונה־מאָדנע באַלויכטן, די אַנדערע האַלבע שטאָט איז פאַרזונקען אין אַ מורקאַדיק פינצטערניש. איך כאַפּ אויף זיך דאָס אָנטאָן און לויף אַרויס אין דרויסן. עס לאָזט זיך הערן פון דער ווייטן אַ מאָדנע געשריי, אַ הילך אָן ווערטער, און מענטשן ציען זיך אַהינצו שלעפעריק, גייען און גענעצן און ציטערן פאַר קעלט און דערציילן איינער דעם אַנדערן נסים ונפלאות: ווער עס האָט פריער דערהערט, און ווי אַזוי ער האָט דערהערט. און זיי זענען זיך משער אימליצבער באַזונדער, ווער דאָס ברענט. דער זאָגט: „ס'איז יאָסל!" דער זאָגט: „ס'איז מנשה!" דער זאָגט: „ס'איז נישט יאָסל און נישט מנשה — ס'איז שרה־זיסל!"

— ווי קומט אַהער שרה־זיסל? — שפּאַרט איך איבער נאָך איינער.

— אַז שרה־זיסלס שטוב איז אויף דער יאַרדינע, און דאָס איז גאָר אויף דער אַלטער שטאָט?

— ס'איז אַזוי אויף דער אַלטער שטאָט, ווי איך בין אַ רביצין! — ענטפערט אים נאָך איינער. — זעסט נישט, אַז ס'איז נעבן דער באָד?

— שאַ, וואָס דאַרפט איר זיך שפּאַרן? — גלייכט זיי אויס נאָך איינער. — אַמער קומט אַהין, וועלן מיר וויסן אַקוראַט.

זיי גייען, און איך גיי זיי נאָך און הער מיך צו וואָס מע רעדט.

— עמעצער האָט שוין דאָ געמאַכט „בורא־מאורי־האש“

— וואָס איז די ראיה?

— מחמת ס'איז געווען געסטראַכירט.

— פון וואַנען ווייסטו?

— וואָס רעדן? ס'זאָל נישט זיין געסטראַכירט, וואָלט נישט געברענט. אַ שטוב ברענט נישט פון זיך אַליין.

— וואָס זאָגסטו, יענקל, ווי שיין עס ברענט? מחיה נפשות!

ווי אַ הבדלה ברענט אַ שטיבל, וואַרפט אַרויס עטלעכע שטאַרק־רויטע צונגען. דער דאַך איז שוין נישטאָ. עס קנאַקן די קראָקוועס, עס טרישטשען די פענצטער, און געדיכטער רויך מיט שוואַרצע קנוילן קייקלט זיך און ציט זיך ווייט, ווייט, איבער הייזער און הייזלעך. עס הערט זיך אַ קול פון ווייבער, וואָס באַקלאָגן זיך אויף דעם שלאַק, וואָס האָט זיי געטראָפן אין מיטן האַלבע נאַכט, און אַ געוויין פון קליינע נאַקעטע קינדער, וואָס ציטערן און וואַרעמען זיך ביים פייער. דאָרט זיצט אַ גאַנץ געזינדל אויף איין איבערבעט מיט עטלעכע קישנס, וואָס זיי האָבן קוים אַרויסגעראַטעוועט פון דער שרפה, און דאָ שטייט אַ ייִדענע, אַ מעוברתע, מיט אַ טעפּל אין האַנט און מיט אַ פלעדערוויש און דערציילט דער אַנדערער ייִדענע, ווי אַזוי עס האָט זיך אָנגעהויבן.

— אָנגעהויבן האָט זיך עס אָנגעהויבן, ווי איז מיר, פון שמעון דעם סטאָליער. מען איז געגאַנגען, אפנים, מיט אַ לעמפּל, ווייסט איז מיר, ביינאַכט. סמרוזשקעס איז פאַראַן אַ סך, פינצטער איז מיר, און אפשר אַ שוועבעלע, אָדער אַ פּאַפּיראָס, און אפשר האָט דער באַלעבאָס אַליין, גדליה מיין איך, דאָס געטאָן — ווייס איך נישט; איך בין דערביי נישט געווען... גאָר דערווייל זענען נעבעך, אוי איז מיר, אָרעמעלייט בדיל־הדל געוואָרן, אַרויס ווי די מאַמע האָט זיי געהאַט, ווי איז מיר! פרעגט מיך בחרם, וואָס טראָג איך עפּעס אַ טעפּל מיט אַ פלעדערוויש — ווייס איך אַליין נישט...

— אוי אַז אומגליק! אוי אַ שלאַק! — וויינט אַ ווייבל מיט אַ ניגון פון „אקדמות“ און ברעכט די הענט. — וואָס וועל איך איצטער טאָן?

נישט אַרויסגעראַטעוועט אַפילו קיין פּאָדע־עם, ווו וועל איך נעמען אַ טאָג איבערצוקומען? ווו וועל איך מיך אַהינטאָן מיט מיינע קליינע קינדע־ער?

ווי שדים, ווי רוחות, לויפן אַרום און אַריין יונגעלייט פונעם געברענטן שטיבל, שפּרינגען אין פייער אַריין, ראַטעווען וואָס זיי קאָנען, כאַפּן אַרויס פון דאָרטן דער אַ פיסל פון אַ בענקל, דער אַן אומרו פון אַ זייגער, דער אַ בעזעם.

— ווו איז ערגעץ אלי מיט דער קישקע? — שרייט איינער פון דער חברה לעשעחם און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטן.

— איך בין דאָ, איך בין דאָ! — רופט זיך אָן אלי, אַ קליין יידל און באַברעט זיך ביי דער קישקע.

— וואָס טוסטו דאָרטן? וואָס באַברעסטו זיך אַזוי לאַנג?

— איך פאַרנײ די קישקע, זי האָט זיך צעטרענט! — זאָגט אלי.

— ווו איז ערגעץ פישל מיט די עמערס? — שרייט איינער אַ שוואַרצער ייד מיט אַ צעפליקטן טלית־קטן, מיט אַ פאַררויכערט פּנים און מיט אַ הייזעריק קול.

— פישל! פישל!!! — העלפן אים שרייען אַלע איבעריקע.

— וואָס פישלט איר? — רופט זיך אָן איינער, אפנים, פישל אַליין טאַקע. — זע נאָר, ווי זיי האָבן זיך אַ ביסל צעפישלט! פישל — פישל! פישל — פישל!

— ווו זענען די עמערס דיינע? — פרעגט מען אים.

— די עמערס זענען דאָ — זאָגט פישל — נאָר וואָס וועט איר מאַכן מיט זיי, אַז ס'איז נישטאָ גרונס מיטן פעסל?

— טאָמער וואָלסטו זיך מטריח געווען, פישל, דערווייל כאַפּן ערגעץ אַ פּאָר עמער וואַסער צווישן די שכנים?

— וואָס איז עפּעס איך? — זאָגט פישל. — לאָז גיין אלי!

— אלי! כאַפּ אַן עמער און טו אַ שפּרונג נאָך וואַסער!

— ווי קאָן איך? זעסט דאָך, אַז איך בין פאַרנומען מיט דער קישקע! לאָז גיין מאָטל.

— מאָטל! גיי קריג ערגעץ אַן עמער וואַסער.

— וווהין זאָל איך גיין, אַז איך קען דאָ קיינעם נישט? לאָז גיין אַנשל!

— אַנשל! אַנו, טו נאָר אַ לויף נאָך וואַסער!

— איך? איך ווייס נישט ווו אַ טיר עפֿנט זיך אַפֿילו! לאָז גיין דוד!

— שאַ, שאַ! אָ פֿאָרט גרונם מיטן פֿעסל! ער פֿאָרט!

— און אַלע טוען זיך אַ וואָרף צו גרונמען נאָך וואַסער, און פֿריער פֿון אַלעמען — אלי מיט דער קישקע. גרונם אַ ייִד מיט אַ גלאַנציק פּנים וואָס סע שיילט זיך, גייט זיך גאַנץ רואיק, נישט געכאַפּט, די פּאָלעס אַרונטערגעשטעקט אַרונטער, און נאָך אים שלעפּט זיך נאָך אַן איינגעדאַרט פֿערדל, קוים וואָס סע שלעפּט די פֿיס פֿון דער בלאָטע, ביידע, אי גרונם, אי דאָס פֿערדל להבדיל, זענען שטאַרק פֿאַרשלאָפֿן.

— ברוך־הבא אַ ייִד! און מיר האָבן געמיינט, אַז איר וועט שוין היינט נישט זיין חלילה.

— א שיינע מעשה נאָר א קורצע! — זאָגט גרונם — ווער דען וועט זיין, אַז נישט איך? וואָס בין איך עפּעס אַ ייִנגעלע? איך האָב דערהערט דעם ערשטן קלינג, בין איך שוין געווען ביים פֿערדל. מיין אַלטע האָט מיך אַפֿילו געוואָלט אָפּהאַלטן: וואָס וועסטו זיך שלעפּן, זאָגט זי, אין אַזאַ בלאָטע? אַ רחמנות נעבעך, זאָגט זי, אויפֿן פֿערדל, ס'איז אויסגעמוטשעט פֿונעם טאָג... נאָר ווער האָרכט זי ווער? איך האָב ליב אַ מצווה, ובפֿרט נאָך דאָרט, ווי עס גייט אין דעם נפֿש — אָרעמע לייט נעבעך ברענען! אַ קלייניקייט?

— לאַנג לעבן זאָלט איר, רב גרונם! מיר גייען דאָ אויס פֿאַר אַ ביסל וואַסער — ביי אַלע שכנים נישטאָ אַ לעק!

און די חברה לעשערס טוען זיך אַ לאָז מיט די ליידיקע עמערס צום פֿעסל, און פֿריער פֿון אַלע — אלי מיט דער קישקע. חברה נעמען זיך אָנפּאָמפּען וואַסער, צאַפּן אין די עמערס אַריין — עס צאַפּט זיך נישט.

— וואָס איז דאָס, רב גרונם? איר זענט משוגע, אַ חסר־דעה? איר זענט געקומען מיט אַ ליידיק פֿעסל.

— וואָס הייסט מיט אַ ליידיק פֿעסל? — זאָגט גרונם. אַ פֿול פֿעסל, ווי אַן אויג, — זאָגט איר גאָר דאָס!

— גייט זעט! — רופֿט זיך אָן איינער. — דאָס פֿעסל איז ליידיק, ווי אַ באַראַבאַן!

— וואָס הייסט ס'איז ליידיק? — זאָגט גרונם און באַטראַכט דאָס פֿעסל. — עפּעס רעדט איר מיר פֿרווד, תרגום־לשון, נאַ דיר גאָר ליידיק! לאָז מיינע שונאים זיין ליידיק אין בויך און אין די קישקעס!

און גרונם קלינגט מיטן פינגער אין פּעסל אַריין, דרייט זיך אַרום פֿון אַלע זייטן און דערזעט, אַז ס'איז אָן אַ צאַפּן.

— יאָ, ווי איך בין אַ ייד, אַ ליידיק פּעסל! — און ער כאַפּט זיך ביים קאָפּ און הייבט אָן צו שעלטן — מע ווייס גישט וועמען!

— אַ כאָלירע! אַ מיתה־משונה! אַן אויסלויפעניש! אַן איינטריקע־ניש! אַן איינשרומפּעניש! ווען האָט געקאָנט אַרויס־דער־צאַפּן, איינגע־זונקען זאָל ער ווערן? און ווו איז ער אַהינגעקומען? אָ, ברענען זאָלסטו שלים־מזל, אויפן פייער!

און גרונם לאָזט אויס זיין גאַנץ ביטער האַרץ צום פערדל געבעד, דערלאַנגט דעם אַ רוק מיטן ביימיש־שטעקל אין זייט אַריין. דאָס פערדל טוט אַ פינטל מיט די אויגן, לאָזט אַראָפּ די מאָרדע, קוקט אָן אַ זייט און טראַכט זיך: „פאַר וואָס קומט מיר, אַ שטייגער, אָט דער זעץ? גלאַט געגומען און געבוכעט זיך! ס'איז גישט קיין קונץ נעמען אַ פערד, אַ שטו־מע צונג, און שלאָגן אים אומזיסט און אומגישט!“...

— האָב דיר אַכציק שוואַרצע פינצטערע יאָר! — זאָגט גרונם צו זיך אליין. — איך זע וואָס דאָס איז: איך גיס און גיס, און גיס און גיס! אַצינד פאַרשטיי איך שוין: דאָס פּעסל איז, אַפּנים, פֿון דער לכתחילה געווען אָן אַ צאַפּן? קומען זאָל אויף דיר אַ פּאָהיבעל הייניטיקע נאַכט! זאָלסט צעפּאַלן ווערן אויף שטיקלעך, רבונו־של־עולם!

— וואַסער! וואַסער! — שרייען די וואָס ראַטעווען פֿון דער שרפה

— גיכער! גיכער! טראָגט אַהער די עמערס! דאָס וואַסער!

— וואָסערע עמערס? וואָסער וואַסער? — ענטפערן זיי די לעשערס

— איר זעט דאָך, אַז ס'איז גישטאָ קיין טראָפּן וואַסער!

— וואָס הייסט, עס איז גישטאָ קיין וואַסער?

— גישטאָ קיין וואַסער הייסט, אַז ס'איז גיישטאָ קיין וואַסער!

— וווהין איז אַהינגעקומען דאָס וואַסער?

— אַרויסגעלאָפן ביי גרונמען דאָס גאַנצע פּעסל וואַסער — און גיי שרייַ חי וקיים!...

פּלוצים לאָזט זיך הערן ווידער אַ מאָל יענער מאָדנער קלונג: באָם! באָם!! באָם!!! און עס ווערט באַלייכט די אַנדערע האַלבע שטאָט.

— גאָר אַ שרפה! אויף דער נייער שטאָט!! — שרייען עטלעכע קו־לות מיט אַ מאָל, און דער גאַנצער עולם מיט דער חברה לעשערס לאָזן זיך לויפן אויף דער נייער שטאָט.

— צוויי שרפות אין איין נאַכט — זאָגט גרונם צו זיך אַליין — בין איך שוין נישט מחויב! איך האָב אַליין אַ ווייב און קינדער! קיין געצאָלט דערפאַר נעם איך דאָך נישט, וויל איך — פיר איך, וויל איך נישט — פיר איך נישט! און דאָס פערדל איז אויך נישט פון אייזן! אַ צער־בעלי־חיים, עס האָרעוועט זיך נעבעך אָן געננג דורכן טאָג, באַדאַרף עס גאָר אָרומשלעפן זיך גאַנצע נעכט! עס האָט מער נישט וואָס צו טאָן!... מע וועט מיך נישט נויטן פון קהל! לאָזן זיי זיך שלאָגן קאָפּ אָן וואַנט!... קום, ברודער, — זאָגט ער צום פערדל — לאָמיר פאָרן אַהיים.

# כתריל וואָקער באַנדיטן

געקומען אַהיים פון די שרפות שוין פאַרטאָגלער און אויפגעפנט די טיר פון מיין חדר, בין איך גבהל ונשתומם געוואָרן: איך האָב דערזען 3 מאָדנע פאַרשוינען, נישט קיין באַקאַנטע פּנימער, דרייען זיך אַרום מיט אַ ליכט. דאָס בעט איז צעוואָרפן, די שאַפע איז אָפן, מיין טשעמאָדאַנטשיק ליגט אין מיטן שטוב, און מיינע פאַפירן, מיינע כתבים, וואַלגערן זיך אויף דער ערד.

— וואָס איז דאָס? ווער זייט איר? וואָס טוט איר דאָ? — טו איך אַ פרעג ביי איינעם, אַ ייִדן מיט אַ רויטער באָרד און מיט אַ בלויער בראָדעווקע אויף דער נאָז.

— זייוו אים אַ סעמער, זאָל אים קאַרוי די גמושה! — רופט זיך אָן איינער אויף אַ משונה־מאָדנע לשון צום רויטן מיט דער בלויער בראָדעווקע.

דער רויטער ענטפערט נישט דאָס אַנדערע וואָרט; ער פאַרשליסט די טיר, בויגט זיך אָן און שלעפּט אַרויס פון שטיוול אַ גרויסן, אַ שאַרפן, אַ קאָלאָראַטש־מעסער און טוט אַ מאַך מיטן מעסער מיר איבערן פּנים הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ כישופמאַכער.

— ווער מיר זענען? מיר זענען היגע באַנדיטן! — רופט זיך אָן צו מיר איינער פון דער חברה, אַ שוואַרצער ייִד מיט אַ בעלמע אויף איין אויג, און בשעת ער רעדט אויס דאָס וואָרט „באַנדיטן“, טוט ער מיטן געזונטן אויג אַ מוראדיקן גלאַנץ און אַ קריץ מיט די ציין, ווי אַ רוצח.

— טו אים אַ לייסטער ביי די שעקעגים! — רופט זיך אָן יענער אויף זייער איבערגעקערטער שפּראַך.

— דיענגי! דאַוואַי דענגי!! — שרייט אויס דער דריטער פון דער חברה, אַ הויכער ייִד מיט אַ הייזעריקן קול. און כאַפּט מיך אָן ביי דער

לאַץ פון דער קאַפּאָטע און טרייסלט מיך, ווי אַ לולב.

— געלט — זאָג איך — ווילט איר? ביי מיר ווילט איר נעמען געלט? ווי קום איך צו געלט? גאָט האָט מיך אויסגעהיט פון געלט.

— גאָז אים, אַז ער גייט! — רופט זיך אָן יענער אַלץ אויף זייער לשון.

— דו ליגסט! — מאַכט צו מיר דער וואָס מיט דער בעלמע. — די מינוט זאָלסטו אָפּגעבן דאָס גאַנצע געלט, וואָס דו האָסט אַגישט — געזעגן זיך אָפּ מיטן לעבן. מיר שענקען דיר צוויי מינוט אויף צו באַטראַכטן זיך און איין מינוט אויף זאָגן ווידוי...

און בכדי איך זאָל נישט מיינען, אַז מען טרייבט מיט מיר קאַטאָוועס, גייט צו צו מיר דער רויטער, וואָס מיט דער בראָדעווקע, און באַווייזט מיטן מעסער אַרויף און אַראָפּ. אַהין און אַהער, עטלעכע מאָל, ווי מען מאַכט מיטן לולב סוכות צו הלל.

— וואָס טיישט איר ווי די מיילענע לוגמס? לאָז מען אים ניבדן די טעהן מיט די סיפּ! — רופט זיך אָן דער הייזעריקער אויף זייער פאַרשטעלטער שפּראַך און לאָזט אויס אויף אונדזער לשון:

— ווּ זענען ערגעץ די שטריק? לאָמיר אים בינדן!

— למאי זאָלט איר זיך מטריח זיין? — זאָג איך. — אמער, נאַט אייך אָפּ מיין גאַנץ פאַרמעגן. דאָס בייטעלע מיט די עטלעכע קערבלעך, און לאָזט מיך אָפּ וואָס האָט איר צו מיר? איך בין אַ טאַטע פון קינדער, קיין עין-הרע, פיר מיידלעך מיט צוויי יינגלעך, דאָס קלענסטע איז נאָך נישט אַלט קיין חודש...

אַלע דריי באַנדיטן רעדן זיך איבער איינער מיטן אַנדערן אויף זייער גנבישער שפּראַך. ציילן איבער די עטלעכע קערבלעך, וואָס ביי מיר אין בייטעלע, און נעמען מיך אויפן צימבל. זיי פרעגן מיך און איך ענטפער זיי.

— פון וואַנען איז אַ ייד?
— פון יעהופּעץ.
— מח שמכם?
— שלום-עליכם.
— עליכם-שלום. ווי אַזוי איז אייער נאָמען?
— שלום-עליכם.
— עליכם-שלום. מיר פרעגן אייך, ווי אַזוי רופט מען אייך?

— שלום־עליכם — אַזוי רופט מען מיך טאַקע.
— אַ טשודנער נאָמען! וואָס איז אייער טועכץ?
— איך בין אַ שרייבער.
— מע שמועסט, וואָס איז אייער טועכץ, אייער פּרנסה?
— איך בין אַ שרייבער.
— וואָס זשע שרייבט איר? פּראָשעניעס? פּאַפּירן? מסירות?
— פעליעטאָנען, מעשה־ביכלעך פאַר יידישע קינדער.
— זענט איר, הייסט דאָס, אַ מוכרספרימניק, אַ בעל־מחבר?
— אַ מחבר.
— וואָס זשע טוט איר הי?
— געקומען אָנקוקן כתרילעווקע.
— און מער גאָרנישט?
— מער גאָרנישט.
— קיין שום געשעפט?
— קיין שום געשעפט.
— און לייגט הוצאות?
— און לייג הוצאות.
— צוואָס נוצט דאָס אייך?
— בכדי איך זאָל האָבן וואָס צו באַשרייבן.
— וווהין שרייבן?
— אין די גאַזעטן.
— וואָסערע גאַזעטן?
— יידישע גאַזעטן.
— פאַראַן יידישע גאַזעטן?
— ווי דען?
— וואָס טוען זיי?
— זיי דרוקן זיך.
— אויף וואָס דאַרף מען זיי?
— אויף צו לייענען.
— ווער לייענט זיי?
— יידן.
— עמיצער צאָלט אייך עפּעס דערפאַר, וואָס איר שרייבט?
— געוויינלעך.

— אָט אַזוי זשע רעדט! וואָס, אַ שמייגער, האָט איר דערפון? וויפל פאַרדינט איר אַ וואָך?... איר רויכערט? ווו זענען אייערע פּאַפּי־ראָסן?

איך נעם אַרויס מיין פּאַפּיראָסקאַסטן און טראָג זיי אונטער אַלעמען. זיי זאָלן זיך נעמען צו פּאַפּיראָסן.

— גרעף אים, צי ס'איז פון ביזלער... רופט זיך אָן איינער אויף זייער שפּראַך.

— אַ זילבערנע? — מאַכט צו מיר דער, וואָס מיט דער בעלמע, און וועגט דעם פּאַפּיראָסקאַסטן אויף דער האַנט. — אַ זילבערנע, צי אַ פּראָסטער חי־וקיים?

— אַ פּראָסטע שלש־סעודות פון צוויי גילדן! — זאָג איך, און מיר פאַררויכערן אַלע צו פּאַפּיראָסן.

— טו אים אַ פּאַט ביים גייזער! — רופט זיך אָן איינער אויף גנבהש לשון.

— ווו איז אייער זייגער? — מאַכט צו מיר דער, וואָס מיט דער בעלמע, און באַווכט מיר אַלע קעשענעס. — איר האָט גאָר גישט קיין זייגער?

— איך האָב — זאָג איך — אַ זייגער, און דווקא אַ גוטן זייגער, אַ גילדערנעם, אין ער פאַרזעצט אין לאָמבאַרד אין יעהופּעץ...

— אַן עבירה! — זאָגט דער הייזעריקער. — ער וואָלט אונדז שטאַרק צונוץ געקומען אַציגער!... מיר דאַרפן טאַקע אַ גילדערנעם זייגער, ווי אין לעבן אַריין!

— אויף וואָס דאַרפט איר דאָס אַזוי — זאָג איך — אַ גילדערנעם זייגער?

— אַ גילדערנעם זייגער — זאָגט ער — קאָן מען פאַרקויפן און אָפּלייזן גוטע געלט!

— פאַכט אים דער טאַוועגנבאָמער! רופט זיך אָן איינער אויף זייער לשון — ער איז אַ מאָרעגאַם גלייך מיט אונדז!...

— אַ גוטע נאַכט! — מאַכן צו מיר די באַנדיטן און לאָזן זיך גיין. — דאָס אַנדערע מאָל, אַז איר גייט אַוועק, זאָלט איר פאַרשליסן די טיר, נישט פאַרלאָזן זיך אויפן אויבערשטנס נסים און אויפן יושר פון כתרילעווקער גנבים... האָט קיין פאַראיבל נישט, וואָס מיר האָבן אייך אפשר דעקומשעט.

— אדרבה! — זאָג איך — האָט איר קיין פּאַראיבל נישט, וואָס אַזוי ווינציק... — און איך וויל זיי אַרויסבאַגלייטן אויף יענער זייט טיר, רופט זיך אָן צו מיר דער הייזעריקער, לייגט־צו אַ פינגער צום מויל און ציט־אויס מיטן ניגון פון „קאַלדוניא“:

— פּתח שין — ששששאַ־אַ־אַ!...

אין דער רויטער, וואָס מיט דער בראָדעווקע, נעמט אַרויס דאָס מע־סער און שווט א מאך מיט דעם איבערן קאָפּ עטלעכע מאָל ווי איינער רעדט: „טאָמער טוסטו דו חלילה אַ פּיפּס, איז דיין לעבן קיין לעבן נישט“...

. . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

— גוואַלד! גוואַלד! ייִדן, ראַטעוועט — האָב איך מיך צע־שריגן נישט מיט מיין קול. וויבאַלד די באַנדיטן זענען אַוועק, און איך האָב אויפגעוועקט די גאַנצע שטוב. מען איז זיך צונויפגעלאָפן פונעם גאַנצן האָטעל: ווייבער זענען אַראָפּגעשפּרונגען פון די בעטן אין אונטער־שטע קליידלעך, און מאַנסבילן — מחילה, אין איינע תחתונים. מען האָט געמיינט, אַז עס ברענט.

— ווידער אַ שׂרפה?

— ווידער געברענט?

— וווּ ברענט?

— ווער ברענט?

— שאַ, שאַ, קיינער ברענט נישט! — איז אַרויס נח דער שווייצאַר מיט זיין שפּראַך און רופט זיך אָן צו מיר:

— וואָס האָט זיך, למשל, צעשריגן, ווי א משוגע קעלבל? וואָס געוואַלדעוועט איר, ווי אין אַ מאַנהויז? איר וועט חלילה אויפוועקן אַלע אַקטעיורן!...

— גזלנים! — זאָג איך, — רוצחים! באַנדיטן זענען מיך באַפאַלן נאָר־וואָס און מיך באַנומען!

דערהערט „גזלנים“, פאַלט־אָן אויפן גאַנצן עולם אַ פּחד, און עס ווערט אַ ליאַרעם, אַ גערעדריי פון אַלע מיט אַ מאָל:

— גזלנים?

— וויפל גזלנים?

— דריי גזלנים?

— וואָס פאַר אַ פּנים האָבן זיי?

— צוויי יונגע. איינער אַן אַלטער!

— געגאַנגען מיט מעסערס?

— למאי האָט איר געשוויגן?

— איר האָט מורא געהאַט שרייען?

— גאָט אייך גזלנים! גאָט זאָל שומר ומציל זיין!...

— געכטן געווען אינעם אַנדערן הויף אויך גזלנים... געשטיקט אַ ייִדענע, אַרויסגעטראָגן די בעטגעוואַנט, גענומען אַ ביסל אייזן...

— מסוכן איבערהבלייבן איינער אַליין אין שטוב...

— מע וועט שוין באַלד דאַרפן אַנטלויפן פון כתרילעווקע?

— נאַ דיר גאָר גזלנים. טאָמער איז קאַרג!...

— כאַפּט זיי! כאַפּט זיי! כאַפּט זיי! — הערט זיך פּלוצים פון דרויסן אַ קול פון אַ נקבה און אַ געלויף מיט אַ קלאַפּערײַ פון אַ סך מענטשן, — כאַפּט זיי! כאַפּט זיי!

— געכאַפּט!

— איינעם געכאַפּט! צוויי געכאַפּט!

— בינדט זיי! האָסט שוין דעם דריטן אויך? בינדט אים! בינדט אים!...

— פּאַוואָלי בינדט, נישט פאַרן קאָפּ, פאַר די פיס, פאַר די פיס!...

— זעלדע! גיב מיר דיין פאַטשיילע, זעלדע!

— אָ, איר האָרכט? מען האָט זיי געכאַפּט! — רופט זיך אָן צו אונדז נח דער שווייצאַר און לאָזט זיך לויפן מיט אַ לאַמטערנע אין דרויסן אַרויס, און מיר אַלע — גאָך אים.

— נו, וואָס הערט זיך? — שרייט נח און דער פענצטער אַהין, פון וואַנען עס גייען די קולות. — שוין געכאַפּט?

— געכאַפּט, געכאַפּט! — ענטפערט אים אַ קול פון אַ נקבה אין דער פענצטער.

— און געבונדן?

— געבונדן, געבונדן!

— אַלע דריי?

— אַלע דריי, אַלע דריי!

— אַנו לאָמיר זיי כאָטש אָנקוקן, וואָס פאַר אַ פּנים זיי האָבן! — מאַכט נח דער שווייצאַר און רופט מיט זיך דעם גאַנצן עולם, און מיר

גייען־צו נאָענט מיט דער לאַמטערנע צו די געכאַפּטע גזלנים, און מיר דערזעען אויף דער ערד ליגן דריי געפּענטעטע... אינדיקעס!

די אינדיקעס האָבן אַראָפּגעלאָזט די בלויע שנאָבלען, בלאָזן מיט די נעזער און בליצלען מיט די אייגלעך אויף דער שיין פון אונדזער לאַמטערנע, און די ווייבער, האַלב־נאַקעטע, דערציילן אונדזערע נסים ונפלאות, ווי אַזוי די אינדיקעס זענען אַרויס פון שטייג, מען ווייסט נישט ווי אַזוי: צי גנבים, צי אַ טכויר איז דורכגעלאָפן און האָט זיי איבערגעשראָקן, — גאָר דאַנקען גאָט, וואָס מען האָט זיי געכאַפּט, אַנישט — וואָלט געווען חלילה אַ היזק פון מי יודע וויפל...

— טפו זאָלט איר ווערן, כתרילעווקער קורעלאַפּניצעס! — זאָגט נח און בטלט אויס אויף זיי אַלע זיינע ווייסטע חלומות. — אַ רוח אין אייער אינדיטשקעס־געגדז־קאַטשקעס־פלעדערווישן אַריין!...

און נח דער שוואַרצער הערט נישט אויף צו שיטן מיט זיינע געקליבענע, שאַרפע, פאַרשפּיצלטע ווערטער, און דער עולם הויבט אָן ביסלעכווייז זיך צעגיין, מיט אַ געניץ, איטלעכער אין זיין רו אַריין.

איך בלייב שטיין איינער אַליין, אין מיטן דער בלאָטע, פאַרטומלט פון דער נאַכט מיט אירע פּחדים, מיט אירע בהלות. אַ נאַסע קעלט נעמט דורך מיין לייב, דורך־און דורך. ערטערווייז באַווייזט זיך אַ פייערל אין די פענצטער. פון אַ פּאָר קוימענס ציט זיך אַ בלוי רויכל. פון אַ זייט הימל באַווייזט זיך אַ העלער פּאַס. פון עטלעכע ערטער הערט זיך אַ קרייען פון הענער. וואָס שטעלן־אָן זייערע העלדזער און שרייען אויף אַלערליי קולות און פאַרשיידענע נוסחאות: קו־קו־רי־קו־או!...

עס שאַריעט אויף טאָג.

# כתרילעווקער מושב=זקנים

אַלצדינג פּראָגרעסירט אויף דער וועלט, גייט פאָרווערטס. עס פּראָגרעסירט אויך אונדזער כתרילעווקע.

כתרילעווקע האָט זיך אַ שטאַרקן רוק געטאָן די לעצטע צייט. אַזוי אַז איר וועט קומען צו פאָרן אַהין אַצינד, וועט איר זיין דערשטוינט. איר וועט קוקן און וועט זיך נישט קאָנען זאַט אָנקוקן. איר וועט דערזען אַ הויכן מויער פון געלע ציגל, מיט אייזן געדעקט און מיט אַ סך, אַ סך פענצטער, מיט אַ שיינער הויכער געשניצטער טיר, און אויבן, איבער דער טיר, צוגעשלאָגן אַ ווייסער מאַרמאָר=שטיין, אויסגעקריצט מיט גרויסע גאָלדענע יידישע בוכשטאַבן:

## מושב=זקנים

איר שטייט און קוקט אויף דאָס דאָזיקע בילד, און עס דאַכט זיך אייך אויס. אַז עס האָט דעם אָנבליק פון אַ טייערער סאַמעטענער לאַטע אויף אַן אַלטער פאַרגרינטער ליוסטרינענער קאַפּאָטע. וואָס איז דאָס פאַר אַ מין פרעכטיקער „מושב=זקנים“ אין מיטן הערינגען אין דעם אָרעמינקן=אָרעמען כתרילעווקע? וואָס, איז דאָס עמיצן אויף צולהכעיס? אָדער אַ ליצנות? אָדער גאָר עמיצנס אַ טעות? אָט וואָס מען האָט מיר דערציילט דאָס לעצטע מאָל, אַז איך בין געווען דאָרט אויף קבר=אָבות.

דאָס איז געווען אין דער צייט, וואָס מע האָט געזאָלט דורכפירן דורך כתרילעווקע אַ באַן. עס זענען אַראָפּגעקומען פון מאָסקווע מיני מאָדנע באַשעפענישן: אינזשיניערן, גאָסנמעסטערס, ערדשנייִדערס וכדומה אַזעלכע פאַרשוינען, און על כולם — איינער אַ פּאָדראַטשיק, אַ יונג מיט ביינער, און דווקא אַ „אונדזעריקער“. דעם נאָמען זייגעם ווייסט מען עד היום נישט. אפשר איז דאָס פּאָליאַקאָוו אַ „מענטש“, און אפשר טאַקע פּאָליאַקאָוו אַליין. נאָר אַז ער איז אַ גביר אַן אדיר, אַ מיליאָנטשיק — דאָס האָט אַ מינדסט קינד אויך געקאָנט אַרויסזען. וואָרום ווער וועט

זיך עם פאַרגיגען שטיין איין מענטש אַליין אין צוויי חדרים, פרעסן הינער, זשליאָקען וויין אין מיטן מיטוואָך און מאַכן קוצעציו־מוצעציו מיטן בעל־אכסניהס יונגערע שנור, די הולטייקע? (זי טראָגט אייגענע האָר בפרהסיה און האָט פיינט דעם מאַן — אַלע ווייסן דאָס).

אין יענער צייט האָט זיך אונדזער אַלטער באַקאַנטער, דער רב רב יוזיפל, אַרומגעטראָגן מיטן אַ מחשבה: אַוועקשטעלן אין כתרילעווקע אַ „מושב־זקנים" פאַר אַלטע קראַנקע אָרעמע לייט. וואָס עפּעס גראָד אַ „מושב־זקנים"? פאַר וואָס נישט קיין „בקור חולים?" הייבט זיך אָן אַ מעשה פון קשיות פרעגן! ער וואָל זיך געוועז נעמען פאַר אַ „ביקור־חולים", וואָלט איר פרעגן: פאַר וואָס נישט קיין מושב־זקנים"? איך בין אייך ערב, אַז אַ זייטיקע מחשבה: טאָמער האָט דאָ הלילה רב יוזיפל געהאַט אַ מיין, אַ טובת־הנאה פאַר זיך אויף דער עלטער — איז דאָ זיכער נישט געווען. רב יוזיפל איז געגאַנגען מיט דעם גאַנג, אַז אויף אַן אַלטן מאַן און אַ קראַנקן איז מער רחמנות, ווי אויף אַ יונגן. דאָס הייסט, אַ יונגער חולה איז אויך אויף גרויסע צרות. נאָר אַז מען איז קראַנק און נאָך אַלט דערצו, איז מען גאָר איבעריק ביי דער וועלט. איבעריק און נמאָס. אַ מענטש האָט פיינט אַן אַלטן מאַן אַ זקן — דאָס איז בדוק ומנוסה.

הכלל, ס'איז ביי אים געבליבן איין מאָל פאַראַ אַלע מאָל: כתרי־לעווקע מוז האָבן אַ „מושב־זקנים". אַ „מושב־זקנים"" איז בילכער פון אַליצדינג. און בכדי אַלע זאָלן פאַרשטיין, ווי ווייט ס'איז נייטיק אַ „מושב־זקנים" אין כתרילעווקע, האָט רב יוזיפל שבת ביי טאָג אָפּגעהאַלטן אַ דר־שה אין שול, דערציילט קייער אַ שיינעם משל: „אַמאָל איז געווען אַ מלך, האָט ער געהאַט אַ בן־יחיד..." נאָר וויל מיר האַלטן אין מיטן אַ שמו־עס, ווילט זיך מיר נישט אַריינמישן איין מעשה אין דער אַנדערער. לייגן מיר אָפּ רב יוזיפלס משל אויף איין אַנדערש מאָל. איך קאָן אייך נאָר זאָגן, אַז דער משל איז אפשר נישט געווען אזוי גלייך צום נמשל, נאָר דער עולם האָט געלעקט פון אים די פינגער, ווי פון אַלע משלים, וואָס רב יוזיפל פלעגט זיי דערציילן, הלוואי וואָלט רב יוזיפל געווען אַזאַ בריה אויף צו פאַרדינען זיך דאָס שטיקל ברויט, ווי ער איז געווען אַ מאַ־דים אויף צו זאָגן משלים.

אויסגעהערט דעם משל, רופט זיך אָן צו אים איינער אַ בעל־הבית — פון די נכבדים, געוויינלעך, וואָרום ווער דען וועט זיך איינ־שטעלן אַרויסטרעטן קעגן אַ רב פאַר אַ עדה מיט יידן?

— יאָ, רבי, איר זענט אַוודאי זייער גערעכט. דער משל איז זייער אַ שיינער משל. די קשיה איז נאָר: ווו נעמט מען געלט? אַ „מושב־זקנים" דאַרף קאָסטן געלט, און כתרילעווקע איז אַ שטאָט פון סאַמע כתריליקעס, אָרעמעלייט, קבצנים, דלפנים, עניים ואביונים...

— יע! איך וועל דיר דערציילן, קינדעניו, דערויף אויך אַ משל. אַמאָל איז געווען אַ מלך... האָט ער געהאַט אַ זון אַ בן־יחיד...

הכלל, וואָס דער מלך האָט געטאָן מיט זיין בן־יחיד — דאָס איז נישט וויכטיק, וויכטיק איז דאָס, וואָס אונדזער רב יוזיפל האָט אויף מאָרגן, זונטיק, גענומען צוויי בעלי־בתים פון די „פאַרנעמסטע" און איז אַרויסגעקומען מיט אַ פאַטשיילע אין מאַרק, גענומען גיין פון קלייט צו קלייט, פון שטוב צו שטוב — דער אַלטער מנהג אין כתרילעווקע אויף צו „מאַכן געלט". פאַרשטייט זיך, אַז קיין גרויסע קאַפּיטאַלן קאָנען דערפון נישט ווערן. רב יוזיפל האָט אָבער צייט. ער קאָן באַשטיין, עס זאָל געדויערן נאָך אַ וואָך. רוים איז נישט געבוירן געוואָרן אין איין טאָג. וואָס זאָל מען טאָן: נעבעך א שטאָט פון קבצנים! דער גאַנצער אַרויסקוק איז אויף די פרעמדע, די סוחרים, וואָס קומען אַראָפּ קיין כתרילעווקע, אָדער גלאַט אַזוי דורכפאָרער, וואָס שטעלן זיך אָפּ אויף די אכסניות. דאָרט, אַז מע דערטאַפּט אַמאָל אַ פויגל, פליקט מען אים אַרום אַזוי, אַז ער פאַרזאָגט אַ צענטן: „אַז איר וועט פאָרן פאַרביי כתרילעווקע, זאָלט איר דאָס אויסמיידן אַ מייל אַרום און אַרום — ס'איז נישט אויסצושטיין פון די דאָרטיקע אָרעמע לייט"...

דערהערט אַז עס איז געקומען צו פאָרן פון מאָסקווע אַ ייד אַ פאָדראַטשיק, פאָליאַקאָוו צי „מעגטש", אָדער אפשר פאָליאַקאָוו אַליין, אַ גרויסער מיליאָנטשיק, — האָט זיך רב יוזיפל אָנגעטאָן שבתדיק, גענומען אויף זיך דעם טיזליק מיטן שטריימל, וואָס האָט זיך עפּעס נישט געפּאַסט צום גרויסן וואָכעדיקן שטעקן וואָרום ממה־נפשך: איז דאָס שבת — ווי קומט אַהער אַ שטעקן? איז דאָס אין דערוואָכן — וואָס עפּעס אַ שטריימל?... פאַרענטפערט איז די קשיה געוואָרן ערשט דערמיט, אַז רב יוזיפל האָט מיטגענומען מיט זיך צוויי פיינסטע בעלי־בתים און איז אַוועק מיט זיי גלייך אויף דער אכסניה, צום רייכן פאָדראַטשיק.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי זענען די איבעריקע מאָסקווער פאָדראַטשיקעס, נאָר דער פאָדראַטשיק, וואָס איז געקומען קיין כתרילעווקע דורכפירן אַ באַן, איז געווען אַ מאָדנער פאָדראַטשיק. אַליין אַ קליינטשיקער, אַ פוכלינקער, מיט פעטע בעקלעך, מיט פליישיקע ליפּן און מיט

קורצע העמטלעך, — איז דאָס געווען אַ בריאה אַ רירעוודיקע, וואָס אַז סע גייט, לויפט עס, און אַז סע רעדט, שרייט עס און לאַכט מיט אַ צעשאָטן געלעכטערל: „העהעהע!" און די אייגלעך זענען ביי אים תמיד באַנעצט מיט טרערן, און אַלצדינג איז ביי אים גיך, כאַפּנדיק אויף איין פוס, און נערוועז — מיט סכנת־נפשות! אים נישט צוטרעפן, וואָס ער וויל, אָדער אים זאַמשעפּען מיט אַ וואָרט — איז חיות נישט זיכער. באַלד צינדן זיך אים אָן די אייגעלעך און ער איז קאַפּאַבל אייך הורגם זיין, צערייסן אויף צווייען. אַ מאָגער, אַ מאָדנער פּאָדראַטשיק!

איינגעפירט האָט ער אויף דער אכסניה, אַז ווער סע זאָל צו אים נישט קומען, יהיה מי שיהיה, מעג זיין דער גובערנאַטאָר אַליין (אַזוי טאַקע מיט דעם לשון האָט ער אָנגעזאָגט), דאַרף מען אים פריער אַ קלאַפּ טאָן אין דער טיר, און אַז ער וועט הייסן אַריין, דאַרף מען ערשט דעמלט אים מעלדן, ווער עס וויל מיט אים רעדן — איז אָדער ער בעט אַריינקומען, אָדער ער הייסט קומען מאָרגן.

פאַרשטייט זיך, אַז אין כתרילעווקע האָט מען זיך גענוג אָנגעלאַכט אויף דעם דאָזיקן פּאַרשוין און אויף זיינע נאַרישע גענג. האָט איר געהערט אַ השגה פון אַ מאָסקווער פּאָדראַטשיק? לאַ־די, וואָס איך האָב מיך מטריח געווען און קום צו דיר אַהיים, דאַרף איך נאָך שטיין אַ היפּשע ווײַלע אויף יענער זייט טיר און אויסוואַרטן ביז דו וועסט מיר „פּאָזוואָליען" אַריינקומען צו דיר, אָדער אַנישט — וועסט דו מיר הייסן קומען מאָרגן? נייןן, דאָס קאָן גאָר אַ מאָסקווער פּאָדראַטשיק. דאַכט זיך, מע דאַרף נישט קיין גרעסערן מענטשן, ווי רב יוזיפל דער רב, אַ ייד אַ למדן און אַ גרויסער ירא־שמים. פונדעסטוועגן איז ביי אים אַלעמאָל, צו יעדער צייט, אָפן טיר און טויער, כל הכפין — מיר זענען דאָך עפּעס ייִדן אויף דער וועלט!

דערזען פאַר זיך רב יוזיפל דעם רב בכבוד ובעצמו און נאָך שבת־דיק אָנגעטאָן, איז דער בעל־אכסניה, אַ ייד מיט אַ לולקע־ציבעק. מיט אַ היפּשן בויך מיט אַ צעשפּילעטן פונפאָרנט, ממש אַליין מבולבל געוואָרן: „ברוכים הבאים! סקאָצל קומט! אַזאַ גאַסט! דער רב אַליין ביי מיר אין שטוב! אַזאַ זכיה! רבי, זיצט... וואָס? צום אורח דאַרפט איר? מיטן גרעסטן כבוד!"...

און דער בעל־אכסניה האָט גאָר פאַרגעסן פונעם „יהיה מי שיהיה" און פונעם „גובערנאַטאָר", אַוועקגעלייגט דעם לולקע־ציבעק, פאַרשפּי־

לעט היים פונפאָרנט און האָט צוגעפירט דעם רב מיט די צוויי פיינסטע בעלי־בתּים צום אורחס טיר, און אליין איז ער נעלם געוואָרן.

מיט וואָס דער אורח איז דאָרט געווען אין דער מינוט באַשעפטיקט — איז שווער צו זאָגן. אפשר האָט ער געהאַלטן סאַמע אין מיטן רעכענונג וועגן אייזנבאַן, ווו מע זאָל ציען די רעלסן און ווו מע זאָל אַוועקשטעלן דעם וואָקזאַל? אָדער אפשר איז ער געלעגן ביי זיך אין צווייטן צימער אָנגעשפּאַרט און געדרימלט? אָדער אפשר איז ער דאָרט געזעסן גלאַט אַזוי און געשמועסט, געפּלוידערט מיטן בעל־אכסניה׳ס יונגער שנור די הולטייקע, וואָס טראָגט אייגענע האָר און האָט פיינט דעם מאַן — אַלע ווייסן דאָס! ווער קאָן עס וויסן, וואָס א ייד א פּאָדראַטשיק פון מאָסקווע, אַ יונג מיט ביינער און אַ מיליאָנטשיק דערצו, טוט ביי זיך איין מענטש אַליין אין צוויי צימערן? נאָר אַז די כתריליעווקער דעפּוטאַציע איז אַריינגעקומען צו אים אינעם ערשטן חדר, האָבן זיי אים נישט געטראָפן. זיי האָבן נאָר באַמערקט, אַז די טיר פונעם צווייטן חדר איז אָפן און ס׳איז דאָרטן זייער שטיל. גיין ווייטער האָבן זיי נישט געוואָלט. ס׳איז נישט קיין דרך־ארץ — טאָמער שלאָפט ער? זענען זיי געפאַלן אויף אַ המצאה און האָבן אַלע דריי געגעבן אַ הוסט (אַזוי איז דער מנהג אין כתריליעווקע). האָט דער פּאָדראַטשיק דערהערט, איז ער אַרויסגעלאָפן נישט טויט, נישט לעבעדיק. דערזען אומבאַקאַנטע געסט, איז ער באַלד געוואָרן מלא כּעס וחמה און האָט זיך צעשריגן אויף זיי אויפן מאָסקווער אופן:

— ווער איז? וואָס דאַרפט איר, אַזעלכע און אַזעלכע? ווער האָט אייך אַריינגעלאָזט? איך האָב טויזנט מאָל אָנגעזאָגט, אַז „אָן אַ דאָקלאַד“ זאָל מען צו מיר נישט גיין!

ס׳איז אַ סברה, אַז ער האָט אויסגענוצט דערביי, זאָגט מען, דאָס וואָרט „זשידי“.... ס׳איז אַפילו נישט צו גלויבן אַזעלכעס אויף אַ ייִדן, נאָר א מענטש, און א מיליאָנטשיק דערצו, אז מען ברענגט אים אריין אין גרימצאָרן, קאָן ער אָפּטאָן נאָך אַ סך ערגערע זאַכן...

אונדזער לעזער, וואָס איז שוין באַקאַנט גענוג מיטן כתריליעווקער רב, ווייסט גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ ייד און עניו אָט דער רב יוזיפל איז. ער וועט אייך קיינמאָל נישט זיין קיין קופץ בראש. ער האָט תּמיד ליב זיין בעסער דער לעצטער, וואָרום ער גייט מיט דעם גאַנג, אַז א בשר־ודם דאַרף זיך נישט כאַפּן. ער האָט נישט וואָס אָנצוווערן און וועט קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקן. נאָר דאָ האָט ער געמוזט אַרויסטרעטן מיט

איין פּוס פריער, ווייל יענע „פּאַרנעמסטע בעלי־בתּים“ האָבן זיך פּשוט איבערגעשראָקן פאַרן מיליאָנטשיק, וואָס האָט זיך צעלאָזט אויף זיי מיט די הענט און צוגעטופּעט מיט די פיס. ווער ווייסט, וואָס ער איז? אפשר איז ער פּאָליאַקאָוו אַ „מענטש“, און אפשר איז דאָס פּאָליאַקאָוו אַליין? האָבן זיי שוין בעל־כּרחם געמוזט אַ ביסל אָפּרוקן זיך צוריק, זיין אַ ביסל נעענטער צום טיר. אַ קשיה, וואָס סע מאַכט זיך... נאָך איין רב וואָזיפל האָט זיך עפּעס איצטיקס מאָל גראָד נישט דערשראָקן. ער איז געגאַנגען מיט אַ מומה־נפש: איז דער מענטש אַ גרויסער מענטש, דאַרף איך פאַר אים קיין מורא נישט האָבן, אלא וואָס דען? ער איז אַ קליין מענטשע־לע, — האָב איך אוודאי פאַר אים נישט וואָס מורא צו האָבן! איז ער אַרויסגעטרעטן קעגן אים מיט שטאַרקייט און רופט זיך אָן צו אים אַזוי צו זאָגן:

— זייט זשע מוחל, איר שרייט... אפשר זענט איר גערעכט... האָט קיין פאַראיבל נישט, וואָס מיר האָבן אייך אפשר געשטערט... מיר זענען זיך אָבער עוסק אין אַ מצווה, און שלוחי־מצווה, שטייט ביי אונדז געשריבן, איבן ניזוקין — דער וואָס איז אַן עוסק במצווה — דעם קאָן נישט שאַדטן... מיר זאַמלען נדבות, פאַרשטייט איר מיך, אויף אַ גרויסער זאַך, אויף אַ „מושב־זקנים“...

דער פּאָדראַטשיק פון מאָסקווע איז גאָר געבליבן אָן ווערטער. דאָס אַריינרייסן זיך צו אים „אָן אַ דאָקלאַד“ פון אָט די דריי ייִדן פּלוצים אין מיטן דרינען און דאָס האַלטן זיך פון אָט דעם דאָזיקן אַלטן שטריימל וואָס האָט אים אויסגעוויזן אי נאַריש, אי פרעך, האָבן אַנגעזעצט אַזוי אויפגעבראַכט, אַזוי צעקאָכט, אַז ער האָט דערפילט, ווי עס האָט אים דערלאַנגט אַ קיצל אין נאָז און אַ הויב־אויף דעם מח און דאָס גאַנצע בלוט איז אים אַריין אין פּנים אַריין. ער איז פּשוט אַרויס פון די כּלים און אַזוי שטאַרק פאַרלוירן זיך, אַז ער געדענקט אַליין נישט, וואָס מיט אים איז געווען. עס האָט זיך עפּעס ווי קעגן זיין אייגענעם ווילן אויפגעהויבן ביי אים די האַנט, און ער האָט מיטן גאַנצן כּוח אַראָפּגעלאָזט דעם אַלטן אַ הילכיקן פּלאַמפּייעדיקן פּאַטש.

— נאַט אייך! האָט איר אייך אַ „מושב־זקנים“!...

פונעם דאָזיקן פּאַטש זענען ביים אַלטן אַראָפּגעפלויגן פון קאָפּ דאָס שטריימל מיט דער יאַרמלקע אינאיינעם, און דער כתריליעווקער רב איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע בגילוי־ראש — דאָס ערשטע מאָל אפשר אויף זיין לעבן... עס האָט אָבער געדויערט נישט מער ווי אַ רגע כּמימרא,

האָט דער רב רב יוזיפל קודם זיך איינגעבויגן, אויף דער גיך אויפגעהויבן דאָס שטריימל און צוגעדעקט דעם נאַקעטן קאָפּ. דערנאָך האָט ער פֿאַרוואָלינקע זיך אַ טאַפּ געגעבן ביי דער באַק און אַ קוק געטאָן אויף דער האַנט, צו איז ער חלילה נישט צעדמט? און טאַקע באותה שעה רופט ער זיך אָן צום אורח שטיל און בנעימותדיק, מיט אַ מאָדנעם שמייכעלע, און דאָס פּנים איז אים טויט, ווי ביי אַלע טויטע:

— נו, מילא, דאָס האָט איר, הייסט עס געגעבן מיר. וואָס זשע וועט איר עפּעס געבן, רב ייִד, פֿאַר די אַלטע קראַנקע גובער, איך מיין טאַקע אויפֿן „מושב־זקנים“, מיין איך? . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

וואָס ווייטער איז געווען — לאָזט זיך נישט דערציילן, קיינער ווייסט נישט, וואָרום די „פּאַרנעמסטע בעלי־בתים“, אַז זיי האָבן דערהערט פֿונעם פּאָדראַטשיק די מאָסקווער שפּראַך, האָבן זיי שוין נישט געסטייעט... און דער רב רב יוזיפל האָט גלאַט נישט געוואָלט רעדן דערפֿון... אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען פֿון דאָרטן, האָט אים דאָס פּנים מאָדנע געשיינט. איין באַק (די לינקע) האָט געשיינט מער פֿון דער אַנדערער... און ער האָט מיט זיין בנעימותדיק שמייכעלע געזאָגט:

— מזל־טוב, ייִדן, איך קען אייך אָנזאָגן אַ בשורה: מיר האָבן מיטן אויבערשטנס הילף אַ „מושב־זקנים“, אָבער אַ „מושב־זקנים“, הערט איר, אַז גאָט און לייט וועלן זיך פֿרייען...

די „קליינע מענטשעלער“ וואָלטן אפשר דעם רב נישט אינגאַנצן געגלויבט, ווען זיי זאָלן נישט הערן פֿונעם פּאָדראַטשיק אַליין מיט זייערע אויערן, ווי ער זאָגט און קלאַפּט זיך מיט די קורצע פֿינגער אין דער ווייסער מאַנישקע:

— ייִדן, איך שטעל אייך אַוועק אַ „מושב־זקנים“. איך, איך!... — און נישט נאָר געהערט מיט די אויערן, נאָר מע האָט געזען מיט די אויגן אין גיכן, ווי דער פּאָדראַטשיק גייט־אום מיטן רב אין שטאָט, מעסט מיטן שטעקן: „אָט דאָ וועט שטיין דאָס הויז. אָט אַזוי פֿיל וועט זיין די לענג, אָט אַזוי פֿיל די ברייט“... און אָט האָט מען שוין געבראַכט צו פֿירן ציגל, געהילץ און אַנדערע מאַטעריאַלן — און עס גייט אַ גאַנג.

אמת, עס האָבן זיך געפֿונען בעלנים, וואָס האָבן גענומען אויספֿרעגן ביים רב, אויסטאַפּן, ציען ווערטער: „רבי! ווי אַזוי איז געווען

די מעשה? ווי אַזוי האָט אייך דער דאָזיקער מפּיים געווען פאַר די האַרטע רייד?... וואָס האָט איר אים געזאָגט און וואָס האָט ער אייך גענטפערט?" חב יוזיפל האָט אָבער אַלצדינג דורכגעלאָזט פאַרביי אױן פאַרעדט דעם עולם די ציין, געשמייכלט הערביי מיט זיין שטענדיק בנעימותדיק שמייכעלע.

— אָבער אַ „מושב=זקנים" וועלן מיר, אם=ירצה=השם, האָבן, הערט איר, אַז גאָט און לייט וועלן זיך פרייען!...

איין עבירה — דאָס „מושב=זקנים" שטייט נאָך עד היום ליידיק: רב יוזיפל איז שוין עליו השלום — נישטאָ מיט וואָס צו פירן. די כתריאלעווקער קליינע מענטשעלעך האָבן שוין אַזאַ מזל. חלומט זיך זיי איינגעמאַכטס — פעלט זיי אַ לעפל, אָנגעגרייט אַ לעפל — חלומט זיך זיי נישט קיין איינגעמאַכטס.

# אַ פּסחדיקע עקספּראָפּריאַציע

## א.

### אַ פּסחדיקע עקספּראָפּריאַציע

כתרילעווקע האָט פֿון תמיד אָן נאָכגעטאַנצט אָדעס; נאָר פֿון זינט עס האָבן זיך אָנגעהויבן די בהלות, טרעט כתרילעווקע נישט אָפּ פֿון אָדעס אויף קיין האָר: אין אָדעס אַ שטרייק — אין כתרילעווקע אַ שטרייק; אין אָדעס קאָנסטיטוציע — אין כתרילעווקע קאָנסטיטוציע; אין אָדעס אַ פּאָגראָם — אין כתרילעווקע אַ פּאָגראָם. איינער אַ ליץ האָט אַרויסגע־לאָזט אַ קלאַנג, אַז אין אָדעס האָט מען אָנגעהויבן זיך אָפּשניידן די נע־זער, האָט מען אין כתרילעווקע גענומען שאַרפֿן מעסערס; אַ גליק, וואָס אין כתרילעווקע גופֿא האָט מען ליב קוקן אויף יענעם, דעריבער האָט יע־דער געוואַרט, ביז דער ערשטער וועט זיך אָפּשניידן די נאָז. און מע וואַרט נאָך עד היום...

נאָך אַזאַ מין הקדמה וועט שוין קיינעם קיין וווּנדער נישט זײַן, וואָס עס גייט נישט אַוועק כמעט אַ טאָג, מע זאָל נישט לייענען אויף די גאַזעטן אַלע מאָל אַן אַנדער אומגליק פֿון כתרילעווקע: ווי אַזוי „חבֿרה“ האָבן זיך אַרײַנגעכאַפּט צו אַ בעקער און האָבן עקספּראָפּרירט דאָס גאַנצע געבעקס, אָדער ווי אַזוי אַ שוסטער האָט שוין געהאַט כמעט גע־ענדיקט אַ פּאָר שטיוול — ס'איז געבליבן נאָר אַרויפֿצוזעצן אַ פּאָר פּאָ־דעשוועס מיט די אָפּצאַסן, — איז מען אים באַפֿאַלן און מיטן העלן טאָג, אָפּגעזאָגט דעם געווייסן פּסוק „שאו ידיכם“ — „רוקי וויערך“! און צוגענומען די שטיוול. אָדער אַ ייִד אַן אָרעמאַן איז געגאַנגען איבער די הײַזער — דאָנערשטיק איז געווען די מעשה — האָט מען אים זאַסטעמפּעט ערגעץ אין אַ געסל, צוגעשטעלט אים אַ פּיסטויל גלײַך אין פּנים אַרײַן און אויסגעטרייסלט בײַ אים וואָס ער האָט געהאַט. אָדער

הערט אַ מעשה, וואָס אַ ייִדענע דערציילט... גאָר וואָס אַ ייִדענע דערציילט וויל איך אייך נישט איבערחזרן; אַ פֿרוי האָט שוואַכע נערוון, די צייט איז אַן אומרואיקע, עס קאָן זיך איר אויסווייזן אַ קוצע קו פֿאַר אַ בארנבוים... איך וויל נישט נעמען אויף זיך „די פּאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר דער געזעלשאַפֿט"...

בקיצור, עס איז אַוועק אין כתרילעווקע אַ סדרה עקספּראָפּריאַציעס, איינע שרעקלעכער פֿון דער אַנדערער. עס איז געוואָרן אַ מורא צו לעבן אויף דער וועלט, און מע האָט אָנגעהויבן בענקען נאָך די אַלטע גוטע יאָרן, ווען איין פּריסטאַוו, וואָס פֿלעגט נעמען אַ קערבל, האָט געקאָנט האַלטן אַ גאַנצע שטאָט ביי זיך אין זשמעניע, און מע האָט אָנגעהויבן בעטן גאָט און תפילה טאָן:

— געוואַלד, רבונו של עולם, השיבנו גאַזאַד, האַרציקער פֿאָטער, חדש ימינו כקדם!...

דאָס איז אָבער נאָך אַלץ נישט מער ווי אַ הקדמה. די מעשה הייבט זיך ערשט אָן.

ב.

ב נ י מ י ן  ל אַ ס ט ע ט ש ק ע איז דער גרעסטער נגיד אין כתרילעווקע. אויסרעכענען זיין גרויסקייט האָט נישט קיין שיעור. ערשטנס, האָט ער מחותנים רייכע אויף דער גאַנצער וועלט. די מחותנים זענען שוין איצט נישט אַזוי רייך, ווי זיי זענען געווען אַמאָל, אָבער הייַנטיקע צייטן מיט הייַנטיקע אָנזעצן — ס'איז גאָר קיין חידוש נישט; אַ חידוש איז נאָר, ווי ייִדן האַלטן זיך נאָך, און ווער שמועסט די כתרילעווקער ייִדן — זענען שטאַרקער ווי אייזן! ווי הערינג אין אַ פֿאַס האָבן זיי זיך צונויפֿגעפּאַקט אַלע אויף איין אָרט, און זיי פֿרעסן איינס דאָס אַנדערע לעבעדיקערהייט. אַ שטיקל גליק האָט דאָס אַמעריקע, וואָס נעמט צו פֿון דאָרטן אַלע יאָר כמעט צוויי מאָל אַזויפֿיל, וויפֿל עס שטאַרבן אויס פֿון הונגער, פֿון פּאָגראָמען און פֿון אַנדערע שלעק... פֿונדעסטוועגן, זעט איר גאָר, אַז גאָט וויל, איז נאָך דאָ אין כתרילעווקע אַ ייִד אַ נגיד, וואָס הייסט בנימין לאַסטעטשקע, וואָס אַלע זענען אים מקנא, וואָס ער דאַרף נישט אָנקומען צו קיינעם, אַחוץ צו זיינע רייכע מחותנים. מאַלט אייך, אָנקומען צו אַ רייכן מחותן איז עפּעס נישט אַזאַ זיס שטיקל ברויט מחמת דאָס רוב רייכע מחותנים זענען בטבע, נישט אויסגערעדט זאָל זיין, גרויסע חזירים... פֿונדעסטוועגן איז בנימין לאַסטעטשקע פֿאָרט



ז. טאָלקאַטשאָוו   פּאָרטרעט פון שלום־עליכמען (אייל)

דער נגיד אין כתרילעווקע. אז מע דאַרף אַמאָל אַ טובה, וווהין גייט מען? צו בנימין לאַסטעטשקע. און בנימין לאַסטעטשקע הערט אויס, העלפט, אַמאָל מיט אַן עצה, אַמאָל מיט אַ גוט וואָרט, אַמאָל מיט אַ קרעכץ — גוט איז אויך דאָס, וואָרום אָן דעם וואָלט דען געווען בעסער? אַלץ איין שוואַרץ יאָר.

וואָס איז דער חילוק פון אַ כתרילעווקער נגיד ביז, למשל, אַ נגיד אין יעהופּעץ? די יעהופּעצער נגידים האָבן ווייכע הערצער, קאָנען נישט צוזען דעם צער פון די אָרעמעלייט. האַלטן זיי פאַרמאַכט די טיר, שטעלן אַוועק אַ שווייצאַר ביי דער שוועל, לאָזן נישט צו קיין בן־אדם, וואָס גייט נישט אָנשטענדיק אָנגעטאָן. און אַז עס קומט דער ליבער זומער, הייבן זיי זיך אויף ווי די שוואַלבן און פאָרן אַוועק קיין אויסלאַנד — גייט זוכט זיי! אַנו, זאָל פּרווון אַ כתרילעווקער נגיד אַזוי טאָן, וועט מען אים די ביינער צעטראָגן! צי ער וויל, צי ער וויל נישט — בנימין לאַסטעטשקע איז ראש וראשון אין קהל. אין אַלע צדקה־זאַכן איז ער דער ערשטער, נישט נאָר אויף צו געבן די ערשטע נדבה, נאָר אויף צו נעמען דאָס שטעקל, מחילה, און גיין פון שטוב צו שטוב צונויפנעמען נדבות פ ו ן אָרעמעלייט פ א ר אָרעמעלייט...

היינט ווער שמועסט ערב־פּסח ביים צונויפנעמען „מעות־חיטים“ — אַ, דעמאָלט מעגט איר זיך פאַרגינען אַ קוק טאָן אויף בנימין לאַסטעטשקע כאָטש פון דער ווייטן. איך ווייס נישט, אויב דער גרעסטער כלל־טוער פון דער גאַנצער וועלט האָט פאַר דעם ברענענדיקסטן וואַל־קאַמף אַמאָל אַזוי געשוויצט, ווי אונדזער לאַסטעטשקע שוויצט גאַנצע פיר וואָכן פאַר פּסח! ער שווערט, אַז פון פּורים ביז פּסח שלאָפט ער אין אָנטאָן! לאָמיר אים גלייבן אויף נאמנות, וואָרום וואָס קומט אים אַרויס פון דעם? קיין געלט פאָדערט ער נישט פאַר זיין טרחה. איי, איר וועט זאָגן, ער טוט עס צוליב כבוד? זאָל זיין אַזוי, וואָס קאָן עס אייך אַרן? יעדער מענטש וויל כבוד; אפילו שררות האָבן עס נישט פיינט. מיר וועלן די נאַטור פונעם מענטשן נישט איבערמאַכן — פאַרפאַלן!

ה.

דער מנהג פון צונויפנעמען מעות־חיטים פאַר אָרעמעלייט אויף פּסח איז זייער אַן אַלטער מנהג זייער אַ קאָנסערוואַטיווער מיטל פון „פילאַנטראָפּיע“, האָט, מיין איך, איז ער נישט אַזוי ביטער, ווי די היינטיקע ווילן אונדז איינרעדן. זיי זאָגן, אַז „פילאַנטראָפּיע איז אַ שחיטה פאַ־

דער געזעלשאַפט“, איך וויל מיך מיט זיי אין חקירות און אין פּאָלעמיק נישט אַריינלאָזן. איך וויל נאָר זאָגן, אַז נאָך מיין מיינונג, איז דאָ נאָך אַ פיל ערגערער מנהג: וואָס די נגידים ווילן נישט געבן, און וואָס מע דאַרף ביי זיי רייסן פון די ציין.

און נאָך טויזנט מאָל ערגער איז דאָס, וואָס די שיינע מענטשן, וואָס ווילן נישט געבן, ווילן אייך איינרעדן אַ קינד אין בויך, אַז דערפאַר גיבן זיי נישט, ווייל ס'איז פאַראַן ביי זיי אַ „פּרינציפּ“... פאַר אַזעלכע מענטשן זאָלט איר אַנטלויפן; אַזעלכע מענטשן זענען טרוקן, ווי אַ טרוקן פּישל, און אומעטיק, ווי אַ קאַץ... דאַנקען גאָט, וואָס אין כתרילעווקע איז דער „פּרינציפּ“ נאָך נישט אַריין אין דער מאָדע. די, וואָס גיבן נישט, גיבן נישט דערפאַר, ווייל זיי האָבן נישט... ערב־פּסח אָבער, אַז עס קומט צו מעות־חיטים, איז דאָס אויך קיין תירוץ נישט. אין כתרילעווקע גייט אַ שפּריכוואָרט: „יעדער ייד איז מחויב אָדער געבן מעות־חיטים, אָדער נעמען מעות־חיטים...“

מאָדנע מענטשן די כתרילעווקער יידן! טויזנטער יאָרן זענען אַוועק, זינט זייערע עלטער־עלטער־זיידעס האָבן זיך באַפרייט פון גלות־מצרים, קאָנען זיי זיך נאָך עד־היום נישט אָפּגעוויינען פון צו עסן מצות אַכט טאָג דורכאַנאַנד אַלע יאָר, און איך האָב זייער מורא, אַז דער האָזיקער טרוקענער מאכל וועט נאָך לאַנג־לאַנג נישט ארויס פון דער מאָדע... אַ גאַנץ יאָר ווערט אייך אַ כתרילעווקער ייד געשוואָלן פון הונגער, און קומט פּסח, מעג זיך איבערקערן די וועלט, מוז ער זיין פאַרזאָרגט מיט מצות! עס איז נאָך נישט געווען דער פאַל, אַז אַ ייד זאָל דאָרט שטאַרבן פּסח פון הונגער. און טאָמער מאַכט זיך אַמאָל אַזאַ פאַל, דאַרף מען אים פאַרשרייבן אויפן חשבון פונעם יאָר, דאָס הייסט, ער איז געשטאָרבן חלילה נישט מחמת דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט די אַכט טעג פּסח קיין מצה, נאָר מחמת דעם, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין חמץ אין די 357 טעג פון אַ גאַנץ יאָר. עס איז, פאַרשטייט איר מיך, אַ גרויסער אונטערשייד!

ד.

נישטאָ איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס זאָל נישט האָבן קיין אויסנאַם. דאָס יאָר, וואָס מיר באַשרייבן אונדזער געשיכטע, איז געווען פאַר כתרילעווקע אַזאַ יאָר, וואָס מע האָט אַזעלכעס קיינמאָל נישט געהערט. עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז נעמערס אויף מעות־חיטים זע־

נען דאָ מער ווי ג ע ב ע ר ס. מען זאָל זיך נישט שעמען פאַר לייטן, וואָלטן במעט אַלע ייִדן האָרטן זיך נישט אָפּגעזאָגט פון צו נעמען מעות־חיטים... אַ צער בעלי־חיים געווען אָנצוקוקן אונדזער נגיד בנימין לאַסטעטשקע, ווי ער זיצט אין „קאָמיטעט" דעם לעצטן טאָג וואָס פאַר פסח און האַלט אין איין אָפּזאָגן:

— נישטאָ קיין געלט!... אויסגעגאַנגען!... האָט קיין פאַריבל נישט!...

— דערלעבט איבער אַ יאָר, — האָבן אים געענטפערט די „אָפּגעזאָגטע" אָרעמעלייט און צוגעלייגט אונטער דער נאָז: — און איר זאָלט קומען צו אונדז נאָך מעות־חיטים...

איינס נאָך דאָס אַנדערע זענען די אָרעמעלייט ארויס פון „קאָמיטעט" מיט ליידיקע הענט און מיט רויטע פּנימער, ווי פון אַ שוויץ־באָד, געשאָלטן די נגידים אויף וואָס די וועלט שטייט — ס'זאָל פאַלן אין ים אַריין.

צווישן די לעצטע „אָפּגעזאָגטע" איז געווען אַ גאַנץ בינטל בחורים, אַרבעטס־יונגען, וואָס דרייען זיך אום אַ גאַנצן ווינטער אָן אַ שטאָך אַרבעט. מען האָט שוין פאַרקויפט פון זיך אַלץ, וואָס מע האָט געהאַט. איינער האָט פאַרזעצט אַ זילבערנעם זייגער און פאַרן געלט געקויפט פּאַפּיראָסן, און אַלע בחורים האָבן גערויכערט, אום צו שטילן דעם הונגער אַלע בחברותא — מעשה קאָמונע... געקומען אין „קאָמיטעט", האָט דאָס בינטל בחורים אַרויסגעשטעלט פאַרן גענעראַל־רעדנער איינעם, אַ דאַמסקיץ שניידער, מיטן נאָמען שמואל־אַבא פינגערהוט. און כאָטש שמואל־אַבא פינגערהוט איז געווען דער גענעראַל־רעדנער, פונדעסטוועגן האָט אים דאָס גאַנצע בינטל מיטגעהאָלפן, און אַלע האָבן גערעדט, געטענהט, אַז זיי גייען אויס פאַר הונגער, ממש זיי פאַלן מיטן פּנים צו דער ערד. דער גבאי ראשון פון „קאָמיטעט", בנימין לאַסטעטשקע, האָט זיי געלאָזט רעדן, און אַז זיי האָבן אויסגעלאָזט, האָט ער אָנגעהויבן בזה הלשון:

— האָט קיין פאַריבל נישט, אייערע רייד זענען אַרויסגעוואָרפן. ערשטנס זענט איר נישט קיין באַוויבטע, און מיר גיבן מעות־חיטים נאָר פאַר באַוויבטע, צווייטנס, זענט איר, קיין עין־הרע, יונגעלייט, וואָס קאָנען גיין אַרבעטן און פאַרדינען אויף פסח; דריטנס, איז הײַנטיקס יאָר ביי אונדז אַ געראַטעניש אויף אָרעמעלייט, פאַראַן מער נעמערס, ווי גע־

בעהס! פערטנס — ס'איז א בזיון צו זאָגן, מיר האָבן שוין נישט פון גאַנץ פרי אָן א צעבראָכענעם גראָשן אין דער קאַסע. טאָמער גלייבט איר נישט, נאַט זעט.

און דער גבאי ראשון פון „קאָמיטעט" האָט זיי איבערגעקערט זיינע אַלע קעשענעס אויף דער לינקער זייט, באַוויזן אויג=אויף=אויג, אז ער איז נקי, ריין ווי גאָלד. דאָס בינטל איז געבליבן אָן לשון, נאָר דער לידער, שמואל=אבא פינגערהוט, האָט א פה קדוש — מען דאַרף אים די צונג נישט פיקן. ער האָט זיך אָנגערופן צום גבאי מיט א גאַנצער דרשה האַלב יידיש, האַלב רוסיש:

— זשאַל, וואָס איר האָט נישט אָנגעהויבן פונעם סוף, וואָלט איר פאַרשפּאָרט טראַטיען אַזויפיל פּאָראָך פּאָנאַפּראַסנאָ. נאָר איך וועל אייך געבן א וואָזראַזשעניע אויף אַלע אייערע דאָוואָדן. וואָפּערוויך, וואָס מיר זענען כאָלאָסטיאַקעס — איז דאָס פאַר אייך א מעלה: ווייניציקער אָרעמעלייט אין שטעטל. וואָוטאָריך, וואָס איר זאָגט, ארבעטן — סדיעלאַיטיע אָדאָלזשעניע! גיט אונדז ארבעט, וועלן מיר אייך איבערקערן די וועלט! ווטרעטיך, וואָס איר זאָגט: אָרעמעלייט, איז אין דעם שולדיק דער קאַפּיטאַליזם ס'אָדנאָי סטאָראָני און די עקספּלאָאַטאַציע פונעם פּראָלעטאַריאַט ס'דרוגאָי סטאָראָני. א וטשעטוויאָרטיך, וואָס איר וויוואָראַטשעוועט די קעשענעס אויף דער לינקער זייט. איז דאָס נישט קיין האָקאַזאַטעלסטוואָ. מיר סאָמניעוואַיען זיך נישט, אז ביי אייך אין דעם היים, נאַפּרימיער, זענען די שאַפעס אָנגעפּאַקט מיט מצות, אייער, ציבעלעס און קאַרטאָפליעס און געדזנשמאַלץ און טאַמו פּאָדאָבנאָיע, און וויין אויך אויף ארבע כוסות... איר זענט אַלע בורזשויקעס און בעזסאָוועסטנע עקספּלאָאַטאַטאָרעס — און באָלשע ניטשעוואָ! טאָוואַרישטשי, קומט לאָמיר גיין!...

מיר מוזן נאָכגעבן, אז כתריליעווקע, וואָס טאַנצט נאָך אָדעס און אַלע אַנדערע גרויסע שטעט, איז נאָך אַזוי ווייט נישט פאָרגעשריטן, אז אַזאַ עקספּלאָאַטאַטאָר, ווי אונדזער נגיד בנימין לאַסטעטשקע, זאָל עפּענען די שאַפעס, צעטיילן פאַר די אָרעמעלייט די מצות מיט די אייער מיט די ציבעלעס מיט די קאַרטאָפליעס מיטן גענדזנשמאַלץ און מיט וויין אויף ארבע כוסות, און אליין זאָל ער בלייבן מיט ווייב און קינדער אָט אַזוי אָ... איך בין אָבער איבערצייגט, ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אז מיינע כתריליעווקער עקספּלאָאַטאַטאָרס וועלן דאָס זיכער טאָן, זאָל

נאָר פּר ער באַווייזן אָדעם, אָדער יעהופּעץ, אָדער אַנדערע גרויסע שטעט אַזאַ מין ביישפּיל. כתרילעווקע, מיינע ליבע פריינד, איז נישט מחויב צו זיין די ערשטע אויפן יאַריד...

ה.

מיט אַ ריינעם געוויסן, אָן אויסגעבאָדענער, אַ יום־טובדיקער, האָט זיך בנימין לאַסטעטשקע אַוועקגעזעצט מיט ווייב און קינדער די ערשטע נאַכט פּסח צום סדר, רואיק און אויפגעלייגט, טאַקע ווי אַן אמתער מלך, וואָס פילט זיך גוט אין זיין מלוכה. אין דער רעכטער האַנט האָט ער די מלכה, שרה־לאה זיין ווייב, אויסגעפּוצט יום־טובדיק מיט אַ נייער זיידענער פּאַטשיילע, פון וועלכער עס קוקן אַרויס צוויי לאַנגע באָמבלדיקע אויריינגלעך פון עכט זילבער 84־טע פּראָווע, און אַרום און אַרום טיש די קינדער, די פּרינצן מיט די פּרינצעסינס — אַ גאַנצער בוקעט פון אויסגעצוואָגענע קעפּלעך. רויטע בעקלעך. בלישטשענדיקע אייגלעך. אפילו זלאַטע די דינסטמויד, וואָס אַ גאַנץ יאָר איז זי איינגעשפּאַנט אין יאָך און אַרבעט ווי אַן אייזל, האָט זיך אויסגעצוואָגן און אָנגעזייפט מיט פּאַטשולי־זייף און אַריין אין אַ ניי סיצן קליידל מיט נייע „באָטינקעס“ און מיט אַ ברייטער רויטער סטענגע אויפן שוואַרצן גלאַנצנדיקן שטערן. אַלע פילן זיך גוט, מחיה, פריי, גלייך ווי זיי אַליין זענען נאָר־וואָס אַרויס פון מצרים. מיט אַ קנאַק האָט דער יינגסטער פון די פּרינצן אָפּגעקלאַפּט די פיר קשיות, און דער פּאָטער דער מלך, בנימין לאַסטעטשקע, האָט גענומען לאַנגזאַם, מיט זייער אַ שיינעם ניגון, אויף אַ הויך קול, ענטפערן אים אַ תירוץ, דעם אַלטן תירוץ: עבדים היינו — קנעכט זענען מיר געווען, לפרעה במצרים — ביי פּרעהן אין מצרים, האָט אונדז גאָט אַרויסגעצויגן פון דאָרט מיט אַ שטאַרקע האַנט און מיט גרויסע וואונדער, באַצאָלט פּרעהן מיט צען שיינע מכות... און האָט גענומען אויסרעכענען אויף אַ קול און מיט אַ ניגון די שיינע מכות. פּלוצעם...

ו.

פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר, און נאָך אַ קלאַפּ, און נאָך צוויי קלעפּ. ווער זאָל דאָס זיין?... „עפענען, אָדער נישט עפענען?“... און עס איז געבליבן, אַז יאָ עפענען, וואָרום דאָס קלאַפּן איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, און דער מלך און די מלכה און די פּרינצן זענען אַלע געבליבן שטיל, און זלאַטקע די דינסטמויד האָט

געעפֿנט די טיר, און אין שטוב זענען אריין דאָס גאַנצע בינטל בחורים מיט זייער לידער, שמואל=אבא פינגערהוט, בראָש, מיט אַ ברייטן „גוט יום=טוב!“... אונדזער נגיד בנימין קאָסטעטשקע, כאָטש די נשמה איז אים שוין געווען אין די פּיאַטעס, האָט זיך אָנגענומען מיט האַרץ און האָט א זאָג געטאָן צו דער חברה:

— א גוט יום=טוב, אַ גוט יאָר. סקאָצל קומט. וואָס וועט איר זאָגן גוטס?

איז ארויסגעטראָטן שמואל=אבא פינגערהוט, דער גענעראַל=רעדנער, מיט א דרשה, ווי זיין שטייגער איז, אויף דער געמישטער האַלב=רוסישער שפּראַך, און האָט אזוי געזאָגט:

— איר זיצט דאָ אין דער ליכטיק ביי א גלאָז וויין און פּראַזדניוועט דעם הייליקן יום=טוב, און מיר, אָרעמע פּראָלעטאַריער, פּראָפּאַדאַיען פון הונגער. איך געפין, אַז ס'איז ניעספּראַוועדליווע. איך פּריקאַזעווע אייך, איר זאָלט הייסן אונדז אָפּגעבן אייער יום=טובדיקע וועטשערע און איר זאָלט נישט סמעיען ארויסלאָזן א פּיפּס, נישט עפענען קיין פענצטער, נישט רופן קיין פּאָליציע און טאַמו פּאַדאָבנאָיע, וואָרום מיר וועלן מאַכן פון אייך קאַש... חבר משה, וווּ איז די באָמבע?...

די לעצטע עטלעכע ווערטער זענען שוין געווען גענוג, דאָס גאַנצע געזינדל זאָל בלייבן ווי געליימט, ווי צוגעקאָוועט צו די ערטער. נאָר אַז דער „חבר משה“, א שוואַרצער שוסטער=בחור מיט א שוואַרצער פּאַטלע און מיט שוואַרצע פינגער, איז צוגעגאַנגען צום טיש און האָט געגעבן א שטעל אוועק עפּעס א הויכע זאַך און א קיילעכיקע, איבערגעדעקט מיט א שמאַטע, — איז פונעם גאַנצן הויזגעזינד געוואָרן דאָס, וואָס ס'איז אַמאָל געוואָרן פון לוטס ווייב, אַז זי האָט זיך אויסגעדרייט, געוואָלט זען, וואָס איז געוואָרן פון די שטעט סדום און עמורה...

און זלאַטקע די דינסטמויד האָט מיט קלאַפּנדיקע ציין אונטערגעטראָגן צום טיש פריער די הייסע פעפעריקע פיש נאָך דעם די יויך מיט די פעטע קניידלעך, לאַטקעס און פּאַלירמשיקעס מיט אַלע אַנדערע גוטע זאַכן, און חברה האָבן דאָס אויפגעקלאַפּט מיט אַזאַ אַפּעטיט גלייך ווי זיי האָבן טאַקע באמת שוין לאַנג נישט געגעסן, און האָבן אלע מאָל פאַרטרונקען מיט וויין, און האָבן זיך געגעבן דאָס וואָרט, נישט איבערלאָזן קיין טראָפּן, אפילו דאָס איי מיט די זרוע מיטן כרפּס מיטן מרור, מיטן חרוסת האָבן זיי צורעכט געמאַכט, נישט איבערגעלאָזט קיין זכר, קיין סימן פונעם סדר, אחוץ די הגדות. און בשעת=מעשה האָט דער גע=

נעראַל-רעדנער, שמואל-אַבא פינגערהוט, נאָך געמאַכט חוזק פונעם כתרי-לעווקער נגיד, דעם עקס-פּלאַטאַטאָר בנימין לאַסטעטשקע. ער האָט צו אים אַזוי געזאָגט:

— אַלע מאָל זאָגן מ י ר די הגדה און א י ר עסט די קניידלעך; נאָר וו'נאַסטאָיאַשטשעיע ווּרעמיא זאָגט א י ר די הגדה און מ י ר ע ס ן די קניידלעך... לחיים, בורזשוי, זאָל גאָט געבן, איר זאָלט ווערן אַ פּראָלעטאַרי אַזוי ווי מיר!... לשנה הבא בקאָנסטיטוציע!...

## דער עפּילאָג פון דער טראַגעדיע

עס איז שוין געווען אַרום האַלבע נאַכט, און דער אָרעמער נגיד בנימין לאַסטעטשקע מיט זיין הויזגעזינד זענען נאָך אַלץ געזעסן אַרום טיש, נאָך אַלץ אין איין שרעק! אויפן טיש איז נאָך אַלץ געשטאַנען דאָס „אומגליק“ — דאָס הויכע, דאָס קיילעכיקע, מיט דער שמאַטע איבער-געדעקט. די „חברה-לייט“ האָבן אָנגעזאָגט פאַרן אוועקגיין, זיי זאָלן בלייבן זיצן צוויי שעה אויף די ערטער, אַנישט — וועט זיין שלעכט... יענע נאַכט איז אין דער שטוב קיינער נישט געשלאָפן; מע האָט גע-דאַנקט גאָט, וואָס מען איז אַרויס מיטן לעבן...

— נו, און וואָס איז געוואָרן מיט יענעם הויכן קיילעכיקן „אומ-גליק“, וואָס אויפן טיש, מיט דער שמאַטע איבערגעדעקט?... אַזוי פרעגט דער נייגעריקער לעזער. און מיר באַרואיקן אים: אַ בלעכענע פושקע פון שוואַקס, אָנגעפילט מיט מצה-מעל, איז נישט געפערלעך. זי מעג שטיין טויזנט יאָר, וועט זי נישט אויפרייסן, סיידן חלילה... אַ גוטן יום-טוב!

# צוויי טויטע

(לכבוד פורים)

## פאָררעדע

„טויטע“? „לכבוד פורים“? אין אַזאַ יום־טוב, וואָס איז אַ מצווה, אַז א ייד זאָל זיך מאַכן שיכור און א מחבר זאָל זיך מאַכן נאַריש, פאַרשטעלן זיך פאַר אַ מאַרשעליק?! איך ווייס, לעזער, אַז ס'איז היינט פורים און אַז דו דאַרפסט זיך מאַכן שיכור און אַז איך דאַרף זיך מאַכן נאַריש — און איך גיב דיר פאָרט א מעשה פון צוויי טויטע — פאַרפאַלן! דאָס איינציקע, וואָס איך קאָן דיר העלפן, איז נאָר מיט אן עצה: אויב דו האָסט שוואַכע נערוון, זאָלסטו איבערגיין די מעשה ניט לייענען.

### קאַפּיטל איינס

בלאַווע, א שוואַרץ, א נידעריק־געוואַקסן און גוט־געפּאַקט יידל, איז געווען אַ מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט דעם טרונק. אַ גליק, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן פון א יידן מיט א יידענע, אַניט וואָלט ער זיכער געווען א שיכור. איך וועל ניט ערב זיין, אַז ווייל ער איז געווען א ייד, האָט אים די יידישקייט ניט געלאָזט טרינקען א סך. עס קאָן זייער שוין געמאָלט זיין, אַז טרינקען וואָלט ער אפשר געקאָנט פאַר דריי גויים, האָט ער אָבער ניט געהאַט פאר וואָס. זיין ווייב גיטל האָט געפירט זייגע תּינאַנסן, ניט געלאָזט, ס'זאָל אריינפאַלן צו אים אין די הענט אַריין אַ מזומנער גראָשן. אומעטום, וו ס'איז נאָר געווען שייך צו געלט, האָט זיך ארויסגעשטעלט גיטל. ארבעטן האָט מאַקע געארבעט

ער, כלאַוונע, הייסט עס (ער איז געווען, ער זאָל מיר מוחל זיין, א שוס־טער), נאָר אָפּטראָגן די ארבעט און אָפּנעמען דאָס געלט — דאָס פלעגט שוין זי אַליין, גיטל, הייסט עס. פאַרשטייט זיך, אַז כלאַוונען איז אַזאַ מעשה נישט אָנגעשטאַנען.

— וואָס בין איך עפּעס ביי דיר, א גנב, צי וואָס?

אזוי האָט געזאָגט כלאַוונע צו זיין ווייב גיטל און באַקומען פון איר א קלאָרע תשובה אויפן אָרט:

— חלילה! ווער זאָגט דען א גנב? ביסט נאָר א שיכור. זאָג אפשר, אַז ניין?

איינגעאַנצן אָפּלייקענען און זאָגן ניין — איז כלאַוונען איבער דער טבע. און ווידער צוריק, נעמען און מוחה זיין זיך, אַז ער האָט ליב דעם ביטערן טראָפּן, איז אים אָבער אויך נישט זייער איינגענעמען. פאַלט ער אויף אַ שכל און וויל אָפּקומען מיט אַ ווערטל, ווי זיין שטייגער איז, מחמת כלאַוונע דער שוסטער האָט ליב נישט נאָר א ביסל בראָנפן — ער האָט ליב אויך א ווערטל, ווי אלע כתרילעווצעס און כתרילעווקע. ער קראַצט זיך אין באָרד, קוקט אויף דער סמעליע און זאָגט צו זיין ווייב גיטל:

— בראש ווערט אלצדינג אָנגערופן ביי איר מיטן נאָמען שיכור! האָסט מיך געזען, איך זאָל עמעצן שיקן? איך, אַז איך וויל א ביסל בראָנפן, גיי איך און קויף.

— מעגסט שוין גיין טאַקע אין דער ערד אַריין.

— אָך! אבי מיט דיר — אין פייער און אין וואַסער!

— נאַ דיר און ווער אַנטשטומט!

דאָס זאָגט גיטל צו איר מאַן דעם שוסטער און איז אים מכבד פון יענער זייט ווארשטאַט מיט א פליענדיקן שטיוול, וואָס איז שוין כמעט איינגאַנצן פאַרטיק, נאָר עס פעלט אים א קאָרעק מיט צוויי ציילן פלעק־לעך אין דער פּאָדעשווע. כלאַוונע נעמט צו די מתנה מיט א געלעכטער און מיט א גלייכווערטל, ווי אלעמאָל. און ווער שמועסט, אַז גיטל קומט מיט געלט פאַר זיין ארבעט און איז אים אויך מנדר א פּאָר מזומנע גראָשנס, אויף פּאָדעם און אויף וואַקס און אויף חזיר־האָר, דעמלט איז ער גאָר ווייך ווי פּוטער און זיס ווי האָניק, און האָט פון זיין ווייב גיטל און פון אלע ווייבער פון דער גאַנצער וועלט בעת־מעשה אַן אומגעהויער הויכע מיינונג. ער גלעט זיך דעם הויכן ווייסן שטערן (אלע שוסטערס האָבן הויכע ווייסע שטערנס) און רעדט פאַרטראַכט, מעשה־פילאָזאָף:

— איך ווייס נישט, וואָס האָט דער שלמה המלך, זאָל מיר מוחל זיין, געהאַט צו די ווייבער, וואָס ער פלעגט זיי אַזוי לייגן אין דער ערד אריין? דו ווייסט האָד, וואָס שלמה המלך האָט געזאָגט. אויף אייך, צי ניין?

— וואָס דיין „שלמה־המלך" האָט דאָרטן געזאָגט — וויל איך גאָר נישט וויסן. דו בעסער גיי אין מאַרק אריין נאָך פּאָדעם און נאָך וואַקס און נאָך חזיר־האָר, און זע נאָר, פאַרבלאָנדזשע נישט אין שענק אריין.

כלאַוונע האָט זיך אַזש צעלאַכט פון אַזאַ ווילדן געדאַנק.

— אַ משל! עס האָט אַזאַ פּנים, אַ שטייגער כדומה, ווי מען זאָל זאָגן פריטיק צונאַכטס יקום־פורקן, אָדער שבת אינדערפרי לכה־דודי... וו איז דער מאַרק און וו איז דער שענק! און וואָס איז דאָס גלאַט פאַר אַ עובדה אין מיטן מיטוואָך שבת־צונאַכטס אין אַ שענק אריין?...

בעת־מעשה ציילט כלאַוונע די גראָשנס און לייגט איבער די מטבעות פון איין האַנט אין דער אַנדערער, קוקט פילאָזאָפיש אויף דער סטעליע מיט איין אויג, רעכנט אויס פינקטלעך, וויפל געלט ער דאַרף האָבן אויף פּאָדעם, וויפל אויף וואַקס און וויפל אויף חזיר־האָר, און מיט אַ טיפן־טיפן זיפץ און מיט שטילע טריט לאָזט ער זיך אַוועק גלייך אין שענק אריין.

קאַפּיטל צוויי

ווי אַזוי האָט געהייסן יענער חכם, וואָס האָט דערקלערט מיט זיין שכל, אַז פּורים זענען אַלע שיכורים ניכטער? איך וואָלט אים געזאָגט, אַז ער איז מחילה אַ בהמה. פאַרוואָס זאָל אַ שיכור דורכלאָזן אַזאַ טאָג ווי פּורים, ווען ס'איז אַ מצווה, אַז אַ ייד זאָל זיך אָנטרינקען ווי אַ גוי און זאָל זיין שיכור ווי לוט? דער ערשטער וואָלט פּראָטעסטירט קעגן דעם כלאַוונע דער שוסטער. אייידער ער האָט דערלעבט דעם הייליקן פּורים, זענען אים שיער די אויגן אַרויס. און אַז ס'איז געקומען פּורים איז ער קודם אַוועק אין שול צו דער מגילה, זיך אָפּגערעכנט מיט המנען, אים אויפגעהאַנגען אויף אַ בוים פּונקט אַזוי ווי די הויך, איינגעם מיט זיינע צען בנים, און אָנשטאָט דעם, ער זאָל גיין אַהיים פאַרזוכן דעם יום־טובדיקן המן־טאַש, האָט ער זיך אריינגעכאַפּט אויף אַ ווײַלע צו אַ פּאָר באַקאַנטע שוסטערס, גוטע ברידער, און האָט מיט זיי געגעבן

א לעק און געטרונקען לחיים: „גאָט זאָל געבן, אַז המן מיט זײַנע צען בנים זאָלן הערלעבן איבעראיאָר, און מיר זאָלן זײ װײַטער אױפֿהענגען װידער אַמאָל קאָנען נעמען צו ביסלעך בראָנפֿן, ונאמר אמן“... פֿון אָט די לחיימס איז אונדזער העלד געװאָרן אַזױ בגילופֿין, אַז װיפֿל ער איז נישט געגאַנגען און געגאַנגען, האָט ער בשום אופֿן נישט געקאָנט טרעפֿן צו זיך אַהײם. עס האָט זיך אים אױסגעװיזן, אַז דאָס געסל, װוּ ער װױנט, שפּילט זיך מיט אים אין „באַהעלטערלעך“: אָט שטײט דאָס, דאַכט זיך, אַקעגן אים און װינקט צו אים מיט אַ סך פֿײַערלעך פֿון די קלײנע פֿענצטערלעך, אָט טוט ער זיך אַ לאָז און אָט טרעפֿט ער מיטן שטערן אין װאַנט אַרײַן. פֿון װאַנען האָט זיך גענומען אַהער אַ װאַנט? פֿון זינט בלאַװנע איז צו זײַן שכל געקומען, געדענקט ער נישט, אַז דאָ זאָל זײַן אַ װאַנט; נישט אַנדערש, אַז דאָס האָט עמעצער אַװעקגעשטעלט אַ סוכּה. אַ פּאָטעפּאַלנאָסט פֿון אַ ײִדן נעמען אַװעקשטעלן אין מיטן שטאָט אַ סוכּה! דאָס דאַרף זײַן רב יאָסי דעם נגידס אַרבעט. װאָס אַ נגיד קאָן אײַנפֿאַלן — איז דיר גאָר קײן קאַטאָװעס נישט! עס עס װעט אָבער אַ רוח אין זײַן שװיגערס טאַטן אַרײַן!...

— זאָל מײַן נאָמען נישט הײסן אחשװרוש!...

און בלאַװנע דער שוסטער נעמט זיך אָן מיט בײדע הענט אָן װאַנט, טוט אַ ציִ צו זיך, װײל אומװאַלגערן דעם יאָסי דעם נגידס „סוכּה“ און טוט אַ פֿאַל אין דער יעחד אַרײַן און ציט זיך אױס װי אַ גראַף אױבער דער באַרימטער כתריליװקער בלאָטע. און דאָרט לאָזן מיר אים ליגן אַ װײַלע, ביז מיר װעלן אַראָפּברענגען דעם צװײטן העלד פֿון אונדזער געשיכטע, װאָס ער הײסט מיט אַ גלענצנדיקן גריכישן נאָמען — רױטשילד.

## קאַפּיטל דרײַ

מיט דעם נאָמען רױטשילד האָט אים כתריליװקע געקרױנט דערפֿאַר, װײַל ער איז געװען אין שטאָט דער גרעסטער קבצן. דאָס הײסט, אַזעלכע קבצנים, װי ער, זענען אין כתריליװקע פֿאַראַן אַזױפֿיל, װיפֿל שטערן אין הימל, נאָר אַזאַ אַן אומגליקלעכער קבצן, אַזאַ קבצן אַ שלימזל — איז שױן אַפֿילו אין כתריליװקע נישט געװען צו אים דער צװײטער. עס גײט אױף דער װעלט אַ װערטל (שטאַמט נעװיס פֿון כתריליװקע)

אַז „צום שלימזל דאַרף מען אויך האָבן מזל“. זאָלט איך טאַקע וויסן: אַ גלייכווערטל איז, להבדיל, א תורה.

ווער איז געווען אָט דער רויטשילד און פון וואַנען האָט ער זיך גענומען, — קאָן איך אייך נישט זאָגן. ער איז געווען אַן אָרעמאַן — דאָס ווייסט איר שוין, און זיין עובֿדה איז געווען — גיין. איר מיינט, איבער די הייזער? בעטן נדבֿות? האָט איר א טעות. זיין גאַנג איז געווען גלאַט אזוי א מין שפּאַציר איבער דער בלאָטע, נאָר מיט הריבנע טריט, און גיך־גיך, ווי א מענטש, וואָס מיט עסק און האָט קיין צייט נישט, אָפּשטעלן פלעגט ער זיך דעמלט, ווען מע האָט אים אָפּגעשטעלט.

—שלום־עליכם, וווהין גייט עס אַ ייד רויטשילד?

רויטשילד בלייבט שטיין, ווישט זיך אָפּ מיט דער פּאָלע דעם שווייס, קוקט מיט מאָדנע איבערגעשראָקענע אויגן, און דאָס געל־אויסגעהונגערטע פּנים פאַרקנייטשט זיך ביי אים אין א מין שמייכעלע, און ער טוט אַ זאָג שטיל, קוים וואָס מע הערט:

— גלאַט אזוי זיך, מע גייט, טאָמער וועט דער אייבערשטער עפּעס צושיקן...

אָפּגעזאָגט, לאָזט זיך רויטשילד גיין ווייטער מיט זיינע הריבנע טריט, און דער, וואָס האָט אים אָפּגעשטעלט, בלייבט שטיין, קוקט אים נאָך א ווײַלע, פאַרציט מיט די פּלייצעס, צעלאַכט זיך און טוט א שפּיי:

— טפו! נאַט אייך א שלימזל!

— זאָגט אָט דער שלימזל הייסט רויטשילד, געדענקט קיינער נישט אין כתריליעווקע, אז ער זאָל עמעצן אָנמוטן מיט א בקשה וועגן עסן, בעטן א טרונק, אָדער אַן אָרט אויף איבערצונעכטיקן, כאָטש וויסן ווייסן אלע, אַז רויטשילד איז געווים הונגעריק און אַז ער האָט געווים נישט ווו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. אויף א הונגעריקן איז מען אין כתריליעווקע גרויסע מבֿינים, מע קאָן זאָגן, ספּעציאַליסטן. זיי וועלן אייך דערקענען אין הצר פּיצטער נאָכן קול אַליין, ווער ס'איז גלאַט אַזוי הונגעריקלעך און וואָלט א בעלן געווען, מהיכי תיתי, עפּעס איבערבייסן, און ווער ס'איז טאַקע שטאַרק הונגעריק, אזוי אז ממש עס גייט אים אויס דאָס חיות! מסתמא האָבן זיי שוין דערויף אזעלכע סימנים, ווי, להבדיל, די דאָקטוירים, וואָס וועלן אייך טרעפן נאָכן דופק, וועלכער חולה איז גלאַט אזוי נישט געזונט און וועלכער איז מסוכן חלילה אויף צו שטאַרבן.

אויב מיר זאָלן קאָנען איינטיילן די מענטשלעך, וואָס הונגערן, אויף אַזעלכע, וואָס זענען גלאַט הונגעריק, און אויף אַזעלכע, וואָס זענען טויט=הונגעריק, וואָלטן מיר מיט רעכט געקאָנט זאָגן, אַז אונדזער העלד רויטשילד געהערט צו די טויט=הונגעריקע. מחמת ביי אים איז אָפּגעמאָל אוועקגעגאַנגען גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט, וואָס ער האָט אין זיין מויל נישט געהאַט. און ער וואָלט געווים אַזוי אויסגעגאַנגען אין מיטן גאַס, ווען אַ גוטע נשמה זאָל זיך נישט אַרומקוקן, אַז אָן גייט דער שלימזל רויטשילד. אַז מע גיט אים עפּעס, זאָגט ער זיך נישט אָפּ, און אַז מע פרעגט אים, צי ער איז שטאַרק הונגעריק, ענטפערט ער אויך נישט, נאָר דאָס געל=אויסגעהונגערטע פּנים זיינס קנייטשט זיך צונויף אין אַ מין שמייכעלע, אין די איבערגעשראָקענע אויגן קוקט אַראָפּ, אַפּנים, פאַר בזיון, וואָס אַ מענטש קאָן זיין אַזוי הונגעריק, און אַ שטילער זיפץ רייסט זיך אַרויס ביי אים נישט=ווילנדיק — ווער ווייסט, וואָס דער זיפץ קאָן באַדייטן!...

די כתריל=וועקער לייט, וואָס האָבן ליב אַ שפּאַס, גיבן אים פריער עפּעס עסן און נאָכדעם טרייבן זיי מיט אים אַ ביסל קאַטאָוועס:

— פאַניע רויטשילד, זאָגט דעם אמת, וויפל געלט פאַרמאָגט איר און ווו ליגן פאַרבאָרגן אייערע אוצרות?

רויטשילד לאָזט אַראָפּ די איבערגעשראָקענע אויגן, קנייטשט צונויף דאָס געל=אויסגעהונגערטע פּנים אין אַ מין שמייכעלע און שווייגט... יונגעלייט, עזותפּנימער, שטייען צו צו אים נעענטער, טוען אים אַ צי ביים אָרבל:

— שלום=עליכם, וואָס מאַכט אַ ייד, רב רויטשילד? וואָס הערט זיך עפּעס ביי אייך דאָרט אין פּאַריזש.

רויטשילד לאָזט אַראָפּ די איבערגעשראָקענע אויגן, קנייטשט צונויף דאָס געל=אויסגעהונגערטע פּנים אין אַ מין שמייכעלע און שווייגט. הה"ר=יינגלעך, יונגע צוצעקלעך, קליינוואַרג — די לאָזן אים די גאַס נישט דורכגיין. זיי האָבן געמאַכט אויף אים אַ לידל:

רויטשילד איז אַן עושר,
איז אַ גביר אַ גרויסער,
אָנגעשטאָפּט מיט געלט

און מיט שאָלעמויז.
ווייסט איר, וואָס אים פעלט?
מער נישט א פּאָר הויזן.

פאר קליינוואַרג האָט ראָטשילד מורא, נעמט ער די פיס אויף די פּלייצעס און מיט זיינע דריבנע טריט לאָזט ער זיך לויפן און הער וועלט אריין. קליינוואַרג לויפט אים נאָך און זיי הערן נישט אויף צו זינגען... דערזעען די עלטערע און שרייען אָן אויף זיי:

— אָ, נישט געדאַכט זאָלט איר ווערן, שקצים, הולטייעס, ימח־שמוניקעס! אין חדר אריין, ממזרים, אין חדר אריין!

פאר דעם שלימזל ראָטשילד וואָלט אפשר געווען אין כתרילעווקע אלעמאָל ווער ס'זאָל זיך אָננעמען זיין קריוודע, און הונגערן וואָלט מען אים אפשר אויך נישט געלאָזט אזוי שטאַרק. נאָר ווער איז זיי שולדיק, אָט די שלימזלען, וואָס ווילן אייך גיכער שטאַרבן, איידער אויסציען א האַנט?... און אויסער דעם, לאָמיר שמועסן על־פּי־יושר: איז דען די שטאָט כתרילעווקע טאַקע מחויב צו טראָגן אויפן קאָפּ יעדן שלימזל? קאַרג האָט מען אייגענע צרות מיט אייגענע ווייטיקן מיט דאגות פּרנסה? מע דאַנקט גאָט, אַז מען קומט אַליין דורך דעם טאָג און מע לעבט איבער ווי סע איז די וואָך מיט ווייב און קינדער.

דערפאר אָבער — וואָס אמת איז אמת — אַז עס קומט דער הייליקער שבת, איז ראָטשילד א באַוואָרנטער מענטש. אלע יידן זענען דאָך דעמלט אין שול, און ראָטשילד איז פאר די אויגן. ווער דען א שטאָט דערלאָזן, אַז א ייד זאָל שבת הונגערן? מילא, וואָס גאָט גיט, אבי אינינעם, און אַן איבעריקער מענטש צום טיש איז דאָך, אייננמלעך, נישט מער, ווי אַן איבעריקער לעפל... האָט קיין יסורים נישט, ער וועט הונגעריק נישט אוועקגיין, און טאָמער אפילו איז די סעודה נישט אַזוי פויגלדיק, איז אויך אָן אַן אומגליק, די קישקע וועט מוחל זיין, אבי מע זיצט מיט יידן ביים טיש, אויפן טיש זענען פאַראַן סימנים פון שבתדיקער חלה, ביינדלעך פון פיש און א פּאָר מעשענע לייכטער פון די געכטיקע בענטש־ליכט... האָט אלצדינג, אינייגעם גענומען, ווען עס ווערט באזונגען מיט די שיינע זיסע שבתדיקע זמירות, האָט דאָך דאָס טאַקע דעם זיבעטן חן, און א כפּרה אלע מאכלים מיט אלע פּאַטראַוועס און נאַשערייען, וואָס דעם מענטשנס יצר־הרע האָט אויסגעטראַכט, בכדי אריינצונאַרן אונדז וואָס טיפער אין גיהנום...

גרויס איז דער כוח פונעם הייליקן יידישן שבת! איר וועט נישט דערקענען דעמלט נישט דעם כתרילעווקער באלעבאָס, נישט דעם אורח זייַעם, דעם שלימזל ראָטשילד

## קאַפּיטל פיר

אָפּגעפּאַסט אַזאַ טאָג, ווי אסתר-תענית, קוים דערלעבט פאַרנאַכט גיין אין שול הערן די מגילה, רעכט נוקים געווען זיך אין המנען און אָפּגעכאַפּט אויף איין פוס דעם „הרב את ריבנו“ מיט די איבעריקע זאָגעכצן, — האָבן זיך די אויסגעהונגערטע כתרילעווצעס אין איין אימפּעט געלאָזט לויפן אהיים וואָס גיכער אָפּצופּאַסטן זיך, איטלעכער „אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגנבוים“, מיט א פרישן, א הייסן, אַ פורימדיקן המן-טאַש מיט מאָן. און מחמת גרויס אימפּעט, הונגער און אייליעניש, האָט מען גאָר פאַרגעסן אָן ראָטשילדן, גלייך ווי עס וואָלט קיין ראָטשילד גאָר אויף דער וועלט נישט געווען. און ראָטשילד, דערזעען, אַז דער עולם לויפט, האָט זיך אויך געלאָזט לויפן מיט זיינע הריבנע טריט, גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, איבער די בלאָטיקע גאַסן אין געסלעך פון דעם געבענטשטן כתרילעווקע.

געלאָפן פאַרביי די האַלב-איינגעפאַלענע און האַלב-באַלויכטענע הייזער און הייזלעך, האָט אונזער הונגעריקער העלד פון צייט צו צייט געכאַפּט א קוק אריין אהין, דורך די פענצטער, און געזען קייענדיקע מיילער און שלינגענדיקע העלדזער. וואָס האָבן די דאָזיקע מיילער געקייעט אַזוי געשמיידיק, וואָס האָבן די העלדזער אַזוי געשמאַק געשלונגען — איז אים שווער געווען צו זען, נאָר פאַרשטאַנען האָט ער על פי סברה, אַז דאָס באַדאַרפן זיין פרישע, זיסע דרייעקעכיקע המן-טאַשן, אָנגעפילט מיט זיסן, צוקערדיקן מאָן, וואָס צעגייט זיך אין מויל — טעם גן-עדן. און עמעצער האָט זיך אויסגעכאַפּט ביי ראָטשילדן אינעווייניק אין מאָגן און האָט אים געגעבן א צי ביים האַרצן און א זאָג אין אויער אריין: „נאַר איינער, וואָס דרייסטו זיך ארום אין עולם-התוהו? עפן אויף א טיר, גיי אריין און זאָג: „א גוט-יום-טוב, יידן! אפשר איז פאַראַן ביי אייך מיט וואָס אָפּצופּאַסטן זיך? שוין דעם דריטן טאָג אין מיין מויל נישט געהאַט“... און ראָטשילד דערשרעקט זיך פאַר זיך אליין. עס איז אים נאָך קיינמאָל אזא געדאַנק נישט געקומען—אריינ-

רייסן זיך צו יענעם אין שטוב אריין מעשה־גזלן! און בכדי דער יצר־הרע זאָל אים ניט ארויספירן דעם שוואַרץ יאָר וווּהין זאָל עס ניט זײַן, לאָזט ער זיך גיין אין מיטן גאַס, סאַמע אין דער רעכטער בלאָטע, און שלאָגט זיך אָן אויף עפּעס אַ ווייכס, אַ גראָבס און אַ לעבעדיקס, און גיט אַ פאַל אַנידער אין בלאָטע אַריין, גלייך אויף אַנדערער העלד גומער איינעם — אויף בלאַנגע דעם שוסטער.

ק אַ פּ י ט ל פ י נ ף

בלאַנגע דער שוסטער (מיר בעטן ביי אים הונדערט מאָל מחילה, וואָס מיר האָבן אים געלאָזט ליגן אַזוי לאַנג אין דער בלאָטע) האָט זיך געפילט גאָר ניט אַזוי שלעכט אין זיין נייער לאַגע, ווי דער לעזער שטעלט זיך פאָר. עס ליגט שוין אַזוי אין דער טבע פונעם מענטשן, ער זאָל זיך צופּאַסן צו יעדער לאַגע, ווי ביטער און פינצטער זי זאָל ניט זיין. קוים איז אים באַשערט געווען, אַז די בלאָטע, די באַרימטע כתרי־לעוווקער בלאָטע, זאָל זיין זיין געלעגער, האָט ער געזען אָנווענדן כל המעגלעכקייטן, אַז ער זאָל ליגן ווי אַ מענטש. און ניט גלאַט אַזוי ליידיק, נאָר אַ שוים אַרבעט. ער האָט געפייערט אויף די נגידים און האָט אויסגעלאָזט כל חמתו אויף רב יאָסי דעם נגיד, ער זאָל ניט מיינען, אַז ער, בלאַנגע דער שוסטער, איז חלילה שיכור. ער האָט אים געשווירן, ער זאָל אַזוי דערלעבן פירן ווייזתאָן צו זייער חופּה, ווי ער הייבט ניט אָן צו זיין שיכור. ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט אויף אים, אויף בלאַנגען, אַז ער איז שיכור? האָס וואַקסט אַזוינאַ פון איר, פון זיין ווייב ושתי, איינגעזונקען זאָל זי ווערן!...

אַרויסגעלאָזט דעם נאָמען ושתי, בלייבט בלאַנגע דער שוסטער שטיל און פאַרטראַכט זיך. דער נאָמען ושתי איז אַריין צו אים אין מוח, ווי אַ פּלעקל, וואָס מע זעצט דאָס אַריין אין אַ שטיוול אַריין. ער געדענקט, דאַכט זיך, גאַנץ גוט, אַז אַמאָל האָט זיין ווייב געהייסן גיטל, פלוצעם נאַ דיר גאָר „ושתי"!... ווי אַזוי איז דאָס געוואָרן פון גיטל — ושתי? און ניט נאָר דער נאָמען — זי אַליין האָט זיך איבערגעביטן, גאָרנישט דאָס ווייב, וואָס פריער. אָנגעטאָן גייט זי, ווי אַ קייסערינע, מיט אַ גילדענעם ספּאָדעק, און איז אינגאַנצן איינגעטונקען פון קאָפּ ביז פיס אין גינגאָלד. ער באַטראַכט זיך, אַז ס'איז נאָר קיין פּלאַן ניט

פֿאַר אים אַצינד מיט איר צו קריגן. אדרבא, מיט אַזאַ יפֿהפֿיה דאַרף מען שלאָגן בלאַט. און ער רוקט זיך צו צו איר נעענטער און נעענטער, נאָר זי רוקט זיך אָפּ... זי וויל אים נישט, אַפֿגים, הערפֿאַר, וואָס ער האָט ליב אָט דאָס, וואָס מע מאַכט דערויף שהכּל נהיה בדברו... אַ מכּה דער מאַמען, עס שטייט נישט אָן דעם טאַטן אירן, טאָמער וועט מען זאָגן אין שטאָט, אַז ושתי האָט אַ מאַן אַ שיכּור!

— זאָל איך נישט דערלעבן אויפֿשטיין פֿון דעם אָרט, אויב ס'וועט קומען אַמאָל אַ טראָפּן בראָנפֿן אויף מײַנע ליפּן! ושתי, דו הערסט, צי נײַן? טאָמער גלייבסטו מיר נישט, נאַ דיר אַ האַנט תּקיעת־כּף...

און כלאַוונע ציט אויס זײַן פֿעטקע גראָבע האַנט מיט די קורצע שוואַרצע פֿינגער אין דער בלאָטע אַרײַן, און ס'איז אים אַ חידוש, וואָס ושתי האָט אַזאַ קאַלטע נאַסע האַנט מיט אַזעלכע קאַלטע גליטשיקע פֿינגער. ס'איז אוממעגלעך זי אָנצונעמען פֿאַר דער טאַליע אַזוי, און די נשמה זאָל איר אַרויס! און ער צענעמט די הענט און כאַפּט זי אַרום... דעם שלימזל רויטשילד!

לאָמיר לאָזן ליגן די ווײַלע רויטשילדן און געוויר ווערן, וואָס מאַכט עפּעס כלאַוונע דער שוסטער.

קאַפּיטל זעקס

די מחקרים זאָגן, אַז פֿון אַ דערשרעק קומט אַלצדינג. פֿון אַ דערשרעק איז חלילה אַ מעוברתע מפּיל, פֿון אַ גוטן איבערשרעק קאָן אַ מענטש אַראָפּ פֿון זינען, און אַמאָל די שעה זאָל נישט זײַן, באַקומען אַפּאָפּלעקסיע און שטאַרבן. זיי זענען דערגאַנגען מיטן שכל, אַז פֿון אַן איבערשרעק קאָן אַ שיכּור זיך אויסניכטערן אין איין מינוט. אַזוי זאָגן די מחקרים. און דעריבער וועט אונדז קיין חידוש נישט זײַן, וואָס אונדזער העלד, כלאַוונע דער שוסטער, ווײַבאַלד ער האָט אַרומגעכאַפּט דעם שלימזל רויטשילד, אַזוי האָט ער פֿאַר שרעק זיך שוין אויסגעניכטערט, דאָס הייסט, נישט אויף אַזויפֿיל, ער זאָל קאָנען אויפֿשטיין פֿון דער בלאָטע און ווערן אַ מענטש, ווי מע רופֿט עס, אַ זעלבשטענדיקער; נאָר אויף אַזויפֿיל האָט ער אָנגעהויבן קומען צו זיך, און אײַנציקווײַז האָבן זיך אומגעקערט צו אים כּמעט אַלע זײַנע חושים. קודם כּל איז ער דערגאַנגען דורך זײַן חוש המשוש, אַז ושתי איז אַ ייד מיט אַ באָרד. נאָכדעם האָט בײַ

אים אויפגעוואַכט דער חוש השמיעה, און ער האָט דערהערט ריינע, קלאָרע דיבורים: „שמע ישראל, גוואַלד, יידן, ראַטעוועט!" דער חוש הריח האָט אים געזאָגט, אַז זיי ביידע ליגן אין דער בלאָטע, און דער באַריממטער כתרילעווקער עיפּושדיקער בלאָטע. נאָר וויפל ער האָט נישט אָנגעווענדעט זיין חוש הראיה אויף צו דערזען, ווער איז אָט דער דאָזיקער נפש, האָט זיך עס אים בשום אופן נישט איינגעגעבן, מחמת די לבנה האָט זיך באַהאַלטן אין די געדיכטע וואָלקנס, און די פינצטערע נאַכט האָט פאַרשפּרייט אירע שוואַרצע פליגלען איבער גאַנץ כתרילעווקע.

אויך רויטשילד האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז קומען צו זיינע געדאַנקען, און דער שרעק, פון וועלכער ס'איז אים געווען אַ מינוט צום טויט, איז שטילערהייט אוועק פון אים, און ביידע אונזערע העלדן האָבן באַקומען לשון. אָט וואָס פאַר אַ מין געשפּרעך צווישן זיי איז פאָרגעקומען. מיר גיבן אים איבער פּינקטלעך, וואָרט אין וואָרט.

כ ל אַ וו נ ע: ווער ביסטו?

ר ו י ט ש י ל ד: ס'איז איך.

כ ל אַ וו נ ע: וואָס טוסטו דאָ אין דער בלאָטע?

ר ו י ט ש י ל ד: גאָרנישט.

כ ל אַ וו נ ע: וועלכער רוח האָט דיך אַהערגעבראַכט?

ר ו י ט ש י ל ד: כ'ווייס נישט.

כ ל אַ וו נ ע: טפו זאָלסטו ווערן! וואָה ביסטו? אַ באַלמעלאָכע, אַ שוסטער?

ר ו י ט ש י ל ד: ניין.

כ ל אַ וו נ ע: וואָס זשע, אַ באַלעבאָס?

ר ו י ט ש י ל ד: ניין, ניין.

כ ל אַ וו נ ע: וואָס זשע דען ביסטו, צו אַלדי שוואַרצע יאָר?

ר ו י ט ש י ל ד: איך בין... איך בין... טויט=הונגעריק.

כ ל אַ וו נ ע: אַזאַ מעשה! דו ביסט טויט=הונגעריק? הם... און איך בין טויט שיכור... שאַ! אויב איך האָב קיין טעות נישט, ביסטו נישט אַמאָל רויטשילד? יאָ, ווי איך בין אַ ייד! איך האָב דיך באַלד דערקענט, אַז דאָס ביסטו... וויבאַלד אַזוי, טאָמער וואָלט געווען אַ סברה, ברודער רויטשילד, אַז דו זאָלסט מיר העלפן אַרויסקריכן פון דער דאָזיקער בלאָטע, און אויב דו פּילסט, אַז דו האָסט פּיס, וואָלטן מיר ביידע זיך דורכגעגאַנגען צו מיר אַהיים עפּעס נעמען אין מויל אַריין, וואָרום עס באַמבלט מיר אין קאָפּ, אַז מיר האָבן היינט יום=טוב אויף דער

גאַנצער וועלט. שמחת־תורה? פּורים? — איך קאָן דיר נישט זאָגן אקוהאַט, נאָר יום־טוב האָבן מיר געווים. לאָזן קומען כל מלכי מזרח ומערב און זאָגן מיר, אַז ניין, וועל איך זיי אָנשפּייען אין פּנים!

עס האָט גענומען אַ קלייגע ווײַלע, ביז די צוויי האָבן זיך אַרויסגעקראַטשקעט פון דער בלאָטע און האָבן זיך מיט מי געלאָזט אין וועג אַריין, איינער אָנגעלענט אויפן אַנדערן, דאָס הייסט, רויטשילד האָט אונטערגעהאַלטן כלאַוונען, ער זאָל נישט פאַלן. מחמת אויסגעגיכמערט האָט זיך ביים שוסטער נאָר דער קאָפּ — די פים אָבער האָבן זיך אים נאָך אַלץ געפּלאָנטעט. און אַז זיי זענען געקומען צו...

דאָ האָבן מיר בדעה איבערלאָזן אונדזערע ביידע העלדן אויפן שפּאַציר און אַריינקוקן אויף אַ מינוט צו כלאַוונע דעם שוסטער אין שטוב אַריין, זען, וואָס מאַכט זיין ווייב גיטל.

### קאַפּיטל זיבן

וויפל די קריטיקער זאָלן נישט קריטיקירן, וויפל די אָפּשפּעטער זאָלן נישט לאַכן און חוזק מאַכן — אַ ווייב בלייבט אַ ווייב. עס האָט נאָר אָנגעהויבן נאַכט ווערן, האָט גיטל שוין גענומען רעכטן זיך אויף איר מאַן, אַז אַט קומט ער פון דער מגילה אָפּפּאַסטן זיך. צוליב דעם האָט זיך איבערגעדעקט דעם טיש יום־טובדיק און אַוועקגעשטעלט קודם דאָס, וואָס איר כלאַוונע האָט ליב — אַ פלעשל מיט אַ גלעזל. עס קאָן זיין, אַז אין פלעשל איז מער נישט געווען ווי איין גלעזל, נאָר אפשר איז דאָרט צוליב יום־טוב געווען צוויי גלעזלעך. דערפאַר איז געזעסן אויפן טיש אַ דרייעקעכיקער המן־טאַש מיט מאָן, אַ מוראדיקער, אַ גרויסער, אַ ברייטער, אַן אמתער, אַ שוסטערישער המן־טאַש. עס האָט זיך אויסגעהאַכט, ווי דער המן־טאַש וואָלט גערעדט ווערטער: „כלאַוונע, ווו בימטו? קום עס מיך!“ נאָר כלאַוונע האָט נישט געהערט; ער איז נאָך געווען בשעת־מעשה ביי זיינע חברים די שוסטערס און געמאַכט מיט זיי דעם גרויסן טרונק לכבוד דעם הייליקן פּורים.

אומזיסט האָט די שוסטערקע געבעד געקוקט דורכן פענצטער, זיך צוגעהערט צו דער טיר. יעדער שאָרך האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז דאָס גייט כלאַוונע. נאָר כלאַוונע איז נישט געגאַנגען; ער איז נאָך געלעגן בעת־מעשה איינער אליין אין דער בלאָטע און האָט זיך אויסגעשמועסט

מיט ושתין. גיטל האָט איבערגעטראַכט אויף איר מאַן אַלצדינג, וואָס א ווייב קאָן איבערטראכטן, און אז ס'איז געוואָרן רעכט שפּעט, האָט זי געכאַפּט די יופּע אויף די פּלייצעס און איז אוועק זוכן איר מאַן כלאַוונע. זי האָט אים נישט געפונען. די שוסטערס, מיט וועלכע כלאַוונע האָט אויסגעטרונקען לכבוד יום־טוב, האָבן איר געשווירן, זיי זאָלן אַזוי דער־לעבן איבער אַ־יאָר פּורים, אַז כלאַוונע איז גלייך פון שול אַוועק צו זיך אהיים און קיין טראָפּן איז צו זיי קיינעם אין מויל נישט געקומען. סיידן אפשר — אַזוי האָבן געזאָגט די שוסטערס — ער האָט זיך ערגעץ באַגעגנט מיט שמעון־וואָלפן.

ביי דעם נאָמען שמעון־וואָלף האָט גיטל אַזש א ציטער געטאָן. אָט דער שמעון־וואָלף קאָסט איר נעבעך געזונט.

שמעון־וואָלף איז אויך א שוסטער, אזוי ווי איר מאַן כלאַוונע, און האָט אויך ליב דאָס, וואָס איר מאַן כלאַוונע האָט ליב. נאָר ווי קומט כלאַוונע צו אים! יענער האָט א שם אויף דער גאַנצער וועלט — מע רופט אים גאָר אַנדערש נישט, ווי שמעון־וואָלף דער שיכור. ס'איז אַ סברה, אז זיין טאַטע איז דערפון געשטאָרבן: איינמאָל שמחת־תורה האָט ער זיך אָנגעטרונקען, און עס האָט זיך אָנגעצונדן אין אים דער בראָנפן און ער איז פארברענט געוואָרן, אזוי ווי א ליכט. מיט שמעון־וואָלפן האָט זיך שוין אויך איינמאָל געטראָפן די אייגענע מעשה, האָט מען אים אָפּגעלאָשן. גיטל האָט אָבער נישט געגלייבט, אז איר מאַן זאָל זיך ווידער אמאָל צונויפגיין מיט דעם שיכורניק, נאָכדעם ווי ער האָט איר געגעבן א האַנט תקיעת־כף און געשווירן ביי א פּאָר תפילין, אז צייט ער וועט לעבן, וועט ער זיך מיט אים קיינמאָל נישט באַגע־גענען. איבער דעם איז ארויס אין יענער צייט א גרויס מחלוקת צווישן כלאַוונעס ווייב גיטל און שמעון־וואָלפס ווייב חנה־זיסל. דאָס מחלוקת האָט זיך אָנגעהויבן מיט ווערטער און מיט ווערטלעך, און אויסגעלאָזט האָט זיך עס זייער מיאוס: ביידע ווייבער האָבן זיך אַריינגעפלאָנטעט איינע דער אנדערער אין די שלייערס, און מע האָט זיי קוים צעגומען. פון דעמלט אָן רעדן נישט צווישן זיך אָט די צוויי ווייבער, און אז זיי באַגעגענען זיך, טרעטן זיי אָפּ איינער דער אנדערער דעם וועג און שפּייען אוים דריי מאָל.

גיטל האָט זיך לאַנג געשלאָגן מיט דער דעה, וואָס זאָל זי טאָן: צי זאָל זי גיין צו אָט דער הולטייקע חנה־זיסל געוווירן ווערן וועגן איר

מאָן, צי נײַן? זי האָט מורא געהאַט, ס'זאָל נישט אַרויס דערפֿון קײן נײַער סקאַנדאַל — און עפּעס מאַקע נאָר ווי גאָט אַלײן האָט זיך אַרײַנגעמישט און איז איר געקומען צו הילף. נאָך אײדער זי האָט זיך אַ ריר געטאָן, דערזעט זי, עפּעס אַ נפֿש, אײַנגעהילט אין שוואַרצן, גײט איר אַקעגן. זי קוקט זיך אײַן אין דער פֿינצטערניש און זי דערקענט חנה־זיסלען. בײדע ווײַבער זענען גרײט געווען אָפּשפּרינגען אײנע פֿון דער אַנדערער און אױסשפּײַען דרײַ מאָל, ווי תּמיד, נאָר עפּעס אַ פֿאַרבאָרגענער כּוח האָט זײ בײדע אָפּגעהאַלטן, און זײ האָבן בײדע מיטאַמאָל אָנגעהויבן רעדן. זײער געשפּרעך איז געווען אַ קורצער, נאָר זײער אַ פֿאַרשטענדלעכער:

— וווּהין איז אַזױ שפּעט?

— און איר וווּהין?

— איך זוך מײַן מאַנצביל.

— דאָס אײגענע, וואָס איך.

— ווו קאָנען זײ זײַן?

— איך זאָל אַזױ וויסן פֿון אים.

— מײַנער איז געווען אין שול צו דער מגילה.

— מײַנער אױך דאָרטן.

— זענען זײ, אפֿשר, פֿון דאָרטן אַוועק בײדע?

— אַזױ ווײַזט דאָס אױס.

און בײדע ווײַבער לאָזן אַרױס אַ טיפֿן זיפֿץ און צעגײען זיך די אהער, די אהין.

### קאַפּיטל אַכט

פֿאַרוויסט און פֿאַרפֿינצטערט איז נעבעך גימל געקומען אַהײם, געכאַפּט אַ קוק פֿאַרבײַגײענדיק אױפֿן המן־טאַש, און עס האָט זיך איר אױסגעדאַכט, אַז ער קוקט אױף איר און זאָגט צו איר: „וואָס איז די מעשׂה מיט כלאַוונען?“ פֿאַר צרות גײט זי זיך אַ וואָרף אין בעט אַרײַן און ליגט אַזױ לאַנג, ביז זי ווערט אַנטשלאָפֿן. זי ווערט אַנטשלאָפֿן און עס חלומט זיך איר, אַז מען קלאַפּט אין פֿענצטער און מע רופֿט זי אָן

ביים נאָמען. זי וויל אויפהייבן דעם קאָפּ און קאָן נישט. פרעגט זי ליגנדיק פון בעט ארויס: „ווער איז דאָרטן?“ און באַקומט א תשובה, אז דאָס איז חנה־זיסל די שוסטערקע מיטן שמש פון חברה־קדישא צו איר׳ נאָך תכריכים. גיטל פארשטייט נישט, פון וואַנען עס נעמט זיך צו איר אזוי פיל כוח צו רעדן וועגן אזא זאך, און זי פרעגט ביי חנה־זיסלען גאַנץ קאַלטבלוטיק גלייך ווי עס רעדט זיך וועגן אַ דייטשע ברויט אָדער וועגן א פערטל עוף אויף שבת: „זיי זענען פארברענט געוואָרן?“ — „פארברענט געוואָרן“. „ביידע אינאיינעם?“ — „ביידע אינאיינעם“. פאר פחד פאלט גיטל שיער נישט אַראָפּ פונעם בעט, זעצט זיך אויף און דערהערט, ווי עטלעכע הענט מיטאַמאָל שאַרן אין דער טיר, און עס שטעלן זיך איר די האָר קאַפּויר. קוים־קוים וואָס זי רעדט ארויס:

— ווער איז?

— ס'איז מיר.

— ווער איז דער מיר?

— עפן אויף די טיר, וועסטו וויסן, ווער איז דער מיר.

— די טיר איז אָפן.

— מיר קאָנען נישט געפינען די קליאַמקע

נאָכן קול האָט גיטל באַלד דערקענט, אַז דאָס איז איר מאַן, און זי כאַפּט זיך אויף געשווינד און זי עפנט אויף די טיר און דערזעט צוויי נפשות, אויסגעשמירטע, ווי די שדים, און טוט א שפרונג־אָפּ צוריק.

— אַ גוט יום־טוב דיר, גיטל! — אָט אַזוי רופט זיך אָן צו איר כלאַוונע און קאַטשעט זיך אַריין אין שטוב אַריין אינאיינעם מיט רויטשילדן. — זאָל מיין נאָמען נישט הייסן כלאַוונע, אויב דו ווייסט, ווער צו דיר איז געקומען! צו דיר זענען געקומען צוגאַסט לכבוד פורים צוויי טויטע... גאָט איז מיט דיר, וואָס האָסטו זיך אזוי דערשראָקן? צוויי טויטע זענען מיר טאַקע נאָר נישט פון יענער וועלט... איינער איז טויט־שיכור, דער אנדערער איז טויט־הונגעריק... ווער איז דאָ טויט־שיכור און ווער איז טויט־הונגעריק — דאָס דאַרפסטו שוין אליין פארשטיין, אויב דו ביסט א קלוגע... וואָס קוקסטו אזוי? האָסט אים נישט דערקענט? ס'איז דאָך רויטשילד. איינגעזונקען זאָל ווערן רב יאָסי דער נגיד מיט דער כתרילעווקער בלאָטע אינאיינעם! רויטשילד האָט זיך נעבעך אזוי אויסגעשמירט מיט אלע חזירים... הערסטו, גיטל, ביסט טאַקע א יידענע א חכמה!

ושתי מעג זיין פאר דיר די כפרה! איך זע ביי דיר דאָס שבתדיקע פלעשל אויפן טיש. דאָס האַרץ האָט דיר, אפנים, געזאָגט, אז מיר האָבן הייגט יום־טוב אויף דער גאַנצער וועלט און מען דאַרף מאַכן קידוש און פאַר־ בייסן מיט אָט דעם דרייעקעכיקן ממזר, ס'זאָל אויף אים קומען א מיתה משונה, אזוי ווי אויף זיין טאַטן המנען!... לחיים, רויטשילד, לאָז גאָט געבן, המן זאָל דערלעבן איבעראיאָר, און מיר זאָלן אים ווידער אמאָל אויפהענגען אין שול מיט זיינע צען בנים אלע אויף איין תליה, פּופּציק איילן די הויך! וואָס שוויגסטו, גימל? זאָג אמן!

# מילכיקס

## (אַ מאָנאָלאָג פון אַ כתרילעווקער פּרעסער)

אַ חכם, הערט איר, איז געווען דער, וואָס האָט איינגעפירט אַ מנהג, אַז שבועות אין דער פרי זאָל מען עסן מילכיקס. וואָרום, לאָמיר זיך נישט נאַרן, וואָס קאָן זיין בעסער און פרישער און זיסער און געשמאַקער און וועלוועלער פון מילכיקס? אמת, צו מילכיקס באַדאַרף מען אויך האָבן געלט, נאָר ווי קומט דאָס צו פלייש? ביי פלייש איז פאַראַן פלייש און פאַראַן ביינער; און מילכיקס האָט אין זיך מילך, און קעז, און פוטער, און סמעטענע, און פיד-סמעטענע און זויערמילך און סיראָוועטקע... הייבט נעמט די מאַכלים, וואָס מען קאָן מאַכן פון מילכיקס. פון פלייש האָט איר אַ יויך, אַ ראָסלפלייש, און עסיקפלייש, אַ געבראָטנס — און שוין... פון מילך אָבער האָט איר קאַשע מיט מילך, לאָקשן מיט מילך, רייז מיט מילך, און טייגלעך מיט מילך, און באַלאַבעשקעס מיט מילך, און פאַרפל מיט מילך, און גלאַט מילך; הייבט די מאכלים פון קעז און פוטער האָבן אַ שיעור? באַרעכנט נאָר: קרעפּלעך, און וואַרעניקעס, און וואַרניטשקעס, און אַ קוגל, און אַ מאַהיגע, און אַ טייגעכץ, און קנישעס, און מגישקעס, און בלינצעס, און צרות-קנייִדלעך, און קאַשניקעס, און ווערטליקעס, און ווערטוטן, און וויפל איז פאַראַן מאכלים, וואָס מע קאָן זיך נישט אָנגעדענקען! למשל: קאָרזש מיט קעז, מאַסלינישקענע קאַשע, און פיש געפּרעגלטע אויף פוטער, און אַ באָרשט אַ מילכיקער, און ראַזשעניקע, און מאַסליניקע — אַלץ אַזעלכע פּאַטראַוועס, וואָס קיינער זאָגט זיך פון דעם נישט אָפּ סיידן שוין גאָר אַן אָפּגעריסענער נאַר, וואָס מע באַדאַרף אים געבן קייען שטרוי...

וואָרום, איך, מע זאָל מיך אויפוועקן אין מיטן נאַכט און מיר דערלאַנגען מילכיקס, איז אַבי איך בין נאָר נישט פליישיק, איז מיטן גרעסטן כבוד! למאי זאָל איך לייקענען? איך האַלט פון מילכיקס. און נישט אַזוי

איך, ווי „זי“. ביי אונדז אין כתרילעווקע הייסן מיר „די פרעסערס“, באַמש עסן עסן מיר גלייך מיט אַלע יידן, דאָס הייסט: קדחות אין אַ קליין מעפּיצלע. אַי, די קשיה: פון וואַנען נעמט זיך דער נאָמען „פרעסערס“? לאָז מיך אַזוי וויסן ביז! עס קאָן זיין, עס נעמט זיך דערפון, וואָס מיר האָבן ליב רעדן פון עסן. למשל, איך אַליין האָב ליב אַרויסצוגיין אין מאַרק און שטיין ביי די פיש. פיש איז ביי מיר דאָס חיות. פאַר פיש וואָלט איך אַוועקגעגעבן מי יודע וואָס! און אפשר נעמט זיך עס פון דעם, וואָס מען עסט ביי אונדז אַ סך ברויט. למשל, ביי מיר גייט אַוועק, קיין עין־הרע, אַ סך מעל אויף שבת, וואָרום ס'איז פאַראַן ביי מיר, נישט צו פאַרזונדיקן, וועמ'ס'זאָל קייען. איך האָב, זיי זאָלן לעבן און געזונט זיין, דריי פערטל טוץ, און אַלע, ברוך השם, האָבן אַפּעטיט צום עסן. מע דאַרף מיט זיי חלילה צום רבין נישט אָנקומען. ביים דאָקטער קיין עצות נישט פרעגן. הלוואַי וואָלט נאָר געווען ו אָ ס צו עסן, וואָרום איך בין, לא עליכם, נישט פון די גרויסע נגידים, דאָס הייסט, חלילה נישט קיין אָרעמאַן, נאָר קיין גביר אַוודאי נישט! איך בין אַליין אַ קרעמער בין איך: מאָלט אייך, אַ קראָם ביי מיר אויף אַלע יידישע שונאים! ס'איז נאָר אַן אויסרייד, נישט קיין קראָם; איך באַדאַרף זי האַלטן צוליב דעם קרוב, איך האָב, פאַרשטייט איר מיך, מיין אייגענעם אַ קרוב אַ רייכן, פון „איר“ צד: זיין פאָטער און איר מוטערס מוטער זענען געווען אייגענע געשוועסטער־קינדערלעך; אַפילו אַ ווייטלעכער קרוב, נאָר דאָך אַ קרוב. ער איז אַ יאַמפּעלער איז ער, דאָס הייסט, ער זיצט אין יאַמפּעלע און רעכנט זיך דאָרט צווישן די גבירים, דאָס הייסט, אַמאָל האָט ער זיך גערעכנט גאָר צווישן די ג ר ו י ס ע גבירים, היינט איז ער אַ ביסל דאַסיק, איך מיין פאַרדרייט... נאָר פונדעסטוועגן געהער זיך נישט אָן אייגנס מיטן אַנדערן, זיין שאָדן אויף מיר געזאָגט געוואָרן. וואָס ער צאָלט איבער נאָך היינט אַ יאָר פראָצענט — וואָלט געווען גענוג פאַר אונדז ביידן.

קומען מיר, הייסט עס, אַמאָל צו אים אויף קבר־אָבות — אַמאָל איך, אַמאָל „זי“. מע וויינט זיך אויס אַ ביסל, בייזערט ער זיך אַפילו. וויל נישט ליידן, נאָר עס העלפט אים, ווי דער פאַריאָריקער שניי. ער מוז, ער מוז געבן, נישט געלט — איז סחורה, נישט סחורה — איז אַ וועקסל. ער האָט דען אַן אַנדער ברירה? וואָרום „זי“, אַז זי צעוויינט זיך, איז מען גערן, אַז זי הערט אויף: „נאַ דיר, הייסט דאָס, אַבי וויין נישט“... אַז זיי דערזעען זי פון דערווייטן, ווערט זיי צען לעבער אין האַרצן. זיי פרווון

זיך מיט תירוצים: „מען איז נישטאָ אין דערהיים, אַוועקגעפאָרן פון יאמפעלע, שטאַרק פאַרנומען“ — בלאָטע! ווי אַ טויטן באַנקעס! „אונדזערס“ מוז אָפּגעגעבן ווערן גאָר אָן שום תירוץ!... נאָר וואָס זאָלט איר קלערן? ס'איז אַוודאי נישט גוט, אַז מע דאַרף אָנקומען צו־גאַ מענטשן, נאָר וואָס זאָל מען טאָן? ווי זאָגט מען דאָס: כל זמן שהנשמה בקרבי — איז רייב מאָטי! אַ מענטש, כל זמן ער לעבט, דאַרף ער עסן!...

שייך זאָגן עסן? נישט צוליב דאָס עסן לעבט אַ מענטש. אַ מענטש איז דאָך נישט קיין בהמה. אַ בהמה איז אַ בהמה, און אַ מענטש איז אַ מענטש; און אַ מענטש, אַז ער וועט נישט עסן, פון וואַנען וועט ער לעבן? אָט דערפון אַליין קאָנט איר שוין פאַרשטיין, אַז מע האָט אַ ווייב מיט קיין עין־הרע, ניין פיקערס באַדאַרף האָבן אַ שיין פנים אַ ברויט אָדער אַ בולקע, אַז מע לייגט אַוועק אויפן טיש. און אַפילו אַ שיסל קאַרטאָפל, זי מעג זיין מיט אַ באַרג, איז גענוג א יי ן פערטל שעה, ס'זאָל נישט בלייבן קיין שריר ופליט, גלייך ווי ס'איז גאָר קיינמאָל קיין קאַרטאָפל נישט געווען אויף דער וועלט אַפילו! ס'איז אַ מחיה צו קוקן, זאָג איך אייך, ווי מען עסט, קיין עין־הרע, ביי מיר. איך האָב ליב צו זעען ווי זיי עסן, איך האָב דערפון פאַרגעניגן, און ווער שמועסט פרייטיק, אַז מע נעמט אַרויס די פרישע שמעקענדיקע חלה פונעם אויוון, רוף איך צונויף מיין חברה און זאָג זיי: „קינדער, ראַטעוועט“! — זאָלט איר זען, ווי מע ראַטעוועט — מחיה נפשות! און אַז גאָט העלפט, ס'איז פאַראַן צו דער פרישער חלה אַ ראָסלפלייש, אַ הייס, מיט קנאָבל און מיט „סאָוועסט“, מיט יויך הייסט עס, געווינטלעך, מער יויך ווי פלייש, מען קאָן זאָגן כמעט סאַמע יויך, דעמלט קאָן מען טונקען און טונקען — און, נישקשה, מען איז, ברוך השם, גאַנץ צופרידן. וואָרום וואָס טוט מען, חלילה, אַז ס'איז דאָס אויך נישטאָ? האָט מען אַ ברירה דעמלט עסן חלה מיט ברויט, דאָס הייסט, איך האָב געוואָלט זאָגן ברויט מיט חלה, אַ ביס ברויט, אַ ביס חלה, און גלויבט מיר — פאַר אַ הונגעריקן מאָגן איז דאָס אויך אַ מאכל. והראיה, נעמט לימאָנאַד — איר האָט ווען געגעסן ברויט מיט לימאָנאַד? קיינמאָל נישט? פאַרזוכט אַ מאָל אויף אַ ציקאַוועסט, נאָר בתנאי, איר זאָלט זיך פריער רעכט אויסהונגערן, אַזוי, אַז ס'זאָל אייך חלשן דאָס האַרץ, ציטערן די הענט און ציען די אָדערן פון די פיס, וועט איר דעמלט בנאמנות פילן טעם גן־עדן. אזוי שטיפלט דאָס אפילו ביי דער צונג, ווי געווינטלעך, לימאָנאַד, נאָר אַז מען איז הונגעריק, און מען עסט דאָס מיט ברויט, איז דאָס אַ מאכל־מלכים!

איך זע, איר חידושט זיך, וואָס איך בין אַזוי קלאָר אין „הלכות אכילה“? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז בײַ אונדז אין כתרילעווקע הײם איך פֿון די „פֿרעסערס“, דערפֿאַר, פֿאַרשטײט איר מיך, וואָס איך גײ מיט דעם גאַנג, אַז אַ מענטש לעבט אײן מאָל, נישט קײן צוויי מאָל, און אז מען עסט א גאנצע וואָך מכות און שבת קדחות, דאַרף מען זען כאָטש יום=טוב זיך אָנטאָן אַ ביסל ווילטאָג. וואָס זאָגט איר, נישט אַזוי? דעריבער אַז עס קומט בײַ מיר שבועות, מעג זיך איבערקערן די וועלט. פֿאַראַן פֿאַר וואָס, צי ס׳איז ניטאָ פֿאַר וואָס, — אַ מילכיקע סעודה דאָס מוז זײַן, גאָר אָן אַ שום תירוץ! קודם=כל ציקאָריע מיט מילך; דאָס איז שוין אַ חוק ולא יעבור, וואָרום „זי“, אַז עס קומט שבועות=צײַט, הויבט איר שוין אָן צו ציען, זאָגט זי, דאָס האַרץ נאָכן גלעזל ציקאָריע! דאָס גלעזל ציקאָריע איז בײַ איר, זאָגט זי, טײַערער פֿונעם גאַנצן מילכיקס! מאָלט אײַך, לאָז זיך אײַך דאַכטן, אַז ס׳איז גאָר גערעדט אַזוי: וואָרום נאָכן גלעזל ציקאָריע ווילט זיך נאָך עפּעס למשל, באָרשט. איך מײן דעם שײנעם גרינעם מילכיקן, שבועותדיקן באָרשט, וואָס מיט באַטווינע מיט ציבעלקעלעך און מיט יונגע בורעקלעך פֿאַרבראָקט און מיט סמעטענע פֿאַרווײַסט, א הרפּה, הערט איר, אלע עסנס פֿאַר אײן מילכיקן באָרשט אַ גוטן! בײַ אונדז, אין געמײנעם גראַד, ווען עס זאָל חלילה נישט זײַן קײן באָרשט, וואָלט מען געוויס נישט אויסגעהאַלטן ייִדישקײט, נישט פּסח, נישט שבועות! דער חילוק איז נאָר אין דעם, וואָס צום פּסחדיקן באָרשט מוז מען האָבן אַ שטיקל פֿלײש, אָדער אַ בײנדל. אָדער אַ לעפֿל שמאַלץ, און צום שבועותדיקן באָרשט באַדאַרף מען נישט האָבן גאָרנישט נישט! איז פֿאַראַן אַ קאַפּ מילך אויף צו פֿאַרווײַסן דעם באָרשט — איז גוט, אלא נישט — מוז מען זיך באַגײן דערמיט, וואָס ער איז געקאָכט אין א מילכיקן טאָפּ. וואָרום מײן כאַליאַסטרע, קײן עין=הרע, מ׳ז זאָל זיך צו זײ וועלן צולאָזן און געבן כליעפּעטשען רײנע מילך, איז נישט שײך צו זאָגן אַ ציג, — דרײַ ציגן וואָלט געווען ווײניק. און מיר בסך הכל פֿאַרמאָגן אונדזער אײגענעם א האלבע ציג, מיר האָבן, הײסט דאָס, בשותפֿות מיט אַ שכן אַ ציג האָבן מיר. אַ ווילדע זאַך, זי גײט בײַ אונדז אַלעמאָל אין שאָדן, און מיר האָבן פֿון איר אָפּגעשניטענע יאָרן! נישט לאַנג האָט זי זיך מיישב געווען, די ציג הײסט עס, און הערט זיך גאָר אויף צו מעלקן, דאָס הײסט, מעלקן מעלקט זי זיך, נאָר קײן מילך גיט זי נישט; הײַנט גײ צי אַרויס פֿון אַזאַ חיה קרעפּלעך מיט וואַרעניקעס! „אוי, זאָג איך צו מײַן ווײַב, קרעפּלעך! איך וואָלט אַוועקגעגעבן, זאָג איך, פֿאַר מילכיקע קרעפּלעך

אָדער וואַרעניקעס איך ווייס אַליין נישט וואָס! טאָמער וואָלסט דו טאַקע געזען, שׂרה־זיסל, ס'זאָל זיין, זאָג איך, קרעפּלעך, אם ירצה השם, אויף שבֿיעות?"...

מאַכט זי צו מיר: „פון וואָס, למשל?" זאָג איך: „דערויף ביזט דו דאָך עפּעס אַ בעל־הביתטע ביי מיר". זאָגט זי: „צו קרעפּלעך באַדאַרף זיין אייער — דאָס ווייסט דו?" זאָג איך: „איך ווייס, פאַר וואָס זאָל איך נישט וויסן? אַ קונץ, זאָג איך, צו מאַכן קרעפּלעך מיט אייער? ווייז אַ בריהשאַפט אָז אייער!" זאָגט זי: „חכם בלילה! וואָס זשע טוט מען מיט קעז?" זאָג איך: „מיט קעז וואָלט שוין געווען נישקשה, שלעכט איז, וואָס אָן קעז". זאָגט זי: „הייגט וואָס זשע ווילסט דו?" זאָג איך: „וויל איך, זאָלסט כאָטש מאַכן רעטשענע וואַרעניטשקעס". זאָגט זי: „צו וואַרעניטשקעס דאַרף מען פּוטער". זאָג איך: „וו שטייט דאָס געשריבן? אין ספר פּראַלניק?" זאָגט זי: „דו דאַרפסט בעסער וויסן ווו עס שטייט געשריבן די האָסט געלערנט אין חדר". זאָג איך: ווייסט דו וואָס, מיין ווייב, וואָס איך וועל דיר זאָגן? אַזוי ווי מיר האָבן נישט קיין אייער, און נישט קיין קעז, און נישט קיין פּוטער, טאָ לאָמיר כאָטש אַזוי אַ ביסל רעדן פון מילכיקס. וואָס וואָלסט דו, כדומה למשל, געמאַכט אויף שבֿו־עות צו דער סעודה, ווען דו זאָלסט, אַ שטייגער, האָבן מיט וואָס?" זאָגט זי: „צייט איך לעב האָב איך נישט געזען, אַ מענטש זאָל אַזוי זיין אַריינגעטאָן אין דער אכילה!" זאָג איך: „וואָס וועט דיר אַרן, אַז מיר וועלן אַביסל רעדן? עס קאָסט דיך געלט? לאָז זיך דיר דאַכטן, עלעהיי דו האָסט אַלצדינג, אי קעז, אי פּוטער, אי אייער — וואָס פאַר אַ מיל־כיקע סעודה וואָלסט דו מיר דעמלסט מאַכן"... זאָגט זי: „וואָס וואָלסט דו וועלן, איך זאָל מאַכן?" זאָג איך: „אַ טייגעכץ"... זאָגט זי: „אַ זולל־וסובאַניק דאָס איז! אַ טייגעכץ נעמט צו די גאַנצע פּוטער"... זאָג איך: „לאָז אַ מאַהינע"... זאָגט זי: „וואָס עפּעס אַ מאַהינע?" זאָג איך: „ווילסט נישט קיין מאַהינע — לאָז זיין קנישעס"... זאָגט זי: „מיט וואָס? מיט קאַשע"?... זאָג איך: „ס'אַ משל! מיט קאַשע איז דאָך עס שוין קאַשני־קעס!"... זאָגט זי: „ווערליק דיין מאַנסבילשער קאָפּ פאַרטראָגט, קומט אויס ביי דיר קאַשניקעס". זאָג איך: „מסתמא פאַרשטייסט דו בעסער, איך וויל זיך מיט דיר נישט שפּאַרן. איך האָב פאַרגעסן, זאָג איך, רעכענען פּיש געפּרעגלטע אויף פּוטער. ווי מיינסטו דו?..." זאָגט זי: „אַלצדינג ווילט זיך אים! מיינסטו אוודאי קאָרעשלעך?.. זאָג איך: „עס מעג זיין קאַרפּ, און עס אַרט מיך נישט קיין שלייען, און מיט העכטלעך, זאָג איך, וועט מען זיך

אויך נישט סמען, און אפילו מאָמער חלילה פּלאָטוויצעס, וועל איך דיר אויך קיין גט נישט געבן, אַבי ס'זאָל זיין, זאָג איך, גוט געפּרעגלט.." זאָגט זי: „אַ טרפהנער האַלדז דאָס איז! איך האָב מורא, אַז דו וועסט זיך נישט אָפּזאָגן פון געקאָכטע פעפעריקע רויג מיט קאַרטאָפל"... זאָג איך: „אָך! מיטן גרעסטן כבוד! אבי ס'זאָל זיין, זאָג איך, נאָכדעם גוטע מגישקעס"... זאָגט זי: „אַ קישקע אָן אַ הגאָ! בלינצעס קערסטו דו מיינען?".. זאָג איך „ניין, בפירוש מגישקעס! בלינצעס איז זיך בלינצעס, און מגישקעס איז מגישקעס! מגישקעס — דאָס איז אַזאַ מין מאַכל, זאָג איך, וואָס האָט א טעם פון צרות=קניידלעך. וואָלסטו מאכן צרות=קניידלעך, זאָג איך, צי אפשר, גלאַט קניידלעך מיט מילך?"... זאָגט זי: „אים אין קנאַפּ די וועלט! איך וואָלט דיר אפשר מאַכן אַ מילכיקן קאָליש?"... זאָג איך: „מיינסטו אוודאי מיט האָלעשקעס אָדער מיט באַלאבעשקעס?"... זאָגט זי: „באַלאבעשקעס? פע! אַ קבצנישער מאכל"... זאָג איך: „ביסט דו די גרויסע גבירטע, אפנים?"... זאָגט זי: „קיין גבירטע בין איך נישט האָב איך כאָטש אַ משפּחה אַ רייכע"... זאָג איך: „אַ סך האָסטו פון דיין משפּחה"!... זאָגט זי: „מערער ווי דו פון דיין משפּחה אוודאי!..."

בקיצור, מיין משפּחה, דיין משפּחה — אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, ווי געוויינטלעך מאַן און ווייב, אַז זיי צעווערטלען זיך: מע צעקריגט זיך און מע בעט זיך איבער, וואָרום עס איז דאָך יום=טוב, שבועות אויף דער וועלט! און שבועות איז דאָך דער בעסטער ליבסטער יום=טוב פון אַלע ימים=טובים, וואָרום ווו האָט איר נאָך אַזאַ ליבע, זיסע, געשמאַקע זאַך, ווי אַז מען איז פריער אַ גאַנצע נאַכט אויף, מע זאָגט זיך אָן, ווי אַ פּויק, מיט תיקון=שבועות, מע גייט=הורך פאַרוואָלינקע אַלע תרי"ג מצוות, די גאַנצע תורה הייסט דאָס, און מע שטייט אויף גאַנץ פרי פונעם תיקון=שבועות און גלייך אין שול אַריין, און דאָרטן, אויפן ניכטערן האַרצן, הערט מען זיך דאָס אָן אַ ביסל פונעם שיינעם „אַקדמות": יענע טייערסטע מאכלים פונעם לויתן מיטן שור=הבר, וואָס הקדוש=ברוך=הוא האָט אליין אָנגעגרייט פאַר זיינע יידעלעך אין גן=עדן, וואָס טייכן וועלן דאָרטן פליסן בוימל, און דער אַלטער טייערסטער וויין שטייט שוין דאָרטן פון ווען=אָן פארקאָרקעוועט אין די פלעשער און וואַרט, וואַרט אויף אונדז... ס'איז דאָך נישט שיין צו זאָגן! ווי ביי יידן?... ס'איז גאָר אַ גריזאָטע, כ'לעבן, וואָס מיר האָבן מער נישט ווי איינמאָל אין יאָר שבועות!... האָט איר נישט ביי זיך אַ סיגאַרעטל?...

# נחת פון קינדער

(מאָנאָלאָג)

— קיין נגיד, הערט איר, בין איך נישט. ווייט פון א נגיד. גאָרנישט. אַ באַלעבאָס מיט אַ דירה אַן אייגענע. כאָטש וואָס האָט מען, משמיינס געזאָגט, ביי אונדז פאַר א דירה? מכות! — גאָר נחת פון קינדער, קאָן איך מיך באַרימען, האָב איך, ברוך־השם, מער פונעם גרעסטן גביר אין כתריליעווקע! ביי מיר, הערט איר, אַז עס קומט אַ יום־טוב און עס קומען זיך צונויף אַלע קינדער, קיין עין־הרע, זין טעכטער, שניר און איידעמס מיט אַלע אייניקלעך — ווער איז צו מיר גלייך?

למשל, נעמט פורים צו דער סעודה.

וואָס פאַר אַ טעם, פרעג איך אייך, האָט אַ סעודה, אַז מע זעצט זיך צום טיש איינער אַליין מיטן ווייב און מע עסט?

נו, שטעלט אייך פאָר, אַז איך האָב שוין אָפּגעגעסן די פיש מיט דער יויך, לאָקשן, צימעס, דאָס יענץ — נו וואָס? בלאָטע שבבלאָטע! אַ פערד, להבדיל, עסט אויך. אַ מענטש איז דאָך אָבער נישט קיין פערד. ובפרט אַ ייד. ובפרט יום־טוב. ובפרט אַזאַ יום־טוב, ווי פורים צו דער סעודה!

קודם כל — די קינדער, קיין עין־הרע.

אַכט האָב איך, זאָלן געזונט זיין, אַלע אויסגעגעבענע (געווען צוועלף — פיר זענען, די צו לענגערע יאָר, אַוועקגעגאַנגען). האַלב זענען זין, האַלב זענען טעכטער; פיר איידעמס און פיר שנירן; האָט איר שוין, קיין עין־הרע, א קיטאַ־לן פון זעכצן.

היינט אייניקלעך, לעבן זאָלן זיי!

נישט צו פאַרזינדיקן, וואָרום אַלע טעכטער און אַלע שנירן קינדלען, ברוך־השם, אַלע יאָר; ביי וועמען ס'איז פאַראַן עלף, ביי וועמען — ניין. ביי וועמען זיבן. קיין עקרות, אַזעלכע, הייסט דאָס, וואָס זאָלן חלילה נישט האָבן גאָרנישט, איז ביי מיר נישט פאַראַן.

נאָר מיט איין זון, מיטן מיטלסטן, האָב איך געהאַט אַ ביסל צו טאָן: מיין שנור האָט אַ צייט קיין קינדער נישט געהאַט. נישטאָ און נישטאָ — און געגוגן!

האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה: דאָקטוירים, דער רבי, להבדיל דער טאַטער — עס העלפט נישט.

קיצור־הדבר, ס'איז געבליבן — גטן זיך.

מילא, גטן זיך — גטן זיך. ס'איז געקומען צום גטן זיך — ווער? וואָס? זי וויל נישט!

וואָס הייסט, זי וויל נישט? זי האָט אים, זאָגט זי, ליב. טיפש איי־נער! וואָס הערסטו זי, זאָג איך, וואָס זי האָט דיך ליב? זאָגט ער: איך האָב זי אויך ליב. וואָס זאָגט איר אויף דעם חכם? איך זאָג אים „קינ־דער" — זאָגט ער „ליב"!... וואָס זאָגט איר אויף אַזאַ לעקיש?

קיצור־הדבר, זיי האָבן זיך נ י ש ט געגט. און גאָט האָט גע־האָלפן — שוין אַ יאָר זעקס, אַז זי האָט אָנגעהויבן צו קינדלען, קינדלט זי וואָס אַ יאָר, וואָס אַ יאָר; שיט מיך אָפּ מיט אייניקלעך!

איר זאָלט זען ביי מיר אייניקלעך — אַלע געראָטענע, איינס שענער פונעם אַנדערן, און זייערע פּנימער נישט אַריינצוקוקן! איך זאָג אייך — אַנטיקלעך!

היינט ווי אַזוי לערנען זיי! טאָמער ווילט איר אַ בלאַט גמרא — איז אַ בלאַט גמרא אויסנווייניק. פון חומש מיט רש"י, מיט תנ"ך, מיט דקדוק, מיט די אַלע איבעריקע היינטיקע שאַלעמויזן שמועסט מען נישט. זייער לייענען און זייער שרייבן יידיש און רוסיש און דייטש און פראַנצויזיש, און און און...

אַז איך באַדאַרף אַמאָל אַ בריוול איבערלייענען, אַן אַדרעס אָנ־שרייבן, צי וואָס — ווערט אַ מלחמה: „זיידעניו, אָט וועל איך! זיידעניו, אָט וועל איך!".

אי וואָס, איר וועט פרעגן „פּרנסה"? עט, פאַראַן אַ גרויסער גאָט! ער פירט אויס. אַמאָל אַזוי, אַמאָל אַזוי. אַמאָל בעסער, אַמאָל ערגער. מאָלט אייך, מער ערגער ווי בעסער — מע מוטשעט זיך און מע קומט דורך מיטן יאָר, אַבי געזונט, ווי זאָגט איר.

מיין עלטערן זון איז געגאַנגען נישט שלעכט. ער איז געזעסן אין אַ דאָרף, אין זלאָדיעווקע איז ער געזעסן, און געהאַט גאַנץ פיין פּרנסה; נאָר אַז ס'איז אַרויס דער אוקאַז פונעם דריטן מאַי, האָט מען אים גע־בעטן מחילה; האָט ער ראָך מסתמא געבריהט זיך, געוואָלט אויפווייזן,

אַז ער איז נישט קיין „פּאָסעליוושייסיא“, געבראַכט פּאַפּירן, אַז ער זיצט דאָרטן נאָך פון ששת ימי בראשית, דערלאַנגט אין סענאַט. בקיצור, ס'האָט נישט געהאָלפן קיין שמע־ישראל, מע האָט אים אַרויסגעטריבן, און ער קאָן נאָך ער היום צו זיך נישט קומען... זיצט ער ביי מיר מיט ווייב און קינדער. אַ ברירה האָט מען?

און דעם אַנדערן זון מיינעם גייט נעבעך גלאַט נישט. וואָס ער זאָל נישט טאָן — איז שלים־שלים־מזל, ווי זאָגט איר, „מיט דער פּוטער אַראָפּ“. קויפט ער תבואה, ווערט אַ זול. האַנדלט ער איין אָקסן, פּגרן זיי. רירט ער זיך צו צו וואַלד, איז אַ וואַרעמער ווינטער — אַ בר־מזל! ער זאָל אַ קוק טאָן אין טייך, וואָלטן געפּגרט אַלע פיש... האָב איך מיך מיישב געווען און זאָג צו אים: „ווייסט וואָס? פּעקל זיך אַריבער מיט ווייב און קינדער צו מיר. ממה נפשך!“...

דעם דריטן זון מיינעם איז יאָ געווען נישקשה, איז ער אין היצר גרויסער שרפה, נישט היינט געדאַכט, אָפּגעברענט געוואָרן, אַרויס ווי די מאַמע האָט אים געהאַט, און האָט נאָך געהאַט אויף זיך אַ גוט פּעקל מיט אַ מסירהלע, מיט אַ סלעדאָוואַטעל, מיט צרות, מיט אַ פּריזיוו — פרעגט נישט — ס'איז גוט!... היינט זיצט ער ביי מיר מיט דער גאַנצער כאַליאַס־טרע. וואָס דען?...

נאָר איין קלענערן זון מיינעם איז, קיין עין־הרע, גאַנץ נישקשהדיק. שייך זאָגן נישקשהדיק? קיין געלט האָט ער נישט, ער האָט א רייכן שווער. האָס הייסט, ער איז נישט אַזוי רייך, ווי אַ בעל־פּרנסה, האָט גע־שעפּטן א סך. א גרויסער הרייער, א „קרוטין“, זאָל דער אויבערשטער שומר ומציל זיין! ער הרייט אַזוי לאַנג, ביז ער פּאַרהרייט אי זיך, אי יענעם. נאָר וואָס דען? ער דרייט זיך אַלעמאָל אוים, דער הונט. ער האָט שוין נישט איינמאָל געפּטרט אי זיין געלט, אי די קינדערס געלט. זאָג איך צו אים: „וואָס האָט איר געהאַט צו מיין זונס געלט?“ זאָגט ער: „איר האָט עפּעם אַריינגעלייגט אַ סך פּיטער?“... זאָג איך: „מיין זון איז מיר דערוויל אַ קינד“. זאָגט ער: „און מיין טאָכטער איז ביי מיר נישט קיין קינד?“ זאָג איך: „עט!“ זאָגט ער: „בע!“ זאָג איך: „מילא!“ זאָגט ער: „בקיצור!“. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט — האָב איך אַוועקגערופן מיין שמויגער און זאָג צו אים: טו אַ שפּיי, זאָג איך, אויף דיין שווער דעם נגיד, דעם הרייער, און זעץ דיך אַוועק ביי מיר — וואָס גאָט וועט געבן, אַבי אינאיינעם“...

זעט איר, צו איידעמס האָב איך גאָר קיין גליק נישט. אָבער טאַקע לחלוטין נישט! דאָס הייסט, איך האָב צו זיי קיין טענות נישט, און שעם זיך חלילה נישט מיט זיי, וואָרום איך האָב, מעגט איר מיר גלויבן, אַזעלכע איידעמס, וואָס דער גרעסטער גביר פאַרמאָגט זיי נישט. פיינע קינדער, מיוחסים, פאַרשוינען, קעפּמענטשן!

איינעם האָב איך אַן איידעם פון גאָר אַ גרויסן יחוס, אַ צאַצקעלע. אַ זיידן קינד, אַ געראָטענער מיט אַלע מעלות און אַ גרויסער למדן, זיצט און לערנט. איך האַלט אים ביי זיך אויף קעסט פון נאָך דער חתונה אָן, וואָרום ווען איר זאָלט אים קענען, וואָלט איר געזאָגט, אַז ס'איז גאָר אַן עבירה אַרויסצולאָזן אַזעלכעס אויף דער וועלט — וואָס וועט פון אים ווערן?

דעם אַנדערן איידעם האָב איך שוין נישט אַזאַ יחוס, נאָר דאָס קרן איז אָבער אַן אַנטיק, דהיינו: וואָס ווילט איר? שרייבן, און לייענען, און חשבונען, און זינגען, און טאַנצן, און וואָס נישט? היינט שפּילט ער אין שאָך — אַז מע שמועסט, ער יכולט! פונדעסטוועגן, הערט איר, אַז ס'איז נישט באַשערט, ווי זאָגט שלמה המלך: לא לחכמים לחם — אַלע קענערס גייען אָן שטיוול. איך האָב אים שוין געפּרוווט אויף אַלע זייטן: ער איז שוין געווען אַ פּאָסעסער, און אַ קרעמער, און אַ מלמד, און אַ שדכן — עס גייט נישט, כאָטש צערייס זיך! זיצט ער איצט ביי מיר מיט די קינדער. איך וועל דאָך מיין טאָכטער אויף דער גאַס נישט אַרויסוואַרפן!

נאָך אַן איידעם האָב איך, שוין נישט אַזאַ גרויסער קענער, נאָר אויך נישט קיין אַבי־ווער. דער גוטער קאָפּ מיט דער שיינער האַנט, מיט דעם בלאַט גמרא, מיטן שיינעם פּיסק — אַז ער רעדט, שיטן זיך פּערל, אַ חיות צו הערן!

איין חסרון נאָר, וואָס ער איז צו אַן איידעלער, כמעט אַ רוחניות, דאָס הייסט, ער איז נישט איבעריק געזונט. דאָס הייסט, אפילו אַז איר וועט אַ קוק טאָן אויף אים אַזוי, איז ער, דאַכט זיך, גאָרנישט... נאָר וואָס הוסט? דאָס וואָס ער שוויצט. און דערצו נאָך דער הוסט! פון אַ צייט אַז ער האָט באַקומען אַ פּאַסקודנע הוסט מיט אַ מין קוויטש, און ס'איז אים שווער צו כאַפּן דעם אָטעם. דאָקטוירים הייסן אים טרינקען מילך און פאָרן קיין בויבעריק אויף אַ דאַטשע. אהין פאָרן, זאָגט מען, אַלע קראַנקע. דאָרטן, זאָגט מען, איז פאַראַן אַ וואַלד אַזעלכער, וואָס איז אַ רפואה צום הוסט. רעכן איך, אם ירצה השם, איבער אַ יאָר זומער, אַז גאָט וועט

שענקען דאָס לעבן, זיך דורכפאָרן מיט אים קיין בויבעריק. הערוויל, ביז ער וועט אמאָל ווערן געזונט, ליגט ער מיטן ווייב און קינדער, געוויינטלעך, אויף מיינע פלייצעס. עפעס א תירוץ?

הייגט האָב איך נאָך אַן איידעם, שוין גאָר אַ פּראָסטן, נאָר אַ האָרעפּאַשנעם יונג, דאָס הייסט, חלילה נישט קיין באַלמעלאָכע, נישט קיין שניידער, נישט קיין שוסטער, נאָר קיין חדר־יינגל אויך נישט.

ער איז אַ „פּיליער" איז ער; ער האַנדלט מיט פיש האַנדלט ער. זיין טאַטע האַנדלט מיט פיש, זיין זיידע האָט געהאַנדלט מיט פיש, די גאַנצע משפּחה זייערע ווייסן — נאָר פיש און נאָר פיש!

דאָס הייסט, זיי זענען אפילו גאַנץ ערלעכע יידן, אָרנטלעכע, נאָר פּראָסטע מענטשלעך.

וועט איר דאָך פרעגן: ווי קומט צו מיר אַזאַ איידעם? מסתמא איז דערינען פאַראַן אַ מעשה, ווי זאָגט מען: אין אַ טייך וואַרפן זיך דורך אַלערליי העכט. מסתמא איז מיין טאָכטערס גליק אַזוי, אַז זי באַדאַרף האָבן א ז א מאַן.

דאָס הייסט, האָבן האָב איך צו אים גאָרנישט; מיין טאָכטער לעבט פאַר אים הווקא גליקלעך. וואָרום בטבע איז ער דווקא אַ גוט מענטשל, אַ דימענט, צוגעלאָזט, הערט איר, צו אונדז אַלעמען ביז גאָר, וויפל ער פאַרדינט גיט ער אָפּ איר, און העלפט אויס יענע איידעמס מיינע און די זין ווי ווייט מעגלעך. וואָס איז שייך זאָגן? — ער האָרעוועט כמעט אינגאַנצן אויף אונדז, און האָט פאַר אונדז אַלעמען דרך־ארץ, וואָרום ער ווייסט גאַנץ גוט, ער פילט, פאַרשטייט איר מיך, ווער ע ר איז און ווער מ י ר זענען; ער איז ער און מיר זענען פאָרט מיר! מיט דער האַנט, הערט איר, קאָן מען דאָס נישט אַוועקמאַכן.

וואָרום אַז עס מאַכט זיך אַמאָל, מע קומט זיך צונויף צווישן מענטשן, און מיינע קינדער מאַכן אַ שמועס מכוח די קליינע אותיות, עפעס אַ דין אין שולחן ערוך, צי אַ שאַרף שטיקל גמרא, צי גלאַט אַ פסוק, מוז ער נעבעך זיצן און שטומען, וואָרום ס'איז פאַר אים, נישט דאָ געדאַכט, אַ סוד!

אוודאי מעג ער זיך איבערנעמען, וואָס ער האָט אַזוינע שוואָגערים, און מעג האָרעווען פאַר זייערטוועגן! ווי זאָגט איר? נישט אַזוי? האָ?

אַציגד, אַז איר זענט שוין אַ ביסל באַקאַנט מיט מיין געזינדל, פאַרשטייט איר שוין וואָס פאַרא שמחה ביי מיר איז און וואָס פאַר אַ נחת איך האָב, אַז עס קומט אַ יום־טוב, למשל, פורים צו דער סעודה,

און אַלע קינדער מיט אַלע אייניקלעך, קיין עין־הרע, זעצן זיך אויס אַרום טיש, און מע מאַכט המוציא איבער דעם שיינעם גרויסן קלוגן פּורים־קוילעטש, וואָס מיט זאַפראַן און מיט ראָזשינקעס אָרומגעשטעקט, מיט די גוטע געפּעפּערטע און געצוקערטע פיש מיט כריין, מיט די גוטע געלע לאַנגע לאָקשן מיט יויך, און מע נעמט צו קאַפּלעך משקה, אַז גאָט העלפט אַ פּלעשל ווימאַראָזיג, אַן אמתער „קאָוועשאַנער“, אָדער אַ גלעזל גוטן ווישניק, אַבי ס'איז נאָר דאָ, און פּאַר נויט — איז אַ פּראָסט ביסל יי"ש אויך אַ כתורה, און מע טוט אַ זינג, איך דעם שושנת יעקב, און נאָך אַמאָל — שושנת יעקב! און ווידער אַמאָל — שושנת יעקב! טוען אַ כאַפּ אונטער די קינדער:

צהלה ושמחה!

און די קליינע שקצים, די אייניקלעך, אויפן דינעם קולכל:

אורה ליהודים! אורה ליהודים!

און מע גייט נאָך אַ טענצל אויך, — דעמלט ווער איז צו מיר גלייך? וואָס מיר בראָצקי, ווער מיר ראָטשילד? אַ מלך, ווי איר זעט מיך אַ יידן, אַ מלך!

קיין נגיד, הערט איר, בין איך נישט, נאָר נחת פון קינדער האָב איך, ברוך־השם, מער פונעם גרעסטן גביר אין כתרילעווקע!

# קיין עין־הרע נישט

(מאָנאָלאָג)

— ווי איר זעט מיך אָט־אָ — מאַכט צו אונדז אַ כתּרילעווקער באַלעגאָלע, וואָס האָט זיך אויסגעדרייט צו אונדז אין דער בויד אַריין, און די פערדלעך מיטן וואָגן האָט ער געלאָזט אויף גאָטס באַראָט — ווי איר זעט מיך אָט־אָ, בין איך מיר אַ ייד מיט קיין עין־הרע צוויי פערדלעך אייגענע; יענער, דער בולאַנער, איז ביי מיר שוין קיין עין־הרע דאָס אַכטע יאָר, ווי איר קוקט אים אָן, אַ שווערפּיסיקער, נישט אַזאַ לויפער, נאָר אַ „נעמער“ קיין עין־הרע אַ גוטער, און דער קאַשטאַנעוואַטער איז אויך קיין עין־הרע אַ יאָדעריק פערדל. מיט אַזעלכע צוויי פערדלעך, אַז גאָט שיקט צו גוטע פאַרשווינדלעך, און אַ סך, קאָן מען האָבן פּרנסה קיין עין־הרע מיטן פולן מויל, און פּרנסה — דאָס מוז מען, וואָרום אין דער היים איז פאַראַן אַ ווייב מיט קיין עין־הרע זעקס פּיקערס: זי קינדלט קיין עין־הרע אַלע יאָר, אסתּר הייסט זי, און דערפאַר האָט זי טאַקע אַ פּנים פון אַ רוח. געווען אַזאַ שיינע קיין עין־הרע, אַזאַ איידעלע, אַ צורה־מלוכה, בשעת איך האָב חתונה געהאַט פאַר איר: כ'בין נאָך דעמלט געווען אַ שמייסער ביי יענעם, אַ בחור קיין עין־הרע אַן אייזן. וואָס מיר ווינטער? וויצר מיר זומער? וואָס מיר שניי? ווער מיר בלאָטע? איבערגעקערט זיך דער וואָגן? אַליין געטומען אויף די פּלייצעס און אַליין קיין עין־הרע אויפגעהויבן אים פון דער בלאָטע, אפילו זיך נישט פאַרקרימט. אָט אַזאַ מין פאַרשוין בין איך געווען. און זי, אסתּר הייסט דאָס, איז געווען אַ יתומה, און הווקא אַ באַלעבאַטיש קינד, אַ מלמדס אַ טאָכטער, נאָר מחמת זי איז געווען נישט איינע, קיין עין־הרע אַכט שטיק זענען זיי געווען, און די מוטער איז אַן אָרעמע אלמנה, האָט זי געבעד זייער געוואָלט חתונה מאַכן די טאָכטער. האָט מען איר גערעדט שידוכים קיין עין־הרע די שענסטע, די פיינסטע שידוכים. נאָר איין חסרון — קיין געלט

איז נישט געווען. און מיר זענען געזעסן אונטער איין דאַך, זענען מיר געזעסן. רוף איך זיך אָן צו איר איינמאָל, צו אסתרן הייסט דאָס, יום־טוב איז דאָס געווען, אלע זענען געווען אין שול: „אסתר, זאָג איך, וועסט מיך נעמען?“ שווייגט זי. זאָג איך „אסתר, זאָג איך, קוק נישט, זאָג איך, וואָס איך בין אַ שמייסער, זאָג איך, ביי יענעם איך האָב צעגויפּ־געשלאָגן, זאָג איך, מיין אייגנם קיין עין־הרע אַ קערבל עטלעכע און דריי־סיק; האָב איך נאָר חתונה, זאָג איך, אַזוי קויף איך מיר באַלד אַ פּערדל און ווער אַליין, אם ירצה השם, אַ באַלעגאָלע, זאָג איך, און אַ יינגל, זאָג איך, בין איך קיין עין־הרע אַ האָרעפּאַשנער, האָרעווען קאָן איך, עס וועט דיר, זאָג איך, זיין ביי מיר קיין עין־הרע גוט ווי די וועלט, פונעם שענסטן און פונעם בעסטן!“. שווייגט זי.

קיצור, מיר האָבן חתונה געהאַט. אַז מיר האָבן חתונה געהאַט, האָט זי באַלד אָנגעהויבן קינדלען, קיין עין־הרע אַלע יאָר, אַלע יאָר אַ קינד; און אַז זי האָט אָנגעהויבן צו קינדלען, האָט זי אָנגעהויבן קרענקען, און אַז זי האָט אָנגעהויבן צו קרענקען, האָט זי געקרענקט און געקרענקט, אַוועקגעקרענקט אַ צייט! זאָג איך צו איר: „אסתר, וואָס וועט זיין, זאָג איך, דער תכלית, וואָס דו קרענקסט?“ לאַכט זי. „אסתר, זאָג איך, דו לאַכסט און מיר טריפט זיך בלוט, קוקנדיק אויף דיר; טאָמער זאָג איך, וואָלטן מיר זיך דורכגעגאַנגען צום דאָקטער? אפשר, זאָג איך, וועט ער געפינען עפּעס אַ סגולה?“... האָבן מיר זיך אָנגעהויבן צו קלייבן צום דאָקטער, האָבן מיר זיך געקליבן און געקליבן, וואָרום ווען האָב איך צייט, משטיינס געזאָגט, אַז די גאַנצע וואָך איז מען קיין עין־הרע אין דער אַרבעט? סיידן שבת?

קיצור, מיר האָבן זיך אַרויסגעריסן איינמאָל אין אַ שבת צום דאָק־טער. געקומען צום דאָקטער, פרעג איך דעם דאָקטער: „וואָס טוט מען, זאָג איך, פּאַני מאַרשאַלקו, וואָס זי קרענקט?“ נעמט ער און באַטראַכט זי און הערט זי אויס און רופט זיך אָן צו מיר: „דיין ווייב איז נישט גע־זונט“. זאָג איך צו אים: „פּאַני קאָנסוליארזשע, גוט וואָס איר האָט מיר געזאָגט, אַנישט, וואָלט איך נישט געוווּסט!“ מאַכט ער צו מיר: „נישט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן; איך האָב דיר געוואָלט זאָגן, זאָגט ער, אַז דו באַדאַרפסט זי אָפּהיטן, היטן ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג; זי טאָר, זאָגט ער, נישט האָבן קיין קינדער מער, וואָרום טאָמער האָט זי נאָך אַ צווייי קינדער, זאָגט ער, וועט זי קלאַפּירן“. „קלאַפּירן? — זאָג איך. — ביי'סט אייך אָפּ די צונג, פּאַני! זי איז ביי מיר, זאָג איך, איינע,

זי איז ביי מיר טייערער פון זיך אַליין, און פון מיינע צוויי פערדלעך אפילו, און איר הערט נאָר פון קלאַפּירן, זאָג איך. וואָס טויג מיר, זאָג איך אייערע עצות? איר גיט איר עפּעס אַ רפואה, זאָג איך, אַ סגולה, זי זאָל אויפהערן, זאָג איך, קרענקען!"... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ער האָט איר פאַרשריבן א רפואה, פּראָשקעס אַזעלכע, און מיר גייען אַהיים. גע־קומען אַהיים, זאָג איך צו איר: „אסתר האָסט געהאָרכט וואָס הער קלוי־גער דאָקטער האָט געזאָגט?"... לאַכט זי.

קיצור, עס גייט אַוועק נאָך אַ יאָר און נאָך א יאָר, און וואָס ווייטער ווערט זי ערגער און ערגער, און די קינדער, איר זאָלט זען, דווקא קיין עין־הרע איבערגעוואַשענע קינדער, איינס און איינס. דאָס עלטערע ייִנגל שוין אַלט קיין עין־הרע דאָס דרייצנטע יאָר, געגעבן אים אין חדר, געוואָלט מאַכן פון אַ למדן — ווער, וואָס? אַז דער קאָפּ איז אים נאָר ביי די פערדלעך! און אַזוי איז דער אַנדערער, און אַזוי איז דער דריטער. איך קום צו פאָרן אַהיים און שפּאַן אויס די פערדלעך — אהא! מיין חברה קיין עין־הרע איז דאָ: איינער אויפן וואָגן, דער אַנדערער אונטערן וואָגן, איינער אויף איין פערדל, דער אַנדערער אויפן אַנדערן פערדל, און דער קלענערער זיצט גאָר רייטנדיק אויפן דישעל. „ווייסע־הברהניקעס, זאָג איך, נישט געדאַכט זאָלט איר ווערן! נעבײ וואָלט איר בעסער חשק געהאַט צום סידור!"... עס פאַרדריסט מיך, סטייטש, ס'ז קאָסט מיך בלוט, איך צאָל שכר־לימוד, ווער פאַרשוואַרצט א גאַנצע וואָך, פאָר אַרום היין צוריק מיטן ביידל, פאַרדין טאַקע קיין עין־הרע דאָס שטיקל ברויט, אָבער טאַקע נישט מער ווי דאָס שטיקל ברויט, מחמת די גרעסטע העלפט גייט אַוועק אויף זיי, להבדיל, אויף די פערד־לעך הייסט דאָס, זיי דאַרפן קיין עין־הרע היי און האָבער אַלע טאָג, דעם וואָגן שמירן דאַרף מען אויך, און א שטוב קיין עין־הרע אויסהאַלטן איז גישט קיין ווערטעלע, און אַליין איז מען אויך א מענטש, אונטער־וועגנס קיין עין־הרע אַליין א באַלעגאָלע, שוין נישט קיין שמייסער ביי יענעם, אַמאָל אַביסל בראָנפן, אַמאָל פאַרבייסן, די נשמה אויסשפּייען קאָן מען נישט, און אין מיטן דרינען, טראַך, פאַלט גאָר אַ פערד, איז אַן עק, אוים גדולה!

אַ שטיקל גליק, הערט איר, פאַר נאַשבראַט, וואָס גאָט האָט געשענקט אונדז דאָס שטיקל שבת — א מתנה פון זיין ליבן נאָמען. קומט שבת, ווערט איר מיך נישט דערקענען, קיין עין־הרע גאָר אַן אַנדער מענטש!

אַז איך קום פאַרפרי פרייטיק אַהיים, איז ראשית חכמה פון אַלע ראשית חכמות — אין מרחץ אַריין. דאָרטן פאַרגע איך מיך קיין עין=הרע אויס אויף אַלע זייטן, ווערט אויף מיר אַ נייע פעל. איך קום אַהיים אַ פרישער, אַ צאַפּלדיקער, טרעף איך אויפן טיש די שיינע צוויי אויסגעריבענע מעשענע לייכטער מיט קיין עין=הרע צוויי גרויסע קוילעטשן, און די קלוגע פיש קיין עין=הרע לאָזן זיך הערן שוין פונעם אויפן=אויוון איבער דער גאַנצער שטוב, און אין שטוב איז וואַרעם קיין עין=הרע, ריין און ציכטיק אין אַלע ווינקעלעך, כאָטש שפּיגל זיך, דער טשאָלנט איז פאַררוקט, דער פריפּעטשיק אָפּגעשמירט, די קאַץ וואַרעמט זיך, און איך להבדיל בין מעביר די סדרה קיין עין=הרע צוויי מאָל; נאָכדעם גיי איך מיר אין שול אַריין דאַווענען און קום אַהיים מיטן ברייטן גוט=שבת, זאָג אָפּ די שלום=עליכמס, מאַך קיין עין=הרע דעם פיינעם קידוש איבער קיין עין=הרע אַ גוט ביסל בראַנפן, עס אָפּ קיין עין=הרע די גוטע וועטשערע, די אמתע פיש, די ריינע יויך מיטן צימעסדיקן צימעס, און לייג מיך רוען. שלאָף איך אָפּ קיין עין=הרע די נאַכט ווי אַ מלך; און אין דער פרי גיי איך מיר אין שול אַריין, קיין עין=הרע ווי אַ גראַף, און אין דער היים וואַרטן שוין אויף מיר קיין עין=הרע אַלע שבתדיקע מאכלים: דער באַלעבאַטישער רעטעך מיט די כשרע ציבעלעס, די געהאַקטע אייער מיטן שיינעם לעבער, די פיינע פּעטשאַ מיטן לייטישן קנאָבל, די הייסע יויך מיטן פעטן קוגל, וואָס רינט פון אים קיין עין=הרע די שמאַלץ ווי פון אַ וואָרעמשיק. אוודאי קאָן מען נאָך אַזאַ מין סעודה קיין עין=הרע גוט שלאָפן. און אז מע שלאָפט זיך אויס נאָך אַזאַ וואַרעמעס, וויל מען דאָך קיין עין=הרע אַ טרונק. און אז מע ברענגט אויפן הארצן, זאָגט איר, איז עפּלוואַקס נישט קיין שלעכט ביסל משקה, און באָרלעד=צימעס נישט קיין שלעכט מאכל. און אז מע טרינקט אויס אַ קוואָרט עפּלקוואַס קיין עין=הרע און מע פאַרבייסט מיט באָרלעד=צימעס, נעמט מען זיך צום תהילים און מע רייבט קיין עין=הרע געשמאַק איין קאַפּיטל נאָכן אַנדערן; זיי פליען קיין עין=הרע, די קאַפּיטלעך, ווי די ווערסטן אויפן גרויסן טראַקט, איינס נאָך דאָס אַנדערע, איינס נאָך דאָס אַנדערע, אָן אַ פּאָפּאָס, וואָרום ווי איר זעט מיך, כאָטש אַ באַלעגאָלע, גייט ביי מיר קיין עין=הרע דער תהילים, ווי אַ מזמור, הלוואַי וואָלטן אַזוי מיינע ממזרים געקאָנט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר נאָך טאַטע=מאַמע, אַ רוח אין זייער פאָטער און מוטער אַריין — — — טפרררררו, איינגעזונקען זאָלט איר ווערן!...

אַזוי האָט אויסגעלאָזט פּלוצעם דער כתרילעווקער באַלעגאָלע צו זיינע פּערדלעך, דעם „בולאַנעם“ מיטן „קאַשטאַנעוואַטן“, וואָס האָבן א נעם געגעבן דעם וואָגן באַרג=אַראָפּ און געגעבן א טראָג אַוועק אים פּייל אויסן בויגן. און איידער מיר קוקן זיך אַרום, ליגן מיר אַלע מיטן וואָגן אונטערן באַרג אין דער בלאָטע. די פּאַרשוינען, וואָס זענען געזעסן „פּאָריטש“, אַקעגן אונדז, ליגן, מחילה, פון אונטן; און מיר, בויד=פאַרשווינען — פון אויבן, אויף זיי. און דער „בולאַנער“ מיטן „קאַשטאַנעוואַטן“, פאַרוואָרפן די קעפּ אַרונטער, באָרבלען זיך מיט די פיס, באַרכלען, ווילן געבער אַרויסקאַראַשקען זיך — און קאָנען נישט.

— פון זינט איך בין צו מיין שכל געקומען, הערט איר, — אַזוי מאַכט צו אונדז דער כתרילעווקער באַלעגאָלע, א פאַרשעמטער, נאָכדעם ווי ער האָט אויפגעהויבן די פערד מיטן וואָגן מיט אַלע פּאַרשוינען — פון זינט איך בין א באַלעגאָלע, קיין עין=הרע שוין עטלעכע און צוואַנציק יאָר, טרעפט זיך מיר, איך זאָל דאָ ליגן באַרג=אַראָפּ מיטן וואָגן וויפל מאָל, מיינט איר? — סך=הכל ד אָ ס ד ר י ט ע מ אָ ל, קיין עין=הרע נישט!...

# אים מעג מען מקנא זיין

זינט כתרילעווקע איז א שטאָט געדענקט דאָרט קיינער נישט אַזאַ לוויה, ווי עס האָט געהאַט רב מלך דער חזן.

רב מלך דער חזן איז געווען א ייד אן אָרעמאַן, אן עני ואביון, גלייך מיט אַלע כתרילעווקער באַלעבאַטים, און האָט פאַרדינט אַזאַ לוויה נאָר דערפאר, וואָס ער איז געשטאָרבן יום־כיפור צו נעילה.

אַזוי שטאַרבט אַ צדיק, א גרויסער צדיק.

די זון האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין, זיך געזעגנט מיט כתרילעווקע און אריינגעקוקט דורך די פענצטער פונעם אַלטן בית־המדרש און באַלייכט די טויטע אויסגעמוטשעטע פנימער, די געלע טליתים מיט די ווייסע קיטלען פון די באַלעבאַטים, וואָס האָבן אויסגעזען ווי לעבעדיקע מתים.

דאָס, וואָס ווערט אָנגערופן הונגער, האָבן שוין די דאָזיקע לעבעדיקע מתים לאַנג אויפגעהערט צו פילן. זיי האָבן נאָר געפילט, אַז עס לאָזן זיך אוים די כוחות, אַז עס גייט זיי אוים דאָס חיות. זיי זענען געזעסן איבער די מחזורים, געשאָקלט זיך, געקוויקט זיך ווער מיט „חלש־טראָפנס" און ווער מיט א שמעק טאַבעקע, און געזונגען. אונטערגעהאָלפן רב מלך דעם חזן.

רב מלך דער חזן, א שיינער ייד מיט א לאַנגער באָרד, מיט א ברייטן קאָלנער, איז פון גאַנץ פרי אָן געשטאַנען פארן עמוד אויף די פיס; ער איז געשטאַנען פאַרן רבונו־של־עולם מיט אויפגעהויבענע הענט, געדאַוונט געטריי, געשמאַק, געוויינט און געבעטן ביי אים רחמים פאר די באַלעבאַטים, וואָס האָבן אים געשיקט פאר א שתדלן, א כאָהאָטיי, מע זאָל זיי מוחל זיין זייערע גרויסע זינד און מע זאָל זיי אָנחתמענען א גוט קוויטל, אָנצייכענען זיי א גוט יאָר.

אויף אַזאַ אַדוואָקאַט, ווי רב מלך, האָבן זיך די באַלעבאַטים פון דעם אַלטן בית־המדרש, נישקשה, געקאָנט פאַרלאָזן.

ערשטנס, די געמבע; אַלטע באַלעבאַטים דערציילן, אַז אין דער יוגנט האָט ער, זאָגט מען, געהאַט אַ שאַרפע שטימע, אַ „שאגת ארי“; האָט ער געעפנט אַ מויל, האָבן געציטערט די ווענט פונעם בית־המדרש און עס האָבן געקלונגען די פענצטער.

היינט איז ער געווען אַ גרויסער בעל־בכי, פלעגט וויינען, גיסן, ווי אַ בערעזענע, און אויף אים קוקנדיק — דער גאַנצער עולם.

אויף דער עלטער איז ביי אים די שטימע געוואָרן אַ ביסל צוגעלע־גערט און ס'איז אים פאַרבליבן נאָר דאָס וויינען — נאָר אַזאַ וויינען, וואָס קאָן נעמען אַ וואַנט, אויפוועקן אַ טויטן.

רב מלך הייבט אויף ביידע הענט און טענהט זיך אויס מיטן רבונו־של־עולם מיטן געוויסן וויינענדיקן ניגון פון נעילה:

— אוי־וויי, טאַטע! אוי־וויי, פאָטער! אוי־וויי, אוי־וויי!...

און איטלעכער בשעת־מעשה האָט חרטה אויף זיינע גרויסע זינד, בעט ביי גאָט, ער זאָל אָפּמעקן, מוחל זיין, פאַרגעסן, און שענקען זיי אַ גוט יאָר פאַר זיי און פאַר זייערע נאַקעטע, באָרוועסע הונגעריקע קינדערלעך.

און דערמאָנען זיי זיך אין זייערע הונגעריקע, נאַקעטע און באָרוועסע קינדערלעך, די אומשולדיקע נפשות נעבעך, ווערט זיי דאָס האַרץ צע־גאַנגען אַזוי ווי וואַקס, און זיי זענען גרייט צו פאַסטן נאָך דריי טעג מיט נאָך דריי נעכט, אַבי אויסבעטן ביי דעם וואָס לעבט אייביק אַ גוט יאָר...

און רב מלך דער חזן, אַ ביסל אָפּגערוט זיך און איבערגעכאַפּט דעם אָטעם, טוט ער זיך אַ קאַטשע אויפן האַלדז, אַ ציקל אויפן אַלט־שטייגער:

— אַטונעם־נעם־נעם־דע־ע־ע־עי! אַטונעם־נעם־נעם־דע־דע־צ־עי! ע־ע־עי!... — און לאָזט אויס ווידער מיט אַ געבעט און מיט אַ געוויין:

— אוי־וויי! אוי־וויי!... אוי־וויי!...

און פּלוצעם ווערט מיטאַמאָל שטיל, און עס הערט זיך עפּעס אַ פאַל און אַ קלאַפּ און אַ שטופּעריי און אַ שושקעריי:

— ששש... שאַ... שאַ! ממ... ממ...! אי־אַ־נו! שמש! שמש!

לויפט צו חיים שמש און כאַפּט אונטער רב מלך דעם חזן אונטער די הענט, און רב מלך דער חזן פאַרוואַרפט דעם קאָפּ אַרונטער, די אויגן האַלב־אָפן, דאָס פּנים ווייס ווי קאַלך די ליפּן טויט, און עפּעס אַ שמייכעלע, אַ ביטער שמייכעלע שפּילט אויף זיי.

דער עולם טוט זיך אַ וואָרף. מע טראָגט אים אונטער חלש־טראָפּן צו דער נאָז, מע שפּריצט אים אָפּ מיט וואַסער, מע קוועטשט אים ביי

די שלייפן — בלאָטע! רב מלך דער חזן איז טויט. רב מלך דער חזן איז געשטאָרבן......

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א וואָלף, אַז ער כאַפּט זיך אריין אין דער טשערעדע און פאַרצוקט א שעפעלע, ווערט צווישן די איבעריקע שאָף א טומל, א מהומה אויף א ווילע; נאָכדעם שלאָגט מען זיך צענויף אַלע איינאיינעם און מע הייבט אָן ציטערן מיט אַלע גלידער.

אַזוי איז געווען אינעם אַלטן בית־המדרש, בשעת רב מלך דער חזן איז געשטאָרבן.

עס איז געוואָרן אויף א ווילע א טומל, א גערודער: פון דער־ווייבערשער שול האָט זיך געלאָזט הערן א מאָדנער קוויטש דאָס האָט צביה די חזנטע געחלשט, און אויף איר קוקנדיק זענען געפאַלן חלשות נאָך עטלעכע ווייבער.

האָט רב יוזיפל דער רב אַ ווונק געטאָן צו די גבאים, און די גבאים האָבן א פּאַטש געטאָן אין די שטענדערס, ס'זאָל זיין שטיל. און חיים דער שמש (ער איז טאַקע געווען בעל־שחרית) איז צוגעגאַנגען צום עמוד און האָט זיך געשטעלט דאַווענען ווייטער. און דער גאַנצער עולם האָט געדאַוונט ווייטער, ביז רב ניסל בעל־תוקע האָט געגעבן דעם לעצטן בלאָז.

נאָכדעם האָט מען געמאַכט א ברכו, זיך געשטעלט דאַווענען דעם וואָכעדיקן מעריב, און אַז מע האָט אָפּגעדאַוונט דעם וואָכעדיקן מעריב, איז מען געגאַנגען אַרויס מחדש זיין די לבנה, און אַז מע האָט מחדש געווען די לבנה, איז מען ערשט דערמלט געגאַנגען אהיים זיך אָפּפאַסטן, ווער מיט אַ פּערטל עוף פון די כפּרות און מיט א גלעזל ווארעמס, און ווער מיט א שטיקל ברויט מיט הערינג און מיט גלאט א טרונק וואַסער.

אין א שעה אַרום נאָכן אָפּפאַסטן זיך איז דער גאַנצער שול־הויף שוין געווען פאַרפלייצט מיט מענטשן. ס'איז גישט געווען קיין שפּילקע דורכצווואַרפן.

יידן און ווייבער, יינגלעך און מיידלעך, קינדער פון די וויגעלעך — אַלע זענען זיך צונויפגעקומען אויף דער לוויה.

באַלעבאַטים האָבן זיך אַליין מתעסק געווען אין דער מצווה, נישט צוגעלאָזט די שמשים. אַ קלייניקייט — אַזאַ מת!

די נאַכט איז געווען א ליכטיקע און א וואַרעמע. די לבנה האָט אַראָפּגעשיינט אויף כתרילעווקע און האָט אָנגעקוועלט פון די אָרעמעלייט,

וואָס זענען געקומען אָפּגעבן כבוד רב מלך דעם חזן פאַר זיין אַוועקגיין אַהין אין זיין ווייטן וועג אַריין. און אַז מע האָט זיך אָפּגעשטעלט מיט דער מטה קעגן אַלטן בית־המדרש, האָט זיך רב יוזיפל דער רב אַוועקגעשטעלט מאַכן אַ הספּד, און דער גאַנצער עולם האָט געוויינט.

רב יוזיפל דער רב האָט אויסגעוויזן מיט פּסוקים און מיט מדרשים א סך, אַז רב מלך דעם חזנס טויט איז נישט קיין געוויינטלעכער טויט פון א געוויינטלעכן מענטשן, אַז אַזוי שטאַרבט נאָר א צדיק, און א גרויסער צדיק, אַז אַזא צדיק גייט פון דאַנען גלייך אין גן־עדן אַריין, אַזאַ צדיק דאַרף איטלעכער מקנא זיין, און איטלעכער באַדאַרף זיך ווינטשן אַזאַ טויט, וואָרום נישט איטלעכער איז זוכה צו שטאַרבן יום־כיפּור צו נעילה ביים עמוד, ווען גאָט האָט מוחל געווען אַלע זינד — און אַזאַ צדיק, אַז ער פאָרט אָפּ פון שטאָט, באַדאַרף די גאַנצע שטאָט אים גיין באַגלייטן, און אזא צדיק, אז ער שטאַרבט אָפּ אין שטאָט, באַדאַרף די גאַנצע שטאָט וויינען און קלאָגן.

— וויינט זשע, יידן, און קלאָגט אויף דעם צדיק, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן, און בעט אים, ער זאָל דאָרט זיין א מליץ־יושר פאַרן כסא־הכבוד צום נייעם יאָר, טאָמער וועט ער טאַקע אויסבעטן פאַר אונדז אַלעמען א גוט־יאָר, — שוין צייט גאָט זאָל רחמנות האָבן אויף כתרילעווקע און אויף אירע יידן!...

דער גאַנצער עולם האָט געוויינט, געגאָסן מיט טרערן און געגלויבט, אַז זיי האָבן אַוועקגעשיקט פאַר זיך א גוטן שליח, א רעכטן שתדלן צום אויבערשטן.

אין דער מינוט האָט זיך איטלעכער געוווּנטשן צו זיין אויף רב מלך דעם חזנס אָרט.

און רב יוזיפל האָט, אפּנים, פאַרגעסן, אז ער רעדט מיט א טויטן, און האָט אויסגעלאָזט זיין הספּד מיט די דאָזיקע ווערטער:

— לך לשלום — גיי געזונטערהייט און זיי מצליח!...

לאַנג־לאַנג נאָכדעם האָט מען נישט אויפגעהערט צו דערציילן אין כתרילעווקע פון רב מלך דעם חזנס טויט און דער לוויה, וואָס ער האָט געהאַט, און מע האָט געזאָגט מיט א זיפץ:

—יאָ, א י ם מעג מען מקנא זיין...

# נישטא קיין מתים

ראש=חודש אלול בין איך געקומען קיין כתרילעווקע אויף קבר=אבות.

דאָס אַלטע=אַלטע כתרילעווקער בית=הקברות זעט אויס אַ סך שענער און אַ סך לעבעדיקער פון דער שטאָט אַליין. איר געפינט דאָ שטיבלעך=מצבות שענערע, ווי די שענסטע הייזער אין שטאָט. הײַנט וואָס איז ווערט דאָס, וואָס ס'איז דאָ טרוקן ווי פעפער, נישטאָ יענע ליימיקע זומפיקע בלאָטע, וואָס אין שטאָט? דאָ זעט איר פאַר זיך כאָטש גרינס, אַז עס קומט זומער=לעבן, אַ גרעזל, אַ צוויי=דריי באַרן=ביימלעך, איר הערט אַ פישטשען פון פייגעלעך, וואָס שפּרינגען פון איין צווייגל אויפן אַנדערן און שמועסן זיך אויס אויף זייער לשון. דאָ זעט איר פאַר זיך אַ גרויסע קיילעכדיקע בלויע יאַרמלקע מיט אַ לויטערע וואַרעמע זון. פון דער לופט שמועסט מען נישט, אַז דאָ איז זי טויזנט גראַד בעסער, פרישער און געזינטער ווי אין שטאָט. סיי דאָ סיי דאָרט ליגט מען דאָך אין דער ערד פיר איילן! דער חילוק איז נאָר, וואָס דאָ, אויפן בית=עלמין, ליגן די מתים אויף איין אָרט, און דאָרט, אין שטאָט, גייען זיי נאָך אַרום; דאָ רוען זיי שוין און ווייסן נישט פון קיין צרות, און דאָרט ווערן זיי נאָך פאַרשוואַרצט — און מי יודע, וויפל ס'איז זיי נאָך באַשערט אָפּקומען און מוטשען זיך אויף דער וועלט!...

געטראָפן האָב איך דאָרטן עטלעכע ווײַבער ליגן אויף די קברים, וויינען און שרייען און טענהן זיך אויס אויף אַ קול. איינע וועקט די מאַמע, זי זאָל אויפשטיין און אַ קוק טאָן איר איין=און=איינציקער טאָכטער, וואָס פון איר איז געוואָרן!

— זאָלסט אויפשטיין, מאַמעניו טײַערע מײַנע, האַרציקע, געטרײַע, און אַ קוק טאָן אויף דײַן איין=און=איינציקער בת=יחידה, אויף דײַן ציטערדיקער שרה=פערל, וואָס זי איז געווען בײַ דיר דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג, ווי אַזוי זי ליגט איצט אין דער ערד, אוי ווי איז מיר, וואַלגערט זיך אין שכנות מיט קליינע קינדער פיסקליאַטעס, וואָס גייען

גאַקעט, קיין העמדעלע אויפֿן לייב, וואָרום ער קרענקט כּסדר, ישׂראליק דיינער, פֿון זינט ער האָט זיך צוגעקילט דעמלט אויפֿן יאָריד קרענקט ער און האַקעטערט זיך, מע באַדאַרף אים געבן מילך, איז נישטאָ! און די קינדערלעך געבעך שרייען אויך „מאַני“, און ס׳איז נישטאָ! און דירה־געלט מאָנט מיך העניזל דער שנײַדער, ביי אים זיץ איך היינט, און ס׳איז נישטאָ! און פֿאַר הערשלען שׂכר־לימוד, ער ווערט היינטיקס יאָר בר־מצווה, דאַרף מען צאָלן נאָך פֿאַר יענעם זמן, און ס׳איז נישטאָ! צו וואָס מע נעמט זיך — איז נישטאָ, נישטאָ און נישטאָ!...

די אַנדערע איז געקומען צום טאַטן אויפֿן קבר זיך קלאָגן אויף איר מאַן, וואָס מע האָט איר געגעבן; מע האָט געמיינט אַן אַנטיק, אַ צאַצ־קעלע האָט מען געזאָגט. אַלע מיידלעך האָבן איר דעמאָלט מקנא געווען. צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז ער איז גאָר אַ שאַרלאַטאַן, אַן אויסברענגער, פֿאַרגינט זיך אָפּצוגעבן היינטיקן יום־טובֿ פֿאַר מפֿטיר פֿינף און פֿופֿציק „גילדן“, און פֿאַרן ערשטן פּסוק פֿון „אתּה הראית“ איז ער אַ בעל געווען אָפּצאָלן פֿאַראָיאָרן אַ דרייערל! און וויפֿל ברענגט ער אויס אויף די ביכלעך, וואָס ער קויפֿט אַלע מאָל — פֿאַר די ביכלעך וועט ער אָוועקגעבן דעם טאַטן מיט דער מאַמען, און וואָס איך קרענק און האָר — דאָס אַרט אים נישט!...

די דריטע איז געקומען אָפּגעבן מזל־טובֿ איר מאַן אויף יענער וועלט: זי מאַכט חתונה דאָס ערשטע קינד און האָט נישט מיט וואָס, אַפֿילו דאָס ערשטע האַלב־נדן, וואָס זי האָט צוגעזאָגט איינלייגן, האָט זי נאָך אויך נישט איינגעלייגט. קיין העמד נישט אויפֿן לייב, קיין פֿאַר שיך אַפֿילו, און ווער רעדט פֿון חתונה־הוצאות, קלעזמער, סאַרווערס, דאָס, יענץ — ווו וועט זי דאָס נעמען?...דער קאָפּ ווערט איר שיער נישט צע־פֿאַלן, טאַמער, חלילה, ווערט איר שידוך אויס — וואָס וועט זי טאָן?

און אַזוי אַלע איבעריקע ווייבער וויינען און באַקלאָגן זיך אויף זיי־ערע צרות, גיסן אויס זייער ביטער האַרץ דורך טרערן, רעדן זיך אויס אַ ביסל מיט זייערע ליבע און געטרייע, טאָמער וועט ווערן כאָטש אַ ביסל גרינגער אויף דער נשמה, און אַז מע וויינט זיך גוט אויס, ווערט טאַקע גרינגער...

איך דריי מיך אַרום צווישן די אַלטע האַלב־איינגעפֿאַלענע קבֿרים, לייען די אַלטע אָפּגעריבענע אויפֿשריפֿטן פֿון די איינגעבויגענע מצבֿות,

דערזעט מיך פון דערווייטן רב אריה דער קברות־מאַן מיט דער לאַנגער פלאַקסענער באָרד און מיט די רויטע אויגן און פרעגט מיך:

— צו וועמען דאַרפסטו?

רב אריה איז שוין אַזוי אַלט, אַז קיינער ווייסט נישט זיינע יאָרן, און ער אַליין אויך נישט. פונדעסטוועגן האַלט ער זיך ריין און ציכטיק, די שטיוועלעך אויסגעפוצט, די באָרד צעקעמט, איטלעכס הערל באַזונדער, און היט זיך אָפּ, ווי אַ ציטעריקער בן־יחיד ביי דער מאַמע, עסט נאָר ווייכע זאַכן און טרינקט טרינקען ער אַלע פרימאָרגן געקאָכטע קריי־טער מיט קאַנדלצוקער. „ס'איז אים גוט ווי די וועלט!“ — זאָגט מען אויף אים איז כתרילעווקע, און מען איז אים באמת מקנא.

— שלום־עליכם, רב אריה, וואָס מאַכט א ייד? — רוף איך מיך אָן און גיי צו צו אים נאָענט. ס'איז פאַרנאַכט. די זון האַלט ביי אונטער־גיין און באַגילדט די שפּיץ קברים. רב אריה פאַרשטעלט זיך מיט דער האַנט, באַטראַכט מיך מיט די רויטע אויגן, גלעט די באָרד און קוקט זיך איין.

— ווער ביסטו? און צו וועמען דאַרפסטו?

רב אריה איז אַזוי אַלט, אַז ער מעג זיך פאַרגינען צו זאָגן אַלעמען „דו“.

איך זאָג אים, ווער איך בין און צו וועמען איך דאַרף, דערקענט מיך רב אריה און גיט מיר אָפּ שלום־עליכם און שאַמקעט מיט די ליפּן, רעדט מיט א פייף:

— א? ביסטו דאָס? געקענט דעם טאַטן דיינעם און דעם זיידן רב וואַוויק נאָך, געווען א טייערער ייד, און דעם פעטער פיניע, אויך געווען א שיינער ייד, און דער פעטער בערקע ליגט אויך דאָ ביי מיר, און די מומע חנה — אַלע געקענט, אַלע געשטאָרבן, אַלע פיינסטע מענטשן אויסגעשטאָרבן. נישט געבליבן איינער א רעכטער, מיינע אויך אַוועק־געשטאָרבן. (ער טוט א זיפץ און א מאַך מיט דער האַנט). פריער די קינדער באַגראָבן, אַלע קינדער באַגראָבן, נאָכדעם איז זי אליין אוועקגע־שטאָרבן, געווען אַ צדיקית, מיר צו לענגערע יאָר, מיך געלאָזט אַליין, אויף דער עלטער. נישט גוט.

— נישט גוט? — פרעג איך אים.

— נישט גוט — מאַכט ער — נישט גוט, נישטאָ קיין מתים.

— נישטאָ קיין מתים? — זאָג איך.

— נישטאָ קיין מתים — זאָגט ער.

— מע האָט אויפגעהערט — זאָג איך — שטאַרבן ביי אייך אין כתרילעווקע?

— וואָס איז שייך שטאַרבן? — זאָגט ער — שטאַרבן שטאַרבט מען, נאָר וואָס? קליינוואַרג, נפלעד, אָדער קבצנים; וואָס האָט מען פון זיי, משטיינס געזאָגט! צונויפנעמען אויף תכריכים, נאָכן ערשטן קדיש שענקען די יתומים א שטיקל ברויט. וואָס זאָל מען טאָן? א ברירה האָט מען? (ער טוט מיר א וויַיז מיט דער אויסגעטריקנטער האַנט אויף די ווינציגע וויַיבער). אָט ליגן וויַיבער אויסגעצויגן, ווי די שרדהטעס, אויף די קברים. וואָס האָט מען פון זיי? ווייגען זיך אָן ווי די פויקן, וואָס אַרט זיי דאָס? עס קאָסט זיי געלט? גיי פיר זיי, וויַיז זיי וווּ ליגט דער טאַטע, וווּ ליגט די מאַמע? וווּ ליגט דער פעטער, וווּ ליגט די מומע? זייער טאַטנס משרת! עס מאַכט זיך, איינע וויינט אַזוי לאַנג, ביז זי פאַלט נאָר חלשות, באַדאַרף מען זי נאָך מינטערן, געבן א טרונק וואַסער, און אַמאָל — א שטיקל ברויט אויך. פון וואַנען? פון וואָס? די גרויסע מחיה? אַז קיין מתים איז נישטאָ, און לעבן דאַרף מען, און חתונה מאַכן אַן אייניקל א יתומהלע, שוין א מיידל אין די יאָרן, דאַרף מען אויך; געווען א חתן, שוין כמעט געהאַלטן ביי א שידוך טאָן, דווקא נישקשה פון א יונגנמאַן, א פאַקנטרעגער, אַן אַלמן אפילו, מיט קינדער עטלעכע, נאָר א בעל־פרנסה, א שיינער פאַרדינער, דאָס הייסט, אַז ער לייזט, פאַרדינט ער. חתן־כלה זיך שוין אפילו אָנגעקוקט אויך; געקומען צו עפעס, שוין געהאַלטן ביי תנאים שרייבן, זאָגט ער: „נו, און וואָס הערט זיך מכוח נדן?" זאָג איך: „וואָסער נדן?" זאָגט ער: „מע האָט דאָך מיר צוגעזאָגט, אַז איר גיט א פופציקער נדן". זאָג איך: „אַלע בייזע חלומות אויף מיינע שונאימס קעפּ! א פופציקער? ווי קומט צו מיר פופציקערס? איך וועל גיין גנבענען, צי אויסגראָבן פרעמדע תכריכים ביי מיר פון די קברים און פאַרקויפן?"... הקיצור הדבר, דער שידוך איז געוואָרן אויס שידוך. און גיי רעד מיט זיי, מיט די כתרילעווקער באַלעבאַטים, זענען זיי נאָך געריכט: זיי זאָגן: „רב אריה, איר זינדיקט, איר האָט, קיין עין־הרע, א פרנסה אין האַנט"... א שיינע פּרנסה! אַז ווי ס'איז געווען ערגעץ א לייטישער מת, א פיינער מענטש, א שטיקל נגיד, איז ער שוין לאַנג געשטאָרבן, און קיין פרישע קומען נישט צו, נישטאָ קיין מתים! נישטאָ!

# פארבענקט אהיים

נישטאָ איין זאַך אויף דער וועלט, וואָס מע זאָל דערפון נישט וויסן אין כתרילעווקע; נישטאָ איין נייעס אויף דער וועלט, וואָס מע זאָל דערפון נישט געוואויר ווערן ביי די קליינע מענטשעלעך.

אמת, אַז סע קומט אָן אַהין, קומט דאָס אָן שוין אַ ביסל שפּעטלעך און נישט פון דער ערשטער האַנט — נו, וואָס זשע איז? אַן אומגליק אַ גרויסער? אדרבא, מיר האַלטן אַז ס'איז גאָר אַ מעלה, די גרעסטע מעלה.

וואָרום, צווישן אונדז רעדנדיק, וואָס האָבן, אַשטייגער, די כתרילעווקער יידן צו פאַרלירן, אַז זיי וועלן געוואויר ווערן די הייַנטיקע נייעסן, די בשורות טובות, ישועות ונחמות, וואָס לאָזן זיך הערן אויף דער וועלט, חלילה וחס, שפּעטער מיט אַ חודש אָדער מיט צוויי, און אפילו מיט אַ יאָר שפּעטער? — אַ גרויסער אומגליק!

הקיצור, די כתרילעווקער קליינע מענטשעלעך זענען געוואויר געוואָרן, — אפילו אַ ביסל שפּעטלעך — אַז ס'איז דאָ אַ וואָרט, וואָס הייסט צ י ו נ י ז ם.

הקיצור, די כתרילעווקער קליינע מענטשעלעך זענען געוואויר געוואָרן, „ציוניזם“. שפּעטער, אַז מע האָט אָנגעשמעקט אין כתרילעווקע דעם פשט פון „ציוניזם“, אַז עס נעמט זיך פון „ציון“ וואָס אין סידור, און אַז ציוניסטן איז אַזאַ מין חברה, וואָס האָבן חשק איבערפּעקלען אַלע יידן קיין ארץ־ישראל, איז געוואָרן אין שטאָט, וואָס זאָל איך אייך זאָגן? — הוכא וטלולא! מע האָט זיך געהאַלטן ביי די זייטן. זייערע געלעכטערן מיין איך, האָט מען באַדאַרפט הערן פאַר אַ מייל און די גלייכווערטלעך, וואָס זענען געפלויגן אויף רב והערצל דעם דאָקטאָר, אויף דעם דאָקטאָר נאָרדען און אויף אַלע איבעריקע דאָקטורים, וואָלט כדאי געווען, כ'לעבן, מע זאָל זיי צונויפזאַמלען, פאַרשרייבן און אַרויסגעבן באַזונדער אין אַ ביכל; איך בין אייך ערב, אַז עס געפינט זיך אין זיי אַ סך מער זאַלץ

און אַ סך מער פעפער, ווי אין יענע לאַקריץ=זיסע ווערטער און קלוגע רייד, וואָס מע דרוקט זיי אַלע יאָר אין די לוחות אויף דער צווייטער זייט...

אַ מעלה האָבן די כתרילעווקער לייט, אַז כל=זמן זיי לאַכן — לאַכן זיי, נאָר אַז זיי לאַכן זיך גוט אָן, הייבן זיי ערשט דעמלט אָן צעקייען די זאַך נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל און הייבן אָן צו פאַרשטיין. אַזוי איז געגאַנווען אויך מיטן ציוניזם. פריער האָט מען געלאַכט, געמאַכט חוזק, געזאָגט ווערטלעך; נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן זיך צוהערן, וואָס מע רעדט און וואָס מע שרייבט אויף די בלעטער, איבערחזרן און איבערקייען „נאָך אַמאָל דאָס אייגענע ווידער צוריק“, און שפּעטער, אַז מע האָט דערהערט שמועסן עפּעס פון אַ באַנק, אַ יידישע באַנק מיט יידישע אַקציעס, און וויבאַלד אַקציעס, איז דאָך אַפּנים, די משמעות, אַז מע רעדט עסק „געשעפט“, „לשון געלט“, — און מיט געלט וואָס קאָן מען היינטיקע יאָרן נישט אויספירן אויף דער וועלט? ובפרט נאָך ביים טערק מיט דער רויטער יאַרמלקע, וואָס איז אַליין אויך אַ גוטער כתריליק גלייך מיט אַלע כתרילעווקער? און פון דעמלט אָן האָט מען זיך גענומען אין כתרילעווקע צום ציוניזם גאַנץ געשמאַק. די כתרילעווקער זענען, ברוך=השם, אַזעלכע לייט, וואָס איר פועלט ביי זיי וואָס איר ווילט. דאָס, וואָס נעכטן האָט זיך זיי געדאַכט קרום ווי א קאָמשערע און שווער קריעת ים=סוף, איז ביי זיי היינט גלייך, וואָס גלייכער קאָן שוין גאָרנישט זיין, און גרינג ווי אויפעסן אַ בייגל, אָדער אויסרויכערן אַ פּאַפּיראָס. אָפּקויפן ביים טערק ארץ=ישראל — וואָס קאָן נאָך זיין גרינגער דערפון? וואָרום לאָמיר זיך נישט נאַרן, אין וואָס קאָן דאָ זיין די מניעה? געלט איז דאָך נישט שייך צו זאָגן; וואָס פאַר אַ ראָלע שפּילט ביי אונדז געלט? איין ראָטשילד (ער זאָל נאָר וועלן) קאָן ער דאָך אָפּקויפן גאַנץ ארץ=ישראל מיט סטאַמבול און מיטן טערק אינאיינעם. פאַרן מקח איז אוודאי נישטאָ וואָס צו זאָרגן זיך. ס'איז דאָך עפּעס אַ געשעפט, וועט מען זיך דינגען; ממה=נפשך, אַ רענדל אַראָפּ, א רענדל אַרויף. בלייבט איבער נאָר איין זאַך: באשר וואָס? טאָמער וויל ער נישט פאַרקויפן? עט, נאַרישקייטן! פאַרוואָס זאָל ער נישט וועלן? והשגית, מיר זאָלן וועלן זיך גוט אויסרעכענען, זענען מיר דאָך מיט אים שטיקלעך אייגענע גאָר — ניין, טאַקע גאַנץ נאָענטע קרובים, אמתע שני שבשלישים, יידן און טערקן, יצחק און ישמעאל...

קיצור הדבר, מע האָט געמאַכט איין אסיפה און די אַנדערע און די דריטע — ס'איז געוואָרן מיט גאָטס הילף אַ „חברה“, און מע האָט



ז. טאָלקאַטשאָוו      דאָס פּלויטל (קאַסרילעווקע) טעמפּעראַ

געקליבן „משלענעם“, אויסגעוויילט אַ פּרעזידענט, אַ וויצע־פּרעזידענט, אַ קאַזנאַטשיי און אַ סעקרעטאַר און אַ קאָרעספּאָנדענט, גלייך ווי אין אַלע לייטישע שטעט; און איטלעכער האָט זיך פאַרשריבן שקל־געלט, ווער אַ קאָפּיקע און ווער צוויי קאָפּיקעס אַ וואָך. יונגעלייט האָבן געהאַלטן פלאַמפּייערדיקע „רעדעס“, געזאָגט זייער שיינע דרשות. די ווערטער „ציון“, „ציוניזם“, „ציוניסטן“ האָבן זיך געלאָזט הערן העכער און העכער. די נעמען „דאָקטאָר הערצל“, „דאָקטאָר נאָרדוי“ און די איבעריקע דאָקטוירים האָבן זיך געלאָזט הערן אָפטער און אָפטער. „משלענעם“ זענען געוואָרן וואָס ווייטער מערער און מערער, און געלט האָט זיך אויך צונויפגעקליבן אַ היפּשע אַפּותיקאָ — האָט מען געמאַכט אַ גרויסע אסיפה און מע האָט זיך אַוועקגעזעצט באַקלערן, וואָס טוט מען מיטן געלט: צי מע זאָל דאָס קאַפּיטאַל דערווייל איבערלאָזן דאָ אויפן אָרט, מאַכן אַ באַזונדערן „פאָנד“ פאַר די כתרילעווקער ציוניסטן, צי מע זאָל דאָס אָפּשיקן אין צענטער אַריין, צי מע זאָל נאָך אַביסל צוּוואַרטן, ביז עס וועט זיך צונויפקלייבן אַ היפּשע סומע, און די שטאָט וועט ווערן אַן אַקציאָנער פון דער יידישער באַנק.

די דאָזיקע אסיפה איז געווען, קאָן מען זאָגן, איינע פון די הייסע שטורעמדיקע אסיפות אין כתרילעווקע. די דעות האָבן זיך צעטיילט: אַ סך זענען געשטאַנען פאַרן „צענטער“, געזאָגט: מיר זענען מחויב אונטערצוהאַלטן דעם „צענטער“, וואָרום אַז מיר וועלן נישט אונטערהאַלטן דעם „צענטער“, און איר וועט נישט אונטערהאַלטן דעם „צענטער“, — פון וואַנען זשע וועט ער ציען חיונה?... אַנדערע האָבן געדרונגען פאַרקערט אַז דער „צענטער“ וועט זיך באַגיין אָן כתרילעווקע: „מיר זענען נישט מחויב פאַרזאָרגן די גאַנצע וועלט; עמעצער זאָרגט זיך דען פאַר כתרילעווקע? לאָז זיך יעדער אין זינען האָבן זיך — וועט אויך זיין גענוג“.

איז אויפגעשטאַנען דער פּרעזידענט, נח רב יאָסעלעס, אַ נגידס אַן איידעם און אַ יונגערמאַן אַ משכיל, נאָך גאָר אָן אַ באָרד, און האָט געזאָגט עטלעכע וואַרעמע ווערטער:

— „פיר טויזנט יאָר — אַזוי האָט נח דער פּרעזידענט אָנגעהויבן און האָט גענומען אַ ביסל צו אַ הויכן טאָן — פיר טויזנט יאָר, אַז מע קוקט אויף אייך פון דער הייך פון די דאָזיקע פּיראַמידן!“ מיט די דאָזיקע ווערטער האָט זיך אַמאָל געווענדעט דער גרויסער נאַפּאָלעאָן צו זיינע גוואַרדיע, בשעת ער איז געגאַנגען איינעמען מצרים. כמעט מיט די דאָזיקע ווערטער ווילט זיך מיר אָנהייבן מיין הייַנטיקע רעדע צו אייך, נאָר

אַ ביסעלע אַגדה'ע: שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, ברידער, אַז מיר געפינען זיך... נישט אויף דער הייך פון די פּיראַמידן, נאָר טיף, ביין איילן אין דער ערד. שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר קוקן אַרויס... נישט אויף אונדזער „גוואַרדיע", נאָר אויף משיחן, ער זאָל קומען אונדז אויסלייזן פון גלות און אונדז ברענגען אַהין, אינעם לאַנד פון אונדזערע אבות, קיין ארץ־ישראל... שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר פאַסטן אַלע שבעה עשר בתמוז, עסן נישט קיין פלייש אין די ניין טעג, און קומט תשעה־באָב, זעצן מיר זיך אין די זאָקן אויף דער ערד, וויינען און קלאָגן אויף חורבן בית־המקדש... שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר, אַז מיר דערמאָנען זיבן און זיבעציק מאָל אַ טאָג ציון און ירושלים — און פרעגט: וואָס האָבן מיר געטאָן פון ציונס וועגן און פון ירושלימס וועגן?

אַן עבירה, כלעבן, וואָס ס'איז אין כתרילעווקע נישטאָ קיין סטענאָגראַף, וואָס זאָל געווען קאָנען זיין אויף יענער אסיפה און פאַרשרייבן די אויסגעצייכנטע רעדע פון נח דעם פּרעזידענט אות באות, ווי עס פירט זיך אין לייטישע שטעט. מיר מוזן זיך דעריבער באַגנוגענען נאָר מיט די עטלעכע ווערטער, וואָס מיר האָבן געבראַכט על־פּי זכרון, און ברענגען דעם סוף פון דער דאָזיקער טאַלאַנטפולער רעדע אין קורצן:

אַצינד — אַזוי האָט נח דער פּרעזידענט אויסגעלאָזט זיין דרשה, און דער שווייס האָט גערונען פון אים טייכנווייז — אַצינד, אַז מיר האָבן זוכה געווען צו דערלעבן אַזאַ צייט, אַז דער אַלטער קראַנקער ישראליק האָט זיך ווי אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף, ער גלייכט זיך אויס די אויסגעמוטשעטע ביינער זיינע, קוקט זיך אַרום ווו ער איז אין דער וועלט, און זאָגט „בית־יעקב לכו ונלכה — קומט, קינדער, לאָמיר גיין!" — באַדאַרפן מיר, רבותי, זיך נישט פאַרלאָזן אויף קיינעם, נישט אַרויסקוקן אויף קיין נסים און נישט פאַרלאָזן אויף אונדזערע גרויסע, וואָרום אַז איר וועט זיך פאַרלאָזן אויף די גרויסע, וועט איר מעגן וואַרטן. ס'איז אַ סך גרינגער צו געהרגעט ווערן פון אַ הונגער, איידער אויסרייסן ביי אַ גביר אַ קערבל אויף ציון. אַליין, אַליין באַדאַרפן מיר אָנהייבן צו בויען אונדזער גרויסן בנין. אם אין אני לי — מי לי?... אוודאי מעגן מיר זיך איבערנעמען, אַז מיר האָבן דערלעבט אַזאַ צייט, אַז יידן זאָלן גאָר האָבן אַ השגה צו רעדן פון אַן אייגענער יידישער באַנק! אוודאי באַדאַרפן מיר זען, אַז כתרילעווקע זאָל נישט אָפּשטיין פון אַנדערע שטעט און כתרילעווקער יידן זאָלן אויך האָבן אַ חלק אין אונדזער אייגענער יידישער באַנק"! איך מוז אייך אָבער זאָגן, רבותים, אַז לויט די חשבונות, וואָס אונדזע־

קאַזנאַטשיי וועט אונדז דאָ באַלד פאָרשטעלן, האָבן מיר נאָך נישט די גאַנצע סומע אויף צו באַצאָלן אפילו פאַר איין אַקציע. עס פעלט אונדז נאָך כמעט העכער האַלב, דאָס הייסט, אַ פינף—זעקס קאַרבן. לכן איז אַ יושר, ברידער איר זאָלט זיך אָנטאָן אַ כוח טאַקע דאָ אויפן אָרט און טאַקע באַלד צונויפלייגן זיך אימלעכער וויפל ער ער קאָן, און, סע זאָל ווערן די גאַנצע סומע, צען רובל, גאָר אָן אַ שום תירוץ!... און לאָזן אונדזערע ברידער אויף דער גאַנצער וועלט וויסן, אַז אין כתרילעווקע זענען אויך פאַראַן ציוניסטן, וואָס סע ברענט אין זיי דאָס הייליקע פייערל פון ציון, און לאָז דער האָקטאָר הערצל זען, אַז זיין האָרעוואַניע פון אונדזערטוועגן איז כאָטש נישט אומזיסט!...

*

*  *

פליעסקען מיט הענט און שרייען „בראַוואָ“ — דערפון ווייסט מען נאָך נישט אין כתרילעווקע — און דאַנקען גאָט, וואָס מע ווייסט נאָך נישט. דער געפילהער מיטן געשריי איז אַזוי אויך גענוג גרויס; מע זאָל נאָך דערצו דאַרפן פאַטשן מיט די הענט און שרייען „בראַוואָ“, וואָלט מען גאָר טויב געוואָרן, צו אַלדע שוואַרצע יאָר. דאַרטן, אַז עס געפעלט עמעצנס אַ וואָרט, גייט מען צו און מע גיט אים איבער דער פלייצע.

— וואָס זאָגט איר אויף אונדזער פרעזידענט? האַ?

— אַ פיסק — דער רוח זאָל אים נעמען!

— און אַ קענער! ער האָט ראָד אויסגעמישט קאַשע מיט באָרשט, גמרא און ספרים און אַלע ביכער...

— מע באַדאַרף האָבן אַ קאָפּ פון אַ קלויסטער, מע זאָל דאָס אַלצדינג געדענקען אויסנווייניק!

— בהמה! יענער זיצט טאָג ווי נאַכט און קוקט אין די ביכער אַריין!

בקיצור, ס'איז געבליבן, מען זאָל אויסשרייבן אַן אַקציע. נאָר ס'איז גרינג צו זאָגן „אויסשרייבן אַן אַקציע“. ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער, אַז ייִדן ליגן ערגעץ פאַרשטעקט אין אַ לאָך, אין כתרילעווקע, און די יידישע באַנק איז ערגעץ ווייס איך וווּ, אין לאָנדאָן? האָט זיך אָנגעהויבן אַ חתונה: בריוולעך; בריוולעך אהין, בריוולעך אַהער. שמעיה דער סעקרעטאַר און דער קאָרעספּאָנדענט פון די כתרילעווקער ציוניסטן האָט זיך אָפּגעשריבן, ווי מע זאָגט, אַלע פינגער, ביז ער האָט באַקומען אַ קלאָרע

ידיעה, וועהין און ווי אַזוי מע באַדאַרף שיקן דאָס געלט. נאָכדעם, אַז ער האָט שוין גוט געוווּסט וווהין און ווי אַזוי מע באַדאַרף שיקן דאָס געלט, האָט ער געהאַט אויף זיך אַ נייעם אומגליק — דעם כתרילעווקער פּאָסטמייסטער, אַ גראָבער פּריץ, און אַ גרויסער מפֿונק, קאָן נישט איבערטראָגן דעם ריח פֿון קנאָבל (כאָטש קנאָבל ביים עסן האָט ער אַליין ליב האָס חיות!). אַז עס קומען אַריין צוויי איבעריקע ייִדן אויף דער פּאָסט, האַלט ער זיך ביי דער נאָז, שרייבט און לייענט:

— שלום... שליאָמקאַ... טשעסנאָק...

אַז שמעיה האָט אים דערלאַנגט דעם פּאַקעט, האָט ער אים אַ שמייס געטאָן צוריק אין פּנים אַריין: ס'איז נישט אַזוי געשריבן דער קאָנווערט, ווי מע באַדאַרף. דאָס אַנדערע מאָל האָט ער אים אַ שמיץ געטאָן אין פּנים אַריין: ער זאָל גיין ברענגען טריוואַקס. דאָס דריטע מאָל האָט ער שוין נישט געהאַט צו וואָס זיך צו טשעפּען, האָט ער באַטראַכט דעם פּאַקעט פֿון אַלע זייטן, גענומען שמעלצן דעם בריוו און לייגן חתימות, און בשעת־מעשה אַ פֿרעג געטאָן שמעיהן, נישט קוקנדיק אים גלייך אין פּנים אַריין: „וואָס פֿאַר אַ געשעפֿטן האָט ער מיט לאָנדאָן, וואָס ער שיקט אַהין געלט?" האָט זיך אונדזער שמעיה קאָרעספּאָנדענט, אָפּגים אַרויסגעכאַפּט, צי אפשר האָט ער זיך געוואָלט באַרימען פֿאַרן פּאָסטמייסטער (אַלע קאָרעספּאָנדענטן זענען גרויסע באַרימער!):

— דאָס געלט — מאַכט ער — גייט גלייך אין אונדזער אייגענער ייִדישער באַנק אַריין...

האָט דער פּאָסטמייסטער אַ קוק געטאָן אויף שמעיהן, ווי פֿאַרחידושט...

— זשידאָווסקע באַנק? ווי קומט צו ייִדן אַ באַנק?

איז זיך מיישב שמעיה: אַז דו ביסט יאָ אַזאַ צורר היהודים, וועל איך דיר ווייזן וואָס הייסט „זשידאָווסקאַ באַנק"! און גייט און דערציילט אים פּזמונות מיט גוזמאות (אַלע קאָרעספּאָנדענטן האָבן ליב מגזם זיין!), אַז די ייִדישע באַנק איז די ערשטע באַנק אין דער וועלט. זי פֿאַרמאָגט צוויי הונדערט טויזנט מיליאָן פֿונט שטערלינג ריין גאָלד. אויף אונדזער געלט איז דאָס אַזאַ סומע, וואָס ס'איז שווער אויסצורעכענען, מחמת אַ פֿונט שטערלינג באַטרעפֿט אויף אונדזער געלט כמעט אַ הונדערטער...

רופֿט זיך אָן צו אים דער פּאָסטמייסטער, און טוט אַ לעק די חתימה מיט דער צונג און אַ קוועטש איבערן צעלאָזטן טריף:

— מאָל דיר, דאָס לייגסטו שוין, ווי אַ הונט! אַ פונט שטערלינג איז קוים צען קערבלעך.

— דאָס איז אַ פּראָסטער פונט שטערלינג, — וויל זיך שמעיה פאַרענטפערן — און אַ גילדענער פונט באַטרעפט אַ סך מער!

— פּאַשאָל וואָן, דוראַק! — זאָגט צו אים דער פּאָסטמייסטער מיט אַ געלעכטער. וועמען דערציילסטו מעשיות? אַ ייד מוז דיר זיין אַ מאַשעניק! אַ ייד מוז עמעצן אָפּנארן! ס'זאָל זיין אַן אַנדערער אויף מיין אָרט, וואָלט ער דיר מכות צוגענומען דיין פּאַקעט! דו ווייסט, אז איך האָב רעכט אַרעסטירן דיין פּאַקעט מיט דיר און מיט אייער גאַנץ „קהל“ איניינעם דערפאַר, איר זאָלט נישט אַריבערשיקן אונדזער געלט קיין לאָנדאָן? מיר וועלן האָרעווען, אַקערן מיט דער נאָז די ערד, און די ייִדעלעך וועלן קומען צו גיין אויפן גרייטן, פרעסן און זויפן און נאָך נעמען און אַריבערפעקלען אונדזער גאָלד דער שוואַרץ יאָר ווייסט וווהין, אין אַ „זשידאָווסקע באַנק“!...

שמעיה האָט שוין געזען, אַז ער האָט אָנגעאַרבעט אַ גוטע חתונה, האָט ער אָנגענומען אַ פולע מויל און האָט אָפּגעשוויגן, ווי אַ קעצעלע. ער וואָלט אָפּגעגעבן איצטער מי יודע וויפל, ער זאָל קאָנער נעמען צוריק די ווערטער, — ס'איז שוין אָבער געווען צו שפּעטלעך (אַ סך קאָרעספּאָנדענטן וואָלטן אפשר וועלן צוריקנעמען זייערע ווערטער מיט זייערע קאָרעספּאָנדענציעס וואָס זענען פול מיט שקרים וכזבים, נאָר בלאָטע, צוריק כאַפּט מען נישט!). אונדזער כתרילעווקער קאָרעספּאָנדענט איז גערן געווען, אַז ער האָט אָפּגענומען דעם „רעצעפּיס“ און איז אַוועק פון דער פּאָסט, ווי אַן אָפּגעשמיסענער.

אַוועקגעשיקט דאָס געלט, האָבן די כתרילעווקער ציוניסטן אָנגעהויבן אַרויסקוקן אויף דער אַקציע פון טאָג אויף טאָג. ס'איז אַוועקגעגאַנגען אַ חודש און צוויי חדשים און דריי חדשים און פיר חדשים — נישטאָ נישט קיין געלט, נישט קיין סחורה! האָט מען זיך אַ נעם געטאָן צום סעקרעטאַר, צום קאָרעספּאָנדענט הייסט דאָס, טאָמער האָט ער נישט אַהין געשיקט דאָס געלט, ווו מע באַדאַרף, אָדער טאָמער האָט ער נישט אַזוי געשריבן דעם אַדרעס, ווי עס געהער צו זיין — שמעיה האָט געבעטן געהאַט צו זינגען און צו זאָגן; — לאַדי ער האָט נישט אויפגעהערט צו שרייבן בריוולעך אין קאָמיטעט, אין צענטער און אין לאָנדאָן, האָט ער נאָך באַדאַרף אויסשטיין די טענות פון די כתרילעווקער לייט מיט זייערע ווערטלעך, וואָס האָבן אים געשטאָכן אין דער זיבעטער ריפּ... פאַר די

מתנגדים, דאָס הייסט, פאַר די ערלעכע, פרומע יידן און די חסידים, וואָס האַלטן נישט מיטן ציוניזם, איז דאָס דערוויילן געווען אַ שפּיקל עסק: — „מיר האָבן דען נישט געוווּסט פריער, אַז עס וועט אַזוי זיין? — האָבן זיי געזאָגט און געדרייצט זיך מיט די ציוניסטן. — מיר האָבן אייך דען נישט געזאָגט, אַז מע וועט נאָר אויסנאַרן די עטלעכע גילדן, און גיי לאָד מיך צום ונתנה־תוקף?"...

האָט גאָט רחמנות געהאַט אויף אונדזער קאָרעספּאָנדענט און ס'איז אים אָנגעקומען איינמאָל אין אַ פרימאָרגן אַ בריוו פון לאָנדאָן, אַז די אַקציע, וואָס ער האָט אויסגעשריבן, איז שוין דאָ, דאָס הייסט, נישט דאָ, אין כתרילעווקע, נאָר אויף דער גרענעץ; מ'ע באַדאַרף זי נאָר אָפּ־שטעמפּלען.

עס איז ווידער אַוועקגעגאַנגען אַ חודש און צוויי חדשים און דריי חדשים און פיר חדשים — נישטאָ קיין אַקציע! האָבן חברה גענומען עסן דעם סעקרעטאַר: ווו איז דיין אַקציע? נאָך שטעמפּלט מען זי?... און האָבן אים נישט געזשאַלעוועט קיין שטעכווערטלעך, ווי דער שטייגער איז. אים געבעך איז דאָס שטעמפּלען גוט געלעגן אין האַרצן, נאָך מער ווי די אַקציע אַליין; ער האָט פונעם שטעמפּלען שיער געשפּיגן מיט בלוט. האָט ער פאַרקאַמשעט די אַרבל און האָט זיך גענומען איבעראַנייס שרייבן בריוולעך בכלל תפוצות ישראל. „היתכן? — האָט ער געשריבן. — הישמע כזאת? מע זאָל אַזוי לאַנג האַלטן איין אַקציע און שטעמפּלען זי? מע זאָל זי, דאַכט מיר, באַדאַרפן אָפּשטעמפּלען מיט צען טויזנט שטעמפּ־לען, וואָלט זי שוין אויך באַדאַרפט זיין לאַנג אָפּגעשטעמפּלט!"... און דער חברה ציוניסטן האָט ער געזאָגט אַלע טאָג:

— ממה־נפשך, איר האָט געוואַרט אַזויפיל, וועט איר וואַרטן נאָך אַ ביסל; אַזוי לאַנג, ווי עס האָט געדויערט, וועט שוין געווים נישט גע־דויערן...

און כך הוה: עס האָט נישט געדויערט קיין ניין חדשים אפילו, איז אָנגעקומען אַ פּאַקעט אויף רב יוזיפל דעם רבס נאָמען (אונדזער קאָרעס־פּאָנדענט האָט נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיטן פּאָסטמייסטער). און אַז ס'איז אָנגעקומען דער פּאַקעט, האָט מען צונויפגערופן אַן אסיפה פון אַלע טשלענעס מאַקע ביי רב יוזיפל דעם רב אין שטוב, און אַזוי ווי אַלע יידן, און כתרילעווקער יידן אוודאי און אוודאי, האָבן אומעטום און אַלע מאָל קיין צייט נישט און איטלעכער וויל תמיד זיין דער ערשטער, איז קיין חידוש נישט, וואָס מע האָט זיך געשטופּט און געקוועטשט אייגס דאָס

אַנדערע, געקראָכן איינער דעם אַנדערן אויף די קעפּ, געריסן איינער ביים אַנדערן פֿון די הענט און באַטראַכט די יידישע אַקציע פֿון „אונדזער אייגענער יידישער באַנק“.

לאַנג=לאַנג האָבן די כתרילעווקער ציוניסטן זיך געשפּיגלט אין דער יידישער אַקציע פֿון „אונדזער אייגענער יידישער באַנק“, תחילת געזיפֿצט און נאָכדעם געזאָגט איטלעכער באַזונדער אַן אַנדער המצאה; ס'איז געוואָרן עפּעס אַ ביסל פֿרייליכער, עפּעס לעבעדיקער, ליכטיקער אויף דער נשמה, ווי איינער וואָס וואַלגערט זיך אין דער פֿרעמד, בענקט אַהיים, קוקט אַרויס אויף אַ ידיעה, און פּלוצעם נעמט ער אָפּ זייער, זייער אַ גוטן גרוס פֿון דער היים. ס'איז אי פֿריילעך, אי עס ציט דאָס האַרץ; עס גלוסט זיך גיין טאַנצן, און טאַקע אַ ביסל זיך אויסוויינען אין איינוועגס...

שפּעטער, אַז דער עולם האָט זיך גוט אָנגעקוקט, האָט רב יוזיפֿל דער רב, וואָס האָט פֿיינט שטופּן זיך אויבן=אָן, כאָטש ער איז רב, אַ זאָג געטאָן:

— אַנו, ווייזט נאָר אַהער!

און ער האָט זיך אָנגעזאָטלט מיט אַ פּאָר ברילן, געקוקט, געקוקט, פּאַוואָליניקע באַטראַכט פֿון אַלע זייטן די „יידישע אַקציע פֿון אונדזער אייגענער באַנק“, און דערזען יידישע אותיות, געדרוקט אויף לשון=קודש, האָט ער אָנגעטאָן דאָס שבתדיקע היטל, געמאַכט אַ ברכה „שהחיינו“, און ווידער אַמאָל געקוקט און געקוקט אין דער אקציע אריין, און דאָס פּנים האָט אים אָנגעהויבן ווערן עפּעס ווי מרה=שחורהדיק, און מע וואָלט געמעגט שווערן, אַז עס האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן.

— רבי! וואָס זאָרגט איר זיך? — האָט מען אים אַ פֿרעג געטאָן. — מע באַדאַרף זיך פֿרייען, טאַנצן באַדאַרף מען גיין, צום סוף... ווי קומט דאָס צו אייך?...

רב יוזיפֿל דער רב האָט נישט באַלד געענטפֿערט. ער האָט אַרויסבאַקומען ערגעץ פֿון אַ קעשענע, וואָס הינטן אין דער קאַפּאָטע, כמעט ביי די פּאָלעס, אַ משונה=מאָדנע פּאַטשיילע, האָט אויסגעשנייצט כלומרשט די נאָז, אין אמתן מיין איך, אַז ער האָט אַ וויש געטאָן די אויגן, און אַ זאָג געטאָן מיט אַ זיפֿץ און מיט זייער, זייער אַן אָנגעבראָכן קול:

— כ'האָ, מ י ך פ אַ ר ב ע נ ק ט א ה יי ם...

# די גרויסע בהלה פֿון די קליינע מענטשעלעך

קאַפּיטל א.

## ווו דער מחבר שמועסט זיך אויס אַ ביסל מיט זיינע יידן

אַפּנים, אַז כתרילעווקע איז שוין אָנגעצייכנט געוואָרן מן השמים, אַז די האָרטיקע יידן באַדאַרפֿן האָבן מער צרות פֿון דער גאַנצער וועלט. ווו ערגעץ אַ מכה, ווו ערגעץ אַ שלאַק, אַ פּורעניות, אַן אומגליק, אַן אָנשיקעניש, אַ בייז באַגעגעניש, — באַדאַרף עס זיי נישט אויספֿעלן, און פֿון אימלעכער זאַך באַדאַרפֿן זיי זיך נעמען צום האַרצן מער פֿון דער גאַנצער וועלט. מילא, פֿון דרייפֿוסן, אויב איר געדענקט, איז קיין חידוש נישט, וואָס כתרילעווקע האָט אַזוי געליטן: פֿאָרט אַן אונדזעריקער, אַן אייגענער; אייגנס איז, ווי זאָגט איר, נישט קיין פֿרעמדס. וואָס זשע פֿאַר אַ תירוץ וועט איר מיר אויסזוכן אויף די בורען, וואָס די ענגלענדער האָבן זיי איינגענומען און געמאַכט פֿון זיי אַ תל? קאַרג האָט זיך געטאָן דעמאָלט אין כתרילעווקע? וויי־וויי, קאַרג איז דעמאָלט בלוט פֿאַרגאָסן געוואָרן אינעם אַלטן כתרילעווקער בית־המדרש איבער דעם? שאַט, שרעקט זיך נישט, איר מיינט טאַקע בלוט ממש? חס וחלילה! די כתרילעווקער זענען ווייט פֿון בלוט; אַ כתרילעווקער, אַז ער דערזעט פֿון דער ווייטן אַ שניט פֿון אַ פֿינגער, פֿאַלט ער חלשות. מיינען מיינט מען גאָר עפּעס אַנדערש; מיינען מיינט מען יסורים, האַרצווייטיק, בזיונות. און איבער וואָס, מיינט איר? נאָר איבער דעם, וואָס מענטשן קאָנען זיך נישט אויסגלייכן מיט די דעות; זאָגט דער אַזוי, זאָגט דער: טאָמער פֿאַרקערט? האַלט דער מיט די בורען און נעמט זיך אָן זייער קריוודע: ס׳טייטש, וואָס האָט מען נעבעך צו אַן אָרעם פֿאָלק, וואָס טשעפּעט קיינעם נישט, וואָס וויל זיך זיצן שטיל און רו=

איך אַרבעטן די ערד? קומט דער אַנדערער און ווערט אַ שתּדלן פֿאַרן ענגלענדער, באַווייזט אויסמיט ראיות, אַז די ענגלענדער זענען די ערשטע געבילדעטע לייט אויף דער וועלט. „ממזר! וואָס מיר געבילדעטע, אַז מע בראָקט מענטשן, אַזוי ווי קרויט!“ — „ווער איז אייך שולדיק, אַז איר זענט אַ בהמה?“ — „אַ בהמה זענט איר גאָר אַליין בצורת פֿערד!“... בקיצור — פּעטש, עדות, פּאַפּירן, מיראָוואָי, אַלדע חלשות! דאַכט זיך, אין פּלוג, וואָס קער זיך אָן מיט אייך, קבצנים, דלפֿנים, עניים ואביונים, דליתים, שלעפּערס, אַ לאַנד, וואָס ליגט ערגעץ פֿאַרשטעקט אין אַלדע שוואַרצע יאָר, אין אַפֿריקע? צי אַשטייגער, אייך דאַרף טאַקע דאַרן דער קאָפּ פֿאַר סערביע, וואָס עטלעכע אָפֿיצירן האָבן זיך מיישב געווען און האָבן איינמאָל אין מיטן ביינאַכט זיך אויפֿגעכאַפּט, אָנגעפֿאַלן און געהרגעט דעם קיסר אלכסנדר און די קיסרינע דראַגע און אַרויסגעוואָרפֿן זיי דורכן פֿענצטער אין דרויסן אַרויס? סטייטש, זאָגט איר, אָנפֿאַלן אויף יענעם בשעת ער שלאָפֿט און מאַכן אים די קץ, דאָס פּאַסט, זאָגט איר, פֿאַר פּראָים, ווילדע מענטשנפֿרעסער, דאָרטן ערגעץ אין די מדבריות? איך פֿרעג אייך אָבער אַן אַנדער זאַך: וואָס גייט דאָס אייך אָן מער פֿון אַלעמען? איר האָט שוין טאַקע מער קיין שום דאגות נישט? חתונה געמאַכט און פֿאַרזאָרגט אַלע קינדער — און אַן עק? איך פֿרעג אייך, למאי זאָלט איר האָבן אַ טבע אַריינשטעקן אומעטום די נאָז אייערע? גלייבט מיר, די וועלט וועט זיך באַגיין אָן אייך, און איטלעכער וועט זיך מסתמא באַשטיין זיין שטעטל!...

דער מחבר בעט דעם לעזער, ער זאָל קיין פֿאַראיבל נישט האָבן, וואָס ער רעדט אַזעלכע האַרבע ווערטער מיט זיינע כתרילעווקער לייט! איך בין, פֿאַרשטייסטו מיך, ליבער פֿריינד, אַליין אַ כתרילעווקער. דאָרט בין איך געבוירן, דאָרט בין איך אויפֿגעוואָקסן, דורכגעגאַנגען אַלע זייערע הרים און שקאָלעס, דאָרט האָב איך חתונה געהאַט למזל און זיך צעוועקעלאָזט נאָכדעם מיט מיין קליין שיפֿל אויף דעם גרויסן ברייטן רעשדיקן ים, וואָס מע רופֿט אים „לעבן“ און וואָס די כוואַליעס זיינע וואַרפֿן העכער הייזער, און כאָטש מען איז שטענדיק איבעם דאָזיקן טומל פֿאַרטאַראַראַמט און פֿאַרטראַסקעט, פֿונדעסטוועגן האָב איך נאָך אויף קיין מינוט נישט פֿאַרגעסן מיין זיסע ליבע היים כתרילעווקע זאָל מאריך ימים זיין, מיט מיינע ליבע זיסע ברידער, די כתרילעווקער ייִדן, זאָלן זיך פּרוכפּערן און מערן; און אַלעמאָל, ווען עס טרעפֿט זיך דאָ ביי אונדז עפּעס אַן אויסנאַם, אַ צרה, אַ בראָך, אַן אומגליק, טראַכט איך מיר בשעת מעשה: וואָס טוט זיך אַ-

צינד ד אָ ר ט ן, אין מיין פֿאָטערלאַנד?... כתרילעווקע, דאַרפֿט איר וויסן, ווי קליין און אָרעם און עלנט און פֿאַרוואָרפֿן דאָס זאָל נישט זיין, איז דאָך געבונדן מיט דער גאַנצער איבעריקער וועלט, ווי מיט א מין דראָט א זעלבן וואָס אַז מע גיט אַ קלאַפּ אין איין עק, גיט זיך עס אָפּ באַלד אינעם אַנדערן עק! אָדער איך קאָן זאָגן אַזוי: כתרילעווקע איז געגליכן צום קליינעם קינד אין דער מאַמעס בויך, וואָס איז געבונדן, צונויפֿגעוואָקסן מיט דער מוטער דורכן נאָפּל און פֿילט אַלצדינג גלייך מיט דער מוטער: טוט וויי דער מאַמען — טוט וויי דעם קינד; טוט וויי דעם קינד — טוט וויי דער מאַמען. אַ חידוש איז מיר נאָר אויף איין זאַך: פֿאַרוואָס פֿילט כתרילעווקע אַלעמענס צרות מיט אַלעמענס ווייטיקן פֿון דער גאַנצער וועלט, און קיינער, קיינער פֿילט נישט דעם ווייטיק פֿון כתרילעווקע; קיינער, קיינער אינטערעסירט זיך נישט מיט די כתרילעווקער? דאָס כתרילעווקע איז עפּעס אַ מין שטיפֿקינד ביי דער וועלט, וואָס ביי אַן אומגליק חלילה, ביי אַ חולה מסוכן אין שטוב דערפֿילט עס פֿריער פֿון אַלעמען, ווערט אויסגעריסן מער פֿון אַלעמען, טאַנצט אַרום, שלאָפֿט נישט קיין נעכט, קריכט אין דער ערד אריין, שוגאי-ציון! און זאָל דאָס שטיפֿקינד פֿאַלן פֿון די פֿיס און אַליין קראַנק ווערן, מעג זיך עס ליגן, נישקשה, אַליין ערגעץ אין דער קרענק, אין אַ ווינקעלע, גליען ווי אַן אויוון, אויסגיין פֿון הונגער, חלשן אַ טרונק וואַסער — קיינער, זייט זיכער, וועט זיך אויף דעם נישט אַרומקוקן.

קאַפּיטל ב.

## א קליין בריוול און א גרויסער רעש

נאָך אַזאַ מין הקדמה וועט שוין איטלעכער גרינג פֿאַרשטיין און זיך קאָנען פֿאָרשטעלן, וואָס פֿאַר אַ קאָכעניש ס'איז געווען אין כתרילעווקע דעמלט, נאָך דער שיינער התונה, וואָס האָט זיך געטראָפֿן דעם גוטן פּסח, נישט היינט געדאַכט... נאָך איידער ס'איז אָנגעקומען צו זיידלען דאָס „בלאַט“ און מע האָט נאָך נישט געוווּסט פֿון גאָרנישט, האָט איינער אַ שוחט באַקומען פֿון זיינעם אַן איידעם אַ בריוול, וואָס מיר גיבן דאָס איבער וואָרט אין וואָרט, מיט דעם לשון, ווי ס'איז געשריבן געוואָרן, איבערגעזעצט אויף פּראָסט זשאַרגאָן, בכדי אַלע זאָלן דאָס פֿאַרשטיין.

„לכבוד צו מיין געליבטן טייערן שווער דעם באַרימטן חכם, וואָס זיין נאָמען לאָזט זיך הערן אין אַלע עקן פֿון דער וועלט, און צו מיין גע-

ליבמער טייערער שוויגער די ערלעכע און די קלוגע און די פרומע, ווי די שטערן זאָלן זייערע נעמען מאָן שיינען ביזן עק וועלט אַריין, פריד זאָל זיין צו זיי און פריד צו זייער הויזגעזינד און צו כל ישראל, אמן!

„מיט צימערדיקע הענט און מיט געשטרויכלטע קניען טו איך אייך שרייבן די האָזיקע ווערטער. הנה זייט וויסן, אַז די פּאָגאָדע האָט זיך ביי אונדז שטאַרק געביטן, אַ האַנט פון אַ מענטשן און אַ בלייענע פעדער איז גאָרנישט אומשטאַנד דאָס צו באַשרייבן... רק מיר זענען אַלע, ברוך השם, געזונט און שטאַרק, איך און זוגתי מרת דבורהל זאָל לעבן און אַלע קינדערלעך זאָלן געזונט זיין, יאָסעלע און פייגעלע און עזריאליקל און חנהלע און גנענדל, אחוץ נאָר וואָס מען איז אָנגעשראָקן זייער שטאַרק פונעם האָגל און פונעם שטורעמווינט, וואָס דאָ איז געווען, נאָר האַנקען גאָט, ס'איז אַלץ איבערגעגאַנגען און מע האָט שוין קיין מורא נישט מער פאַר קיינעם, ווי אַלע מענטשן, און מיר בעטן אייך, איך און זוגתי הבורהל, איר זאָלט חלילה גאָרנישט איבערטראַכטן, מיר און אַלץ קינדערלעך יאָסעלע און פייגעלע און עזריאליקל און חנהלע און גנענדל זענען ברוך השם אלע געזונט, און איר זאָלט אונדז למען השם באַלד אויסשרייבן אַלצדינג, וואָס הערט זיך ביי אייך, ווי אַזוי איז ביי אייך די פּאָגאָדע, און צי איר זענט געזונט, און למען השם פון אַלצדינג באריכות!“

*

* *

שוין לאַנג האָבן קלוגע מענטשן באַמערקט אין זייערע באַשרייבונגען, אַז אַזעלכע בריהם אויף צו לייענען צווישן די שורות, ווי ייִדן, געפינט איר נישט אויף דער גאַנצער וועלט. באַווייזט זיי אַ פינגער — וועלן זיי אייך טרעפן וואָס איר מיינט. זאָגט זיי אַ וואָרט — וועלן זיי אייך באַלד זאָגן אַנדערע צוויי. נישטאָ פאַר זיי קיין פאַרשטעלטע שווערע זאַך, נישטאָ פאַר זיי קיין פאַרבאָרגענע רעטעניישן.

דעם שוחטס איידעמס בריוול איז געגאַנגען מיד ליד, און דעם שוחטס איידעם אַליין איז נישט אַרויס ביי זיי פון מויל אויף קיין מינוט, און אַלע האָבן דערציילט איינס דאָס אַנדערע שרעקלעכע מעשיות מיט אַלע פיטשעוקעס, גלייך ווי זיי זענען אַליין געווען דערביי, און אַ שוואַרצער שאָטן, אַ ביטערע מרה־שחורה האָט זיך אויסגעצויגן איבער זייערע פנימער; צוגענומען געוואָרן ביי זיי מיטאמאָל די פריילעכקייט אויף שטענדיק. איין שטיקל נחמה, איין שטיקל האָפענונג איז געווען ביי זיי: טאָמער

איז דאָס אַ דמיון, אַ ליגן — אַ קשיה אויף אַ מעשה, דעם שוחטס איידעם, אַ יונגערמאַן אַ משכיל און אַ שיינער שרייבער אַ בעל לשון=קודש, אפשר צוליב דער שיינער מליצה איז ער פאַרקראָכן דער רוח ווייסט וווּהין? ווייס איך — פּזמונות, סע קאָן נישט זיין! און בכדי צו שטאַרקן איינער דעם אַנדערן און צעטרייבן די מרה=שחורה, האָט מען גענומען דערציילן שיינע מעשיות פון די היינטיקע יונגעלייט די משכילים מיט זייער מליצה=שרייבן, וואָס אַן אַנדערס מאָל האָט מען זיך באַדאַרפט האַלטן ביי די זייטן לאַכנדיק. דער חסרון איז אָבער געווען, וואָס אַציננד האָט קיינער נישט געלאַכט. עס האָט זיי נישט גענומען קיינעם קיין געלעכטער. עפּעס אַ משונה=מאָדנער אומעט האָט זיך אויסגעגאָסן אויף אַלעמען, און דאָס האַרץ האָט איטלעכן געזאָגט, אַז ד אָ ר ט האָט באַדאַרפט פּאָרקומען עפּעס זייער אַ מיאוסע מעשה, און דער עולם איז אַוועק צו זיידלען.

זיידל, אונדזער אַלטער באַקאַנטער זיידל, דער איינציקער, וואָס שרייבט אויס דאָס בלאַט, איז נאָר וואָס געקומען פון דער פּאָסט אַ צעקאָכטער, אַ צעטראָגענער, האָט פּנים פינצטער ווי די ערד און ווי אָנגעברוגזט אויף דער גאַנצער וועלט. און מע האָט זיך דערוווּסט, אַז די מעשה איז טאַקע אַן אמת.

„אַ גליק, וואָס כאָטש דאָ אין כתרילעווקע קאָן אַזאַ התונה נישט פּאָרקומען, וואָס דאָ קאָן אַזאַן אומגליק נישט געשען!“

אַזוי האָבן זיי זיך געטרייסט איינס דאָס אַנדערע. נאָר אין האַרצן האָבן זיי זיך געטראַכט: אַ קשיה אויף אַ מעשה — ביי גרויסע ווינטן קאָן פון איין פונק אויך ווערן אַ שריפה, זיך אויסלאָזן מיט אַ העליש פייער. און די כתרילעווקער ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן פּאָוואָלינקע אַרומקוקן, ווי האַלטן זיי אָקאָרשט מיט זייערע שכנים, מיט די „אַנדערע פעלקער“...

## קאַפּיטל ג.

## רעדט פון כוועדאָר דעם שבת=גוי און פון ערלים בכל

אויב כוועדאָר דער שבת=גוי, וואָס פאַרלעשט די ליכט פרייטיק=צינאַכטס פאַר גאַנץ כתרילעווקע, און האָפּקע די געשטופּלטע, וואָס שמירט די הייזער און מעלקט די ציגן פון דער גאַנצער שטאָט, וכדומה נאָך אַ סך אַזעלכע ערלים קאָן מען אָנרופן מיטן נאָמען „אַנדערע פעלקער“, מוזן מיר קומען דערצו, אַז כתרילעווקע האָט כלל וכלל נישט געהאַט וואָס מוראַ צו האָבן, און די דאָרטיקע ייִדן וואָלטן זיך געקאָנט זיצן רואיק ביז

משיח וועט קומען, וואָרום זיי לעבן פון קדמונים אָן מיט די דאָזיקע „פעל־קער" אַזוי גוט, וואָס בעסער קאָן שוין, האַכט זיך, גאָרנישט זיין. כוועדאָר ווייסט וויל, אַז כאָטש דער מיוחס, דער תושב אין כתרילעווקע איז ער, פונדעסטוועגן מוז ער הייצן שבת ביי די יידן די הרובעס, פאַרלעשן זיי די ליכט און אַרויסטראָגן די פאָמעגיצע וכדומה אַזעלכע גראָבע אַרבעט, וואָס ער איז צו זיי געוווינט געוואָרן פון כמה וכמה יאָרן. און אויב איר מיינט, אַז עס פאַרדריסט אים אפשר אויף יידן, האָט איר אַ טעות: ער פאַרשטייט גאַנץ גוט, אַז ער איז ער און זיי זענען זיי; די גאַנצע וועלט קאָן נישט באַשטיין פון סאַמע גענעראַלן, עס מוזן זיין אויך פראָסטע סאָל־דאַטן. אמת, אַ סך גענעראַלן, האָס הייסט כתרילעווקער יידן, וואָלטן זיך אפשר געביטן מיט כוועדאָר דעם פראָסטן סאָלדאַט; נאָר צוריק, אַז מע וויל שמועסן דאָס אייגענע פאַריקערט, מוז מען האָבן גענעראַלן אויך, פון סאַמע סאָלדאַטן קאָן די וועלט קיין קיום נישט האָבן — און ביידע צדדים זענען צופרידן: זיי, די גענעראַלן פון כתרילעווקע, וואָס האָבן ווער ס'זאָל זיי באַדינען, אַז ס'קומט שבת, און ער, דער סאָלדאַט, וואָס האָט וועמען צו באַדינען און כאַפּן ביי וועמען אַ שטיקל קוילעטש און ביי וועמען אַ טרונק בראָנפן.

— אַכאָדי נאָ סיודי, כוועדאָר סערדיצע! נאַ פיי טשאַרקאַ. לחיים, אַ סיבה דיר אין פנים! — זאָגט מען צו אים שבת נאָכן קידוש, און כווע־דאָר טוט אויס דאָס היטל, האַלט דאָס גלעזל מיט צוויי פינגער, בויגט זיך און ווינטשעוועט אַלעמען אַ גוט יאָר.

— דאַי באָזשע זדראַווסטוואָוואַט! — און ער קערט איבער דאָס גלעזל מיטן קאָפּ אינאיינעם און פאַרקרימט זיך שטאַרק־שטאַרק, מאַכט אַזאַ תנועהלע, גלייך ווי ער טרינקט דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבן אַזאַ ביטערע משקה:

— דושע הירקע, נעכיי יאָמו סטאָ טשערטיוו אי אָרגאַ ווידמאַ!

— נאַ, זאַקוסי מיט אַ קרענק דיר אין די ביינער אַריין, שמאַטאָק שבתקאָווע בולקע! — זאָגט מען אים און מען איז אים מכבד מיט אַ שטיקל קוילעטש.

וועדליק די כתרילעווקער יידן שעלטן כוועדאָרן מיט טויטע קללות, קאָנט איר אפשר איבערקלערן, אַז מע מיינט דאָס חלילה ערנסט? זאָל אייך גאָט היטן פון אַזאַ געדאַנק! זיי וועלן אייך פאַר כוועדאָרן נישט

אַוועקגעבן קיין זאַך באָרשט, דערפאַר וואָס ער איז אַן ערלעכער; גאָלד מעג ליגן — וועט ער זיך נישט צורירן, און טאָן וועט ער אייך פאַרצען רווחות: אויסהייצן די הרובע, אַרויסגיסן די פאָמעניצע, צוהאַלטן דיציג ביז האָפּקע וועט זי אויסמעלקן, אַריינטראָגן שפּענער, אָנגיסן וואַסער אַ פאַס, איבערשווענקען דאָס געפעס, ווי אַ רעכטע באַלעבאָסטע, און אונטער אַ נויט — זיך שטיין צווינגן דאָס קינד אויך. קיינער קאָן נישט אַזוי פאַרשלעפערן אַ קינד, ווי כוועדאָר; קיינער קאָן נישט אַזוי זאַבאַווען, פאַרשפּילן אַ קינד, ווי כוועדאָר, קנאַקן מיט דער צונג, פייפן מיט די ליפּן, קלאַפּן מיט די פינגער, כאָרכלען מיטן האַלדז און כריוקען ווי אַ חזיר וכדומה אַזעלכע שטיק. און דערפאַר האָבן די כתרילעווקער יידישע קינדער ליב הוזקא כוועדאָרס שוואַרצע שטשעטשינעדיקע מאָרדע און הוזקא כוועדאָרס גראָבע שטעכעדיקע סווימקע, און ווילן נישט אַראָפּ פון זיינע הענט. די כתרילעווקער באַלעבאָסטעס זענען דערפון הוזקא ווינציק וואָס צופרידן, ווייל עס מאַכט זיך גאַנץ אָפט, אַז די קינדער ווילן עסן, און ס'איז נישטאָ וואָס, קאָן זיי אונטערוקן כוועדאָר בסוד אַ שטיקל ברויט פון מאָרבע מיט עפעס נאָך און אָנגעאָדערווען זיי, הס וחלילה, מיט מי יודע וואָס... נאָר ס'איז אַ טעות, כוועדאָר וועט אַזאַ זאַך נישט טאָן: ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָס, וואָס זיי עסן — מעג ער, כוועדאָר, אויך עסן, און דאָס וואָס ער, כוועדאָר, עסט — טאָרן זיי נישט עסן. פאַרוואָס? — דאָס איז שוין נישט זיין עסק. למאי אַ בלאָז טאָן דאָס ליכט אום שבת פון דער גרינג, אָדער אָנרירן זיך ביים לייכטער, אָדער אָפּטראָגן דעם סידור אין שול אַריין, וכדומה אַזעלכע גרינגע אַרבעטן, איז ער — מעג, און זיי — נישט? קיין חקירות דערביי איז נישט שייך. און אימלעכער באַדאַרף זיך האַלטן ביי זיינעם. און טאָמער מאַכט זיך אַמאָל, כוועדאָר קאָן נישט איינהאַלטן זיך און טוט אַ לאַך, למשל, פסח פון דער טרוקענער מצה: „דוזשע טרעשטשיט, נעבאַי יאָמו סטאָ טשערטיוו אי אָדנאָ ווידמאַ!" — האַקט מען אים אָפּ די פליגל און מע ענטפערט אים: „אַ טוואָיאַ סוויניאַ, חזיר, לוטשע?" — און כוועדאָר בלייבט שטיל.

כוועדאָר איז אָבער שטיל נאָר דעמלט, ווען ער איז ניכטער, ביז ער פאַרטרינקט זיך נישט אַזוי ווייט, אַז ער פאַרגעסט, ווי אַזוי מע רופט אים. דאָס טרעפט זיך מיט כוועדאָרן זייער זעלטן, נאָר אַז ס'טרעפט זיך שוין מיט אים, איז דעמלט — חיות נישט זיכער! דעמלט הייבט ער אָן זיך שלאָגן מיט די הענט אין האַרצן אַריין, וויינען מיט ביטערע טרערן און

שרייען: וואָס האָט מען צו אים? פאַרוואָס זייגט מען זיין בלוט, פאַר־וואָס עסט מען זיין פלייש? אָט גייט ער און מאַכט אַ תל־עולם פון גאַנץ כתריליווקע!...

— זשידי נעכריסטי, נעכיי יאָמו סטאָ טשערטיוו אי אָרנאַ ווידמאַ!...

— ער שרייט אַזוי לאַנג, ביז ער ווערט אַנטשלאָפן. און אַז ער שלאָפט זיך גוט אויס און שטייט אויף, קומט ער צוריק צו די ייִדן און איז ווידער דער אייגענער שטילער, ערלעכער „כוועדאָר־סערדיצע", וואָס פריער, גלייך ווי גאָרנישט געווען.

— אַדע טוואָאי טשאָביטע, אַ קרענק דיר אין פּנים? — פרעגט מען אים און מע הייבט אים אָן זאָגן מוסר און שעלטן בשעת מעשה מיט פוי־טע קללות, ווי געוויינטלעך: — „שאָ טי סאָבי דומאַיעש, דו באָסיאַק איי־נער? דו ווועסט דאָך פגרן ערגעץ, בודעש זדאָכניט אונטער אַ פּלויט, האָב דיר אַכציק שוואַרצע יאָר, די כּפּרה שאָב טי באָוו פאַר כּל ישראל, רבונו־של־עולם!"

כוועדאָר שטייט און קראַצט זיך אין דער פּאַטיליצע און שווייגט; ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז זיי זענען גערעכט און ער איז אומגערעכט. ער קוקט אַראָפּ צו זיך אויף די באָרוועסע פיס און טראַכט זיך: ווען האָט ער געקאָנט פאַרקויפן די שטיוול, נעכיי יאָמו סטאָ טשערטיוו אי אָרנאַ ווידמאַ?!

אָט אַזאַ מין נפש איז כוועדאָר.

אויך די אַלע איבעריקע נפשות, וואָס אין כתריליווקע, האָבן שטענ־דיק אַ פאַרקער מיט ייִדן, ווייסן וויל, אַז מששת ימי בראשית זענען די ייִדן באַשאַפן געוואָרן, זיי זאָלן זיין קרעמער, סוחרים און איבערקויפערס; וואָרום קיינער קאָן אַזוי נישט האַנדלען, דרייען מיטן קאָפּ, ווי אַ ייִד, כּי לכך נוצרת, אויף זייער לשון קומט דאָס אויס: „נאַ טאָ וואָני זשידי, שאָב האַנדליאָוואַלי"... און מע באַגעגנט זיך גאַנץ אָפט אויפן מאַרק, און מע קען זיך איינס דאָס אַנדערע זייער גוט ביי די נעמען, און מע גיט זיך אָפּ כבוד איינס דאָס אַנדערע: הריצקאָ זאָגט הערשקען „מאָשעניק", און הערשקע זאָגט הריצקען „זלאָדי", און דווקא אין גוטן מוט, און אַז מע צעקריגט זיך שוין גאָר שטאַרק, גייט מען ביידע „דאָ ראַבינאַ", און רב יחזיפל הער רב, וואָס איז שטאַרק געכאַפּט אין דעם לשון, פּסקנט אַלעמאָל אויף דער האַלב: „נעכיי בולאָ פּאָלאָווינע" — אַבי נישט דערלאָזן צו אַ חילול השם.

## קאַפּיטל ד.

# האָפּקע אַ יידישע נשמה און מאַקאַר אַ שונא־ישראל

האָבן מיר גערעדט ביז אַהער פון ערלים. אַציונד וועלן מיר אַ ביסל שמועסן וועגן האָפּקע די געשטופּלטע.

האָפּקע רעדט יידיש, ווי אַ יידיש קינד; אין איר שפּראַך וואַרפן זיך דורך אַ גוזמא לשון־קודש־ווערטער, למשל: „מירטשען, נאַכטייסע, קענאַרע, ניט, לאַסאַטע, לאַוודל, גוטיאָנטע, מאַכריינוואַסער“ און נאָך אַ סך אַזעלכע ווערטער; און כוועדאָר הינטער די אויגן האָט ביי איר קיין אַנדערן נאָמען נישט, אַחוץ „כפּרהניק“. האָפּקע איז אַזוי צונויפגעוואָקסן מיט די כתרילעווקער ווייבער, אַז ס'איז פאַראַן צייטן, וואָס סיי זיי, סיי זי אליין פאַרגעסן זיך וואָס זי איז און ווער זי איז, און מע שאַפט זיך מיט איר אַזעלכע אַרבעטן, וואָס געהערן זיך אָן צו לויטער יידישקייט. למשל: גיין צום רב מיט אַ שאלה, העלפן אויסזאַלצן פלייש, כשר מאַכן די עופות, העלפן אַריינשלעפן דעם פּסח אין שטוב אַריין וכדומה אַזעלכע זאַכן, וואָס האָפּקע איז אין דעם געהיט מער ווי אַן אַנדער יידיש קינד. זי ציטערט פאַר מילכיקס מיט פליישיקס אימת מות און היט זיך פאַר חמץ אַלע זיבן טעג פּסח, עסט גלייך מיט אַלע יידישע קינדער מצה, רייבט דעם מרור אויף וואָס די וועלט שטייט, און האָט דערפון הנאה, ממש ווי אַ יידישע טאָכטער. אַ לאַנגע צייט האָט דער כתרילעווקער פּריסטאַוו נישט געוואָלט גלויבן, אַז האָפּקע איז נישט קיין יידישקע, ביז ס'האָט זיך געטראָפן מיט איר אַ מעשה, זייער נישט קיין שיינע... האָט מען זי געפּאַקט און געוואָלט פאַרשיקן ווייט־ווייט, איז געווען איר גליק, וואָס אין דער מעשה איז געווען פאַרמישט אַ זייטיקער פאַרשוין, דער שרייבער פון דער מעשטשאַנסקע אופּראַווע, מאַקאַר כאָלאָדנע, אַ גרויסער שונא־ישראל, אַן אמתער צורר־היהודים, איינער פון די גרעסטע אינטעליגענטע אַנטיסעמיטן אין כתרילעווקע. ווען נישט דער רחמנות פון האָפּקע, וואָלטן די דאָרטיקע יידן דערלעבט אַ נקמה אין דעם המנען, נאָר מחמת מיט מאַקאַרס מפּלה וואָלט באַדאַרפט אומגליקלעך ווערן אויך האָפּקע, האָבן די יידישע עדות זיך אַ נעם געטאָן צוריק און געזאָגט פאַרן סלעדאָוואַטעל, אַז דאָס, וואָס זיי האָבן גערעדט, האָבן זיי געבילט — און דער עסק איז צעריבן געוואָרן...

פון דעמלט אָן וואָלט, דאַכט זיך, מאַקאַר כאָלאָדנע באַדאַרפט שלום מאַכן מיט די יידן און ווערן זיי דער בעסטער גוטער פריינד; נאָר ווי עפּעס דורך

אַ מין קאַפּריז פֿון דער נאַטור איז ער, אַדרבא, געוואָרן נאָך מער שונא־ישראל, נאָך מער צורר־היהודים, נאָך מער אַנטיסעמיט, ווי פֿריער.

מאַקאַר האָט פֿון קינדווייז אָן, קאָן מען זאָגן, געליטן צרות פֿון ייִדישן פֿאָלק און געטראָגן אַ שנאה טיף אין האַרצן תחילת אויף די כתרילעווקער ייִדן אַליין, און נאָכדעם—אויף אַלע ייִדן פֿון דער גאַנצער וועלט. נאָך בשעת ער איז געווען גאָר אַ קליינער, געטריבן אַ באָרוועסער די עם טאַטנס גענדז אויף דער פּאַשע, פֿלעגט ער נישט איין מאָל באַגעגענען זיך מיט ייִדישע קינדער גיין פֿונעם חדר, און אַנשטאָט אַ „גוט מאָרגן“ פֿלעגט ער זיי, אויף קאַטאַוועס, געווייַנטלעך, איבערקרימען ווי זיי רעדן „מאַטעלי־מאַמעלי“, טרייסלען בשעת מעשה מיט אַ פּאָלע. נישט צו מיינען דערביי חלילה עמעצן באַליידיקן, נאָר גלאַט אַזוי אין גוטן מוט. ייִדישע קינדער אָבער, צאַן־קדשים, יעקבס אייניקלעך, וואָס לערנען חומש מיט רש״י, האָבן זיך חוזק געפֿונען פֿאַר אַזאַ זאַך באַליידיקט און האָבן אים אָפּגעענטפֿערט מיט אַ ייִדיש לידל, וואָס כאָטש מאַקאַר האָט די ווערטער נישט געקאָנט פֿאַרשטיין, נאָר פֿונעם נוסח און פֿון זייער לאַכן האָט ער גאַנץ גוט אַרויסגעזען, אַז דאָס מיינט מען אים דערלאַנגען ביזן ביין אַריין, און מאַקאַר האָט קיין טעות נישט געהאַט. אָט האָט איר דאָס לידל אַליין:

קישקעס קאָכן  
אין דער וואָכן!  
מיר אַ ברויט,  
דיר אַ טויט!  
מיר אַ וואָגן,  
דיר באַגראָבן!  
מיר אַ שליטן,  
דיר באַשיטן!

נאַרישע קינדער! ערשטנס, איז די מעשה פּונקט קאַפּויר: ברויט האָט מאַקאַר, נישט זיי; אויף אַ שליטן פֿאָרט מאַקאַר, נישט זיי! און צווייטנס, ווי אַזוי שטעלן זיך דאָס איין ייִדישע קינדער, זיי מעגן זיין אַ גאַנצער מנין, זאַטשעפּען זיך מיט מאַקאַרן, ער מעג זיין איינער? מאַקאַר האָט, נישקשה, אַ פּאָר ידים, וואָס קאָן באַשטיין פֿאַר צען גוטע שאַרפֿע שפּיציקע קעפּלעך פֿון די בעסטע צען ייִדישע חדר־ייִנגלעך. מאַקאַר האָט זיי דערמלט גאָר, אוי־אוי, געגעבן צו פֿאַרשטיין דעם פּשט פֿונעם פּסוק, וואָס זיי האָבן געלערנט אין חדר: „הקול קול יעקב והידים ידי עשו“...

שפּעטער, אַז מאַקאַר האָט געשטודירט אין „פּריכאָדסקאָיע“, האָט ער געהאַט מיט זיי באַגעגענישן זומער אין פעלד, הינטער דער שטאָט, און ווינטער אויפן אייז, בשעתן גליטשן זיך, און אַלעמאָל האָט געמוזט אַרויס עפּעס אַ מחלוקת צווישן ביידע צדדים. אויף דעם נאָמען „זשיד“, וואָס, אײַגנטלעך, איז דאָך עס גאָר אַ געוויינלעך וואָרט, ווי למשל „פּארך“, האָבן זיי אים גראָב געענטפערט: „סוויניא“, און אויף זייערע אייגענעסענע ליצנות האָט ער זיי געענטפערט מיט קלעפּ און האָט זיי גאַנץ אָפט באַוויזן, ווי אַזוי די קינדער ישראל אַנטלויפן פאַר די פּלשתים, און ווי אַזוי די פּלשתים יאָגן זיי נאָך פון הינטן מיט שטעקנס און מיט שטיינער, הוקען און טיוקען און פייפן און סווישטשען:

„אַ טיו־טיו, זשידי, היי!
טער־טער־טער!...“ ז

קאפּיטל ה.

## באַווייזט, ווי אַזוי ווערט פון אַן אַנטיסעמיט אַ פילאָזאָף

ווייטער פון דער „פּריכאָדסקאָיע“ איז מאַקאַר נישט געגאַנגען; ער איז געבליבן, נישט דאָ געטראַכט, אַ יתום, געירשנט פון די עלטערן אַ קליין שטיבל מיט אַ שטיקל גאָרטן, און אַ יודע־ספר איז ער דאָך געווען, האָט ער זיך באַלד אַ וואָרף געטאָן צו דער „סלוזשבע“, זיך גענומען צו דער פען, באַקומען אַן אויסגעשריבן הענטל און געוואָרן אין דער כתרילעווקער מעשטשאַנסקע אופּראַווע שרייבער, און נאָכדעם סעקרעטאַר, און נאָכדעם כל ולך — און דאָרט האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן זײַנע באַגעגענישן מיט זײַן רעכט באַקאַנט ווערן מיט די כתרילעווקער ייִדן...

די סטיטשקעס, וואָס ער האָט מיט זיי געהאַט, זענען תחילת געווען אפילו נישט אַזוי געפערלעך. ביידע צדדים האָבן זיך באַנוגנט נאָר מיט שאַרפע אָנצוהערעניש, מיט שטעכווערטלעך און מיט ליצנות איינס אויף דאָס אַנדערע. ער זיי: „איצקאַ“ בערקאַ, איי ווײ, שבת, קוגעל!“ און זיי אים: „וואַשע בלאַהאָראָדי“ מיט אַ שנעל איבערן קאָלנער און מיט אַן אָנצוהערעניש, אַז דאָרט קריכט עפּעס אַרום...

עס מאַכט זיך אַמאָל, הערט איר, אַן אָנצוהערעניש, וואָס איז ערגער צען מאָל ווי אין טאַטן אַריין געשאָלטן, און פאַראַן ווערטער, וואָס זענען ערגער טויזנט מאָל פון פּעטש. און אויף ווערטער זענען דאָך די כתרילעווקער ייִדן די ערשטע בריהס, די גרעסטע מזיקים אין דער וועלט! פאַר אַ

גלייכוואָרט וועט אײַך אַ כתרילעווקער, ווי עס איז שוין באַוווּסט אויף דער גאַנצער וועלט, נישט זשאַלעווען קיין צען מייל צופוס, ריזיקירן מיט פּרנסה, איינשטעלן כמעט דאָס לעבן. אַ כתרילעווקער יענער, אַ מקבל, דער וואָס גייט איבער די הײַזער, אַז ער קומט נאָך אַ נדבה און מע גיט אים נישט, בעט ער, מע זאָל אים כאָטש לאָזן זאָגן אַ משל, און סע מאַכט זיך אָפּטמאָל, אַז ער באַקומט פאַר אַזאַ משל אַ מיאוסן פּסק; ער עפנט טאַקע מיטן קאָפּ די טיר. ס'איז אָבער אַלץ כדאי אַבי אויסגעבראַכט אַ גלייכווערטל. אָט אַזעלכע לײַט זענען מײַנע כתרילעווקער, און איר האָט אַ טעות, אויב איר רעכנט, אַז מע וועט זיי איבערמאַכן, און אויב איר מיינט, אַז איך טו מיך מיט זיי שעמען... נאָר מיר קערן זיך אום צוריק צו אונדזער מאַקאַר.

אומזיסט־אומגעזישט האָבן זיך די כתרילעווקער ייִדן געקויפט אַ מסוכנעם שונא. זיי האָבן זיך פאַרגעסן אינעם פּסוק: ה ז ה ר ב ג ו י ק ט ן. זיי האָבן געמיינט, אַז מאַקאַר וועט אייביק זײַן אַ שרײַבערל אין דער מעשטשאַנסקע אופּראַווע. זיי האָבן פאַרגעסן, אַז ער איז אַ „טאַטנס אַ קינד" און שנײַדט זיך אויף אַ טשין. און מערקווירדיק! זיי האָבן קיין צײַט נישט געהאַט זיך אַרומקוקן, איז שוין מאַקאַר אויסגעוואָקסן אַ גרויסער, אַ געזונטער, מיט געדיכטע שוואַרצע וואָנסעס, מיט אַ רויטן אָקאָלעשעק און מיט אַ קנעפּל אויפן קאַשקעט! און קוים האָט ער אָנגעטאָן דאָס קנעפּל, אַזוי האָט ער זיך באַלד אויסגעבויגן, אַרויסגעשטעלט דעם בויך, געוואָרן העכער און גרעבער ווי ער איז געווען, באַקומען אַ פּאָר ברייטע אַקסלען מיט אַ מאָדנעם שפּאַן — גאָרנישט דער מאַקאַר! ער הייסט שוין נאָר אַ נײַעם נאָמען — מאַקאַר פּאַוולאָוויטש, און איז אַ גוטער ברודער מיט אַלע פּריצים אין שטאָט: מיטן וועטערינאַר, מיטן פעלדשער און מיטן פּאָסטמייסטער, און מיט אַלע.

די גוט־ברודערשאַפט זײַנע מיטן פּאָסטמייסטער איז אים מער צוגוץ געקומען. ווי אַלע אַנדערע באַקאַנטשאַפטן. מחמת דאָ, אויף דער פּאָסט, איז געווען אַ קוואַל, פון וואַנען ער האָט געשעפּט זײַן השכלה און אַלע וויסנשאַפטן פון דער אייניציקער גאַזעט „די פאָן", וואָס פריער האָט זי דורכגעקוקט, געוויינטלעך, דער פּאָסטמייסטער אַליין, נאָכדעם מאַקאַר פּאַוולאָוויטש, און נאָכדעם שוין דער אַבאָנענט פון דער גאַזעט, אַ פּריצל פון זלאָדיעווקע, נישט ווײַט פון כתרילעווקע, וואָס איז נישט קראַנק געווען צו לייענען די נײַעס שפּעטער מיט עטלעכע טעג. דער רוח וועט אים נישט נעמען, ער שפּילט סײַ ווי סײַ טאָג ווי נאַכט אין סטוקולקע און באַגעגנט די שכנים אַלע אַרום ווו זיי האָבן ערגעץ אַ גראָשן. אַזוי האָט געזאָגט

דער פּאָסטמייסטער אַליין. און מאַקאַר פּאַוולאָוויטש האָט דערווייל גע=
האַט וואָס צו לייענען און פון וואָס צו רעדן. און מחמת „די פּאַן“, ווי ס'איז
באַוווּסט, איז דאָך אַ יידישע צייטונג, וזי טראָגט שטאַרק אויפן קאָפּ די
יידן, זאָרגט זיך פון זייערטוועגן, זוכט מיטלען ווי אַרום מע זאָל זייערער
פּטור ווערן, פאַרשטייט זיך, טאַקע פון זייער טובה וועגן, האָט דאָס געגע=
בן אונדזער מאַקאַרן שטאָף אויף צו באַקענען זיך גוט מיט יידן אַרום און
אַרום פון אַלע זייטן, און ער איז געווען מיט גאָטס הילף חריף אַ געזונטער
אין יידישע ענינים, אַ גאון=עולם אין תלמוד און אין שולחן=ערוך און אין
אַלע יידישע דינים און מנהגים: מכוח פּראָצענט נעמען, מכוח אָפּנאַרן
און אויסנאַרן, און אפילו מכוח באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח. די אַלע
זאַכן האָבן אונדזער פילאָזאָף מאַקאַר אַזוי שטאַרק פאַראינטערעסירט, אַז
ער האָט דאָס געוואָלט דערגיין טאַקע פונעם מקור, פונעם שורש, טאַקע
ביי די כתרילעווקער יידן אליין, וואָס כאָטש ער האָט זיי פיינט, ווי אַ ייד
חזיר, פונדעסטוועגן האָט ער צווישן זיי גוטע פריינד, וואָס ער ליגט מיט
זיי נאָך עד היום גאָר קיין מעשה נישט.

קאַפּיטל ו.

## מרדכי=נתן דער נגיד און טעמע=ביילע זיין „פרוי“

איינער פון די ערשטע גוטע פריינד מאַקאַרס אין כתרילעווקע איז
מרדכי=נתן דער נגיד און דער חשוב אין שטאָט, וואָס איז שקול כנגד
אַ סך, אַ סך אַנדערע באַלעבאַטים.

דער נגיד מרדכי=נתן, ווי געוויינטלעך אַ נגיד, האַלט די שטאָט ביי
זיך אין בוזעם, טוט מיט איר וואָס ער וויל, וואָרום ער איז בעל=טאַקסע.
ער איז גבאי, ער איז ראש וראשון, ער איז דער העלפּירער, ער איז
אַלץ — מיט איין וואָרט, ער איז דער נגיד. כאָטש, אַז מע וויל שמועסן אין
תוך אַריין: אין וואָס באַשטייט זיין נגידותשאַפט — דאָס ווייסט קיינער
נישט. למשל, אַז איר וועט אָנכאַפּן אַ כתרילעווקער און אַ פרעג טאָן אים:
וויפל, אַשטייגער, פאַרמאָגט מרדכי=נתן? וועט ער זיך אָפּשטעלן, זיך
אַ נעם טאָן ביים בערדל, אַ מאַך טאָן מיטן קאָפּ און אויסציען מיט אַ ניגון
און מיט אַ טיפן זיפץ דערביי:

— מרדכי=נתן? חוץ זיין שאָדן אויף מיר געזאָגט געוואָרן. כאָטש
האַלב, כאָטש אַ הונדערט=חלק; איר שפּילט זיך מיט מרדכי=נתנען?
מרדכי=נתן איז אַ ייד אַ נגיד!

— וואָס זשע הייסט אַ נגיד? אין וויפל, אַשטייגער, קאָן מען אים שאַצן?

— שאַצן? שייך זאָגן שאַצן? עס לאָזט זיך דען אָפּשאַצן?

— פאָרט, וואָס האָט מרדכי־נתן?

— מרדכי־נתן? ערשטנס, האָט מרדכי־נתן אַ שטוב אַן אייגענע.

— נו?

— מיט אַ הויף אַן אייגענעם.

— נו?

— מיט ציגן עטלעכע.

— נו?

— הייסט די קלייט? אַ שאַרפע קלייט!

— נו?

— הייסט די טאַקסע?

— נו?

— ווידער אַמאָל נו און אָבער אַמאָל נו, וואָס האָט איר זיך צעגנו־קעט? אַ יידן איז דיר נאָך קאַרג! וואָס האָט איר געוואָלט? ער זאָל עפע־נען אַ באַנק? שיטן מיט גאָלד? פאָרן אין קאַרעטעס?

און דער כתרילעווקער גייט אוועק פון אייך אַ ברוגזער — און אַ גערעכט. וואָרום וואָס קאָן אַ מענטש פאַרלאַנגען מער ווי מרדכי־נתן איז, אַז ער איז פאָרט דער נגיד, פאָרט דער ראש וראשון, פאָרט דער חשוב אין שטאָט? ווער איז גבאי אין חברה־קדישא? ווער איז ראש וראשון? ווער איז תקיף אין שטאָט? מרדכי־נתן. ווער מאַכט אַלע שבת־צונאַכטס אַ מלווה־מלכהלע פאַר די שבעה טובי העיר? מרדכי־נתן. ווער איז אַ חשוב ביי נאַטשאַלסטווע? מרדכי־נתן. הכלל — מרדכי־נתן, מרדכי־נתן!

מרדכי־נתן, פאַרשטייט איר, ווייסט ווי אַזוי מען באַדאַרף זיך באַגיין מיט אַ וועלט, ווי אַזוי מע באַדאַרף זיך פירן מיט נאַטשאַלסטווע. אַלע פרייטיק — צונאַכט האָט ער צו־גאַסט ביי זיך אויף פיש דעם פריסטאַוו. דער כתרילעווקער פריסטאַוו איז אַ גרויסער ליבהאָבער פון יידישע פיש, און אַלע מאָל, ווען ער עסט זיי, קאָן ער זיך גאָרנישט אָפּלויבן, ווי אַזוי גוט מע קאָכט ביי יידן פיש, ווי באַטעמט זיי זענען, זיס ווי צוקער — ממש ער לעקט די פינגער.

— נעמא לומשע יאק זשידאָווסקאַ ריבא סטיאָרטעם כרענאָם! — זאָגט ער אַלע מאָל מיט דעם אייגענעם נוסח.

דעם באַלעבאָס און דער באַלעבאָסטע איז דער קאָמפּלימענט, אפּנים, שטאַרק געפעלן, מחמת זיי קוועלן ביידע, ווערן ברייטער ווי לענגער, שוויצן אַזש פאַר תענוג, און מרדכי־נתן וויל איינרעדן דעם גאַסט, אַז ס'איז פאַראַן ביי יידן נאָך בעסערס ווי פיש מיט כריין. דער גאַסט וויל נישט גלויבן:

— דהיינו?

— דהיינו...

און מרדכי־נתן זוכט עפּעס אַזעלכעס ביי יידן, וואָס זאָל זיין נאָך בעסער פון פיש מיט כריין, און האָט מורא ארויסזאָגן. צימעס? טאָמער בלייבט ער ווארטן ביזן צימעס — וואָס דארף ער אים? קוגל? טאָמער הייסט ער עפּענען דעם טשאָלנט אין מיטן פרייטיק־צונאַכטס? אַ קשיה אויף אַ מעשה, וואָס עס קאָן זיך טרעפן מיט אַ יידישן קוגל?... און מרדכי־נתן קומט אָפּ מיט אַ קליין געלעכטערל: „כע־כע". דערויף ענטפערט אים דער גאַסט: „כע־כע־כע". און מרדכי־נתן איז צופרידן, וואָס יענער לאַכט, העלפט ער אים לאַכן: „כע־כע־כע־כע!" און בשעת מעשה דערלאַנגט דער גאַסט דעם באַלעבאָס מיטן עלנבויגן אין זייט אַריין און אַ שמייכל צו דער באַלעבאָסטע. און דער באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע ווערן צעשמאָלצן פאַר תענוג.

פלוצעם כאַפּט זיך אויף דער גאַסט, ווישט זיך אויס די הענט און דאָס מויל מיטן קלאָר ווייסן טישטעך פונעם טיש, פאַרשפּילעט זיך אויף אַלע קנעפּ און טוט אַ זאָג שוין ערנסט, אָן אַ שום סימן פון ליצנות:

— צייט אויף „סלוזשבע!"...

און מרדכי־נתן מיט טעמע־ביילען שטייען אויף לכבוד דעם גאַסט, אים באַגלייטן, קוקן אים אין פּנים אַריין מיט אַזעלכע אויגן, ווי אַ הונט קוקט אויפן באַלעבאָס, ווייל ווייסן מיט וואָס ער שמעקט, בויגן זיך און נייגן זיך און בעטן אים, ער זאָל חלילה נישט פאַרגעסן קומען איבעראַכט־טאָג שבת...

— מיטן קאָפּ אין דער ערד! — בענטשט אים די באַלעבאָסטע אויף דער זייט טיר און קאָכט און זידט און ברענט אויפן מאן, וואָס טאָג ווי נאַכט, און אפילו שבת, האָט ער צו טאָן מיט נאַטשאַלסטווע. מרדכי־נתן הערט און שוויגט. אַ מאָדנער מענטש אָט דער מרדכי־נתן! דער מחבר פון דער געשיכטע קאָן זיך נישט איינהאַלטן און כאַפּט אַראָפּ דעם פּאָר־

טרעט פונעם דאָזיקן פאָרל, בכדי באַקאַנט צו מאַכן מיט זיי די גאַנצע וועלט.

מרדכי-נתן איז אַ ייד אַ הויכער מיט לאַנגע הענט. אַליין איז ער דאַר און טרוקן, און מחמת די באַקן סטערטשען, קומט אויס דאָס פנים פירעקעכיק, ווי ביי אַ כינעזער, און קוים-קוים באַוואַקסן מיט אַ שיטער בערדל. די ליפן זענען ביי אים תמיד צו, דאָס מויל אַ ביסל אויף אַ זייט, זעט אויס, ווי ער האַלט אַ סוד ביי זיך שטענדיק פאַרבאָרגן, און שטענדיק איז ער ערנסט. און דער שטערן איז פול מיט קנייטשן, און רעדט נישט קיינמאָל הויך, קיין איבעריק וואָרט נישט. נאָר דעמלט, ווען ער קומט זיך צונויף מיט נאַטשאַלסטווע, איז דאָס גאָר אַן אַנדער מרדכי-נתן: די קנייטשן פונעם שטערן צעגייען זיך, ווערן פאַרשווונדן, דאָס פנים הייבט אָן צו שיינען און די ליפן ווערן אויפגעשלאָסן, און דאָס מויל גלייכט זיך אויס, הייבט אָן צו רעדן — שוין גאָרנישט דער, גאָר אַן אַנדער מרדכי-נתן. טאָמער ווייסט איר, צוליב וואָס קאָכט ער זיך אַזוי אין נאַטשאַלסטווע? נאָר צוליב כבוד, צוליב גדלות, בכדי טאָמער וועט אַמאָל אַ כתרילעווקער עפעס דאַרפן האָבן, וועט ער קומען צו גיין מיט אַ געבעט: „סטייטש, רב מרדכי-נתן, ווער נאָך איז אַזאַ חשוב ביי נאַטשאַלסטווע, ווי איר?“ צוליב דעם איינעם וואָרט „חשוב“ איז ביי אים כדאי, סע זאָל אים קאָסטן אי בזיונות, אי געלט — אַ מאָדנער מענטש אָט דער מרדכי-נתן!

מרדכי-נתנס ווייב — טעמע-ביילע די נגידית איז דווקא אַ יידענע אַ נידעריקע אַ גראָבע, זעט אויס ווי אַ מעשן שטויסל, אָדער ווי אַ בייכיק סאַמאָוואַרל מיט אַ קליין שפיציק טשייניקל אויף דער קאָנפאָרקע. ווי גראָב און קיילעכיק זי איז פון אונטן, אַזוי קליין און שפיציק איז דאָס קעפל, און שטענדיק זידט דאָס, דאָס בייכיקע סאַמאָוואַרס, זידט און זשומעט, אין כעס אויפן מאַן, אין כעס אויף דער דינסט, אין כעס אויף די כתרילעווקער ציגן, אין כעס אויף די כתרילעווקער ווייבער, אין כעס אויף דער גאַנצער וועלט! דאָס גאַנצע גליק איז, וואָס סיי דער מאַן, סיי די דינסט, סיי די כתרילעווקער ציגן און ווייבער, סיי די גאַנצע וועלט הערן זי, ווי פסח דעם קאָטער, אָדער ווי המן דעם גראַגער. דער מאַן האָט צו טאָן שטענדיק מיט קהלשע געשעפטן, מיט נאַטשאַלסטווע; די דינסט טוט איר אויף צו להכעיס, ברענט צו די קאַשע, פאַרשרפהט די קאַרטאָפליעס, זידט איבער די מילך אין אויוון; די כתרילעווקער ציגן טוען איר צום טויט, שפרינגען אויפן דאַך און צופן איינציקווייז די שטרוי פון דער סטריכע; די כתרילעווקער ווייבער דערגייען איר די יאָרן אין מאַרק ביי

די פיש, אין יאַטקע ביים פלייש, אין שול ביי די תחינות, און להבדיל אין באָד אפילו... ניין, די וועלט האַלט נישט פון טעמע=ביילען! און מסתמא איז דאָ פאַרוואָס. אַ וועלט איז נישט משוגע...

אַציגד, אַז מיר האָבן זיך אַ ביסל באַקענט מיטן דאָזיקן פּאָרל, קאָנען מיר שוין, דאַכט זיך, רואיק גיין ווייטער, צו די איבעריקע נפשות, וואָס מרדכי=נתן דער נגיד רייבט זיך אַרום זיי אַזוי שטאַרק.

קאַפּיטל ז.

## דער „אדון=בפקדך“ ביים נגיד אין קלייט און אין שטוב

דער אַנדערער גאַסט ביי מרדכי=נתן דעם נגיד איז אונדזער באַקאַנטער מאַקאַר, מאַקאַר פּאַוולאָוויטש. נאָר נישט קיין שטוב=גאַסט — אַ קלייט=גאַסט, אַ גאַסט, וואָס קומט צו אים אָפט אין קלייט אַריין, אין דער שניט=קראָם. מרדכי=נתנס שניט=קראָם, דאַרפט איר וויסן, איז דאָס ערשטע געוועזענשניט אין כתרילעווקע, וואָס דאָרטן קריגט איר אחוץ דעמיקיטאָן, ריפּס, ליוסטרינע, פּאַרוסינע, ציץ און זאָנע און מאַדעפּאָלאָן, אויך דראַפּ און טריקאָ און שעוויאָט און סאַמעט און אַטלעס און סאַטין און מוסלין און אַלצדינג, וואָס אַ האַרץ גלוסט — נאָר די לעצטע מוסטערן, וואָס זע קריגט דאָס נישט אפילו אין יעהופּעץ". אַזוי זאָגט מרדכי=נתן, און אַזוי זאָגט מרדכי=נתנס ווייב, טעמע=ביילע, און אַזוי זאָגן מרדכי=נתנס קלייט=משרתים. און גייט זאָגט זיי, אַז ניין! אַלע פּריצים פון כתרילעווקע און פון דער סביבה זענען מרדכי=נתנס קונים, און דאָס רוב קריסטן גלייבן אים אויף נאמנות. אַז מרדכי=נתן אַליין זאָגט נאָר דאָס איינע וואָרט „בנאמנות“, דינגט מען זיך שוין נישט. טעמע=ביילע מעג זיך שווערן מיט כל השבועות שבעולם, איז דאָס אַרויסגעוואָרפן, און מרדכי=נתנס איין וואָרט „בנאמנות“ איז קודש קדשים. אָט אַזוי איז דאָס — קיין קשיות פרעגט מען נישט.

אויך מאַקאַר איז איינער פון מרדכי=נתנס קונים, וואָס האַנדלען מיט אים אויף נאמנות. מאַקאַר איז זיינער אַ קונה שוין פון לאַנג, נאָך פון יענער צייט, אַז ער איז נאָך נישט געווען מאַקאַר פּאַוולאָוויטש, נאָר מאַקאַרקע, און וואָס דעמלט פלעגט מרדכי=נתן אים נישט וועלן געטרויען אויף באָרג קיין פאָדעם אפילו; ער פלעגט זיך נישט שעמען אים זאָגן גאַנץ פּשוט:

— נתן מעות לקח קמח, וואַשי הראָשי, נאַשי טאָוואַר.

שפּעטער, אַז מאַקאַר איז געוואָרן אַ שטיקל מאַכער און אין דער אופּראַווע, האָט אים שוין מרדכי־נתן געגעבן אַ קרעדיט, געוויינטלעך, אויף אַ קוויטעלע, אַ וועקסעלע, געזאָגט אים בשעת מעשה שוין מיט אַ שמייכעלע. האַלב אויף גוייש, האַלב אויף לשון־קודש:

— נע וויבאַטשייטיע, פּאַניטשע, שלום בבית משכון בקעשעניע...

נאָך שפּעטער, אַז מאַקאַר האָט אָנגעטאָן אַ קנעפּל און אַ הענגע־קאָלנער, האָט אים מרדכי־נתן געגעבן אַ שיינעם קרעדיט, און מאַקאַר פּאַוולאָוויטש, אַז ער קומט אַריין אין שניט־קראָם אַריין, טראָגט אים מרדכי־נתן אַקעגן דאָס בענקל און בענטשט אים מיט אַ טיטל „וואַשע וויסאָקאָבלאַהאָראָדיע", און מאַקאַר פּאַוולאָוויטש צעלייגט זיך גאַנץ ברייטלעך, פֿאַרוואַרפֿט אַ פֿוס אויף אַ פֿוס, פֿאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און שמועסט זיך אויס מיט מרדכי־נתנען גאַנץ פּראָסט, בלשון „די", גאָר פֿריינדלעך:

— עי, פּאָסלושאַי, מרדכי־נאָס!

און מרדכי־נתן שטייט פֿאַר אים מיט אַ געמאַכטן דרך־ארץ, מיט אַ געמלאכהטן רעספּעקט. און טראַכט זיך בשעת מעשה: „פֿון וואַנען האָט זיך גענומען אַהער, אהון בפּקדך?" און דער „אהון בפּקדך" מאַכט אַ ריי־ מכוח ייִדן, ייִדישע געשעפֿטן, שאַכער־מאַכער, און לאָזט אַרויס אַלעמאָל אַ הויכן געלעכטער מיט אַ מאָדנעם הוסט, וואָס דערלאַנגט מרדכי־נתנען, ווי מיט אַן אַרשין אין דער זיבעטער ריפּ, נאָר ער האַלט זיך איין און שמייכלט מיט אַ פּאַסקודנע געמאַכט שמייכעלע, וואָס ווען מרדכי־נתן זאָל זיך קאָנען אָנקוקן בשעת מעשה אין שפּיגל, וואָלט ער זיך אַליין נמאס געוואָרן.

דער שמועס פֿונעם „אהון בפּקדך" דרייט זיך אַלץ אַרום אַזעלכע זאַכן, וואָס מרדכי־נתן הערט זי אין דער לינקער פּאה, אין איין אויער אַריין, פֿונעם אַנדערן אַרויס; וואָס ווייטער — ווייטער גייט ער אַריבער אויף אַזעלכע ענינים, וואָס מרדכי־נתן קאָן עס שוין נישט האָרכן, למשל: ער פֿרעגט ביי אים, צי ס'איז אמת, וואָס די ייִדן שעלטן אַלע שבת אין שול די איבעריקע פֿעלקער מיט דער תוכחה, און שפּייען אויפֿן קלויסטער. און אַז אַ קריסט גייט אַוועק פֿון אַ ייִדן, באַדאַרף מען אויסגיסן נאָך אים די פּאָמעניצע? וכדומה אַזעלכע שטותערייען, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפֿלויגן.

מרדכי־נתן וויל זיך אויסדרייען פֿון זיינע הענט, פֿאַרשלאָגט אים האַקע־באַקע, מכוח אופּראַווע, מכוח קאָראָבקע, סוועטשנע סבאָר. ווער־וואָס? ער לאָזט זיך נישט פֿאַרדרעדן די ציין, כאָטש גיב אים אַ קרענק! ער פֿרעגט־

צו צו אים איין מאָל פאר אלע מאָל: ער זאָל זיך אים נאָר מודה זיין. מרדכי־נתן פרוווט זיך מיט אַ ליצנות, פרעגט אים: „ווו האָט דאָס זיין וויסאָקאָ־בלאַהאָראָדיע געשטודירט אַזעלכע דינים?“ מאַקאַר קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין און פאַלט אויף אַזאַ מין המצאה: ער טוט אים אַ כאַפּ פּלוצעם אומגעריכט, ווי זאָגט מען — צוגעקוועטשט צו דער וואַנט:

— נו, און בלוט?

— וואָסער בלוט?

— פּסח?... מצה?... האַ?...

און מרדכי־נתן פאַלט אויף אַ גלייכער המצאה. ער טוט אַ ריר דעם אדון איבער דער פּלייצע, אַ גלעט דעם הענג־קאָלנער, און מיט אַ פאַסקודנע געלעכטערל פון אַ הונט אַ חונפניק טוט ער אים אַ זאָג, אַז דער אדון איז אַ גרויסער לץ, כע־כע־כע! און אַז דער אדון הייבט זיך אויף און גייט אַוועק, זאָגט אויף אים מרדכי־נתן אַ שבח. אַז דער „אדון בפקדך“ איז אַ שווערער אדון, דאָס הייסט, מע קאָן אויף אים נישט זאָגן, ער זאָל זיין אַ רשע — חלילה! נאָר גלאַט אַ כלב שבכלבים...

איינמאָל — ס'איז געווען שבת בייטאָג — איז מרדכי־נתן דער נגיד געזעסן אין שטוב און געלערנט פּרק; פּלוצעם עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין... מאַקאַר כאָלאָדנע! פריער האָט זיך אונדזער נגיד אַ ביסל ווי דערשראָקן, פאַרוווּנדערט: ווי קומט דער „אדון בפקדך“ אַהער פּלוצעם נאָכן שלאָף? נאָכדעם האָט ער אים געמאַכט זייער אַ פריינדלעך פּנים און מיט אַ שמייכל געבעטן אים זיצן, אויסגעטאָן דאָס שבתדיקע היטל און געבליבן אין דער יאַרמלקע און אַ געשריי געטאָן צום ווייב:

— טעמע־ביילע! הער נאָר, גיב אַהער עפּעס אין מויל אַריין!

טוט מאַקאַר אַ מאַך מיט דער האַנט:

— מע דאַרף נישט. איך בין געקומען צו דיר מכוח אַן ענין. ס'איז אַ סוד...

דערהערט דאָס וואָרט „אַ סוד“, כאַפּט זיך אויף מרדכי־נתן און וויל צוקייטלען די טיר. נעמט אים אָן מאַקאַר ביי דער האַנט:

— מע דאַרף נישט, ס'איז נישט אַזאַ סוד, וואָס מע זאָל זיך דאַרפן פאַרשליסן. איך האָב דיך נאָר געוואָלט פרעגן אַ קלייניקייט, דו ביסט אַ קלוגער מענטש און אַן ערלעכער, ביי דיר וועל איך וויסן דעם רעכטן אמת.

מרדכי־נתן גלעט זיך די פּאות מיט גרויס גדלות און איז שטאַרק צופרידן פונעם קאָמפּלימענט. די אויגן ווערן אים אַזש ווי מיט פעטן אי־

בערגעציויגן. ער ווערט צעשמאָלצן פֿאַר תענוג, און ס'ע טוט אים באַנג, וואָס ס'איז קיינער נישטאָ דערביי.

— מסתמא האָסטו געהערט די מעשה מיטן מיידל? — פרעגט אים מאַקאַר און קוקט אים גלייך אין די אויגן אַריין, ווי אַ סלעדאָוואַטעל.

מרדכי־נתן שטעלט אויף די אויערן, ווי אַ האָז.

— מיט וואסער מיידל?

— מיטן מיידל, וואָס יידן האָבן זי געקוילעט און האָבן אָפּגעצאַפּט פֿון איר דאָס בלוט און באַהאַלטן דאָס אויף פסח.

פריער צעלאַכט זיך מרדכי־נתן מיט זיין דריבנע געלעכטער: כע־כע־כע! און נאָכדעם ווערט אים דאָס פּנים בלאַס און גרין, און די אויגן צינדן זיך אָן מיט פייער.

— שקרים וכזבים! — זאָגט מרדכי־נתן און טרייסלט מיטן קאָפּ. און די פּאות שאָקלען זיך.

— ס'טייטש, מע שרייבט אין די גאַזעטן! — זאָגט אים מאַקאַר און לאָזט נישט אַראָפּ פֿון אים קיין אויג.

— די גאַזעטן ליגן, ווי די הינט! — שרייט אויס מרדכי־נתן.

— די גאַזעטן שרייבן, אַז ס'איז פאַראַן אַ פּראָטאָקאָל. — פרוווט זיך מאַקאַר אים איבערשפּאַרן. — איך האָב אַליין געלייענט, אַז ס'איז פאַראַן אַ פּראָטאָקאָל.

— שקר וכזב! — שרייט מרהדכי־נתן אין איין קול און טרייסלט מיט דער יאַרמלקע, און די פּאות ציטערן.

— וואָס איז שקר וכזב? — פרעגט אים מאקאר, שוין רויט פאר כעס. — דאָס וואָס איך דערצייל דיר? צי דאָס, וואָס סע שטייט אין פּראָטאָקאָל?

— אַלצדינג איז שקר וכזב! אַלצדינג! פֿון אָנהייב ביזן סוף! נישט געשטויגן, נישט געפלויגן!

בשעת מעשה מאַכט מרדכי־נתן מיט די הענט, מיטן פּנים, מיט די אויגן, מיט די פּאות און מיט אַלע אברים און ציטערט אַזש פֿאַר כעס. מאַקאַר האָט אים קיינמאָל נישט געזען אַזוי אין כעס, און האָט הערפֿן אָפּגעלערנט זיך אַ פּשט, אַז נישט אומזיסט איז דער ייד אַזוי אויפגעטראָגן. די משמעות, אַז ס'איז אמת די מעשה; אנישט, וואָס שרייט ער אַזוי? וואָס וואַרפֿט ער זיך אַזוי? נאָר אַן עזות פֿון אַ יידן — זאָגן אויף אַלצדינג, וואָס סע שטייט געשריבן, אַז ס'איז שקר וכזב! און מאַקאַר כאָ־

לאָדנע שטייט אויף מיט גרויס גרימצאָרן. רוקט אָן אויף זיך דאָס היטל מיטן קנעפּל און טוט אַ זאָג:

— פאַר אַזעלכע ווערטער וועסטו האָבן צו געדענקען!

און ער לאָזט זיך גיין צו דער טיר, און תיכף נאָך אים שטייט אויף מרדכי־נתן און האָט שוין חרטה אויף דער גאַנצער מעשה און וויל אים איבערבעטן, פאַרקערעווען אים צוריק, און ער לויפט אים נאָך:

— פּאַני!... וואַשע ווּיסאָקאָבלאַגאָראָדיע!... מאַקאַר פּאַוולאָוויטש!...

בלאָטע! מאַקאַר פּאַוולאָוויטש איז שוין לאַנג אויף יענער זייט טיר, און מרדכי־נתן דער גביר איז אויס מענטש פאַר האַרצווייטיק און פאַר גרי־זאָטע, מאָמער האָט ער טאַקע געזאָגט אַן איבעריק וואָרט, דער רוח האָט אים אָנגעטראָגן! און ווי אויף צו־להכעיס קומט אַן טעמע־ביילע און טשע־פּעט זיך צו צו אים, ער זאָל איר זאָגן, וואָס האָט דאָ געטאָן דער „אדון בפקדך“? וואָס איז ער אַזוי גיך אַוועק? און למאי האָט ער אַזאַ קלאַפּ גע־טאָן מיט דער טיר?

— גיי פרעג אים! — האָט איר מרדכי־נתן געענטפערט מיט כעס.

— זע נאָר, זע, ווי ער איז דאָס אַ ביסל אין כעס! אויף וועלכער זייט ביסטו דאָס אויפגעשטאַנען היינט, און וואָס פאַר אַ חלום האָט זיך דיר געחלומט?

— הייפּטל קרויט!!! — שרייט אויס מרדכי־נתן דער גביר אויף אַזאַ קול, אַז דאָס ווייב איז שיער נישט געפאַלן חלשות, און ער אַליין האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר זיין שטימע, און אויך די דינסט, אַ שוואַרץ ווייבל אַ ליטוועטשקע, איז אַריינגעפאַלן פון קיך, נישט טויט, נישט לעבעדיק, מיט אַ געוואַלד:

— אַ קלאָג צו אייך! איר האָט דאָך מיך איבערגעשראָקן אויף טויט!

איז טעמע־ביילע אָנגעפאַלן אויף איר און צעלאָזט זיך מיט ביי־דע קולאַקעס, און מרדכי־נתן אויף זיי ביידע. און ס'האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אַ סקאַנדאַל, וואָס ס'איז גאָרנישט כדאי דאָס צו באַשרייבן.

## קאַפּיטל ח.

## כתרילעווקע איילט זיך אין וועג אריין.

פון דעמלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן פאַר כתרילעווקע אַ צייט פון צרות, יסורים און אומזיסטע פחדים. קיינער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס איז די מעשה, וואָס מאַקאַר כאַלאָדנע איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערער שו־

נאַ־ישראל, ווי ער איז געווען, און פאַרוואָס זעט מען אים נישט ביים נגיד אין קלייט? דער נגיד אליין האָט זיך, אפנים, געשעמט און אראָפּגעשלונגען די מעשה, נישט דערציילט קיינעם, און מאַקאַר האָט געגראָבן ווי ווייט ער האָט געקאָנט, זיך געריצט מיט די כתרילעווקער ייִדן, זיי אָנגעזאָגט אַלעמאָל אַ נייע בשורה, אַז נישט לאַנג נאָך וועלן זיי דאָ געוועלטיקן, מע וועט ביי זיי נעמען דין וחשבון: פון וואַנען נעמט זיך צו זיי זייער גוטס? מענטשן, וואָס האָרעווען נישט, גראָבן נישט און זייען נישט און שניידן נישט, נאָר מע עסט פונעם גרייטן — פאַרוואָס קומט דאָס זיי? וכדומה אַזעלכע טענות, וואָס ער האָט זיך מיט זיי אָנגעלייענט אין דער גאַזעט „די פאָן". און פונקט אין יענער צייט האָט זיך אים געטראָפן דער בזיון מיט האָפּקען, וואָס ער איז דורך איר געשטרויכלט געוואָרן, שיער נישט אַריין אין גרויסן אומגליק, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט פאַרביגייענדיק אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל. און אַז גאָט האָט געהאָלפן, מאַקאַר איז אַרויס פונעם עסק ריין, האָט ער ערשט דעמלט אָנגעהויבן גראָבן אויף די כתרילעווקער ייִדן, זיי געגעבן אָנצוהערעניש, אַז אָט־אָט וועט מען מיט זיי לערנען בלק, און גראָד דעמלט איז אָנגעקומען דאָס גוטע בריוול פונעם שוחטס איידעם, וואָס איז געגאַנגען מיד ליד איבער דער גאַנצער שטאָט, און זיידל מיט זיינע „בלעטער" האָט אונטערגעגעבן היץ, געגאָסן בוימל אויפן פייער, און מעשיות זענען געגאַנגען איבער דער שטאָט, איינע שרעקלעכער פון דער אַנדערער, און ס'איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז דאָ אין כתרילעווקע וועט איינגיכן אויך זיין „דאָס אייגענע"...

פון וואַנען האָט זיך עס גענומען? ווער איז דער ערשטער, וואָס האָט אַרויסגעלאָזט דעם דאָזיקן קלאַנג? — דאָס ווייסט מען נישט עד היום און מע וועט דאָס נישט וויסן קיינמאָל, אייביק! דער היסטאָריקער, וואָס וועט זיך נעמען אמאָל באשרייבן די געשיכטע פון די כתרילעווקער ייִדן, אַז ער וועט קומען צו דעם שטיקל צייט, לייענען די אַלע פּאַפּירן מיט די אַלע בלעטער, וועט ער געוויס בלייבן שטיין פאַרטראַכט מיט דער פעדער אין האַנט, זיינע מחשבות וועלן אים פאַרטראָגן ווייט־ווייט...

מע ווייסט נישט, ווי אַזוי דאָס איז געוואָרן און פון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען, נאָר ס'איז אַרויס אַ נייעס אין שטאָט, אַז מע גייט אויף כתרילעווקע, הריי דערפער מיטאַמאָל... און אין איין פרימאָרגן איז געווען כתרילעווקע אויפגעשטאַנען ווי איין מענטש, און מע האָט זיך גענומען פּאַקעווען, קינדער און בעטגעוואַנט און שמאַטעס, דאָס גאַנצע ביסל כתרילעווקער אָרעמקייט, ראַטעווען ווי פון אַ שרפה און קלויבן זיך אין וועג

אַריין — וווהין? וווהין די אויגן וועלן טראָגן! בשעת מעשה האָבן מוטערס אַרומגענומען זייערע ברעקלעך קינדער, צוגעטוליעט צו דער ברוסט און מיט טרערן אין די אויגן זיי געקושט און געהאַלדזט און געהאָלובעט, גלייך ווי עמעצער האָט זיי געוואָלט חלילה אַוועקנעמען, גלייך ווי עמעצער דאַרף זיי האָבן...

און כתרילעווקע האָט אָנגעהויבן צו שליסן איין קלייט נאָך דער אַנדערער, קוקנדיק איינס אויפס אַנדערע און באַהאַלטנדיק זיך איינס פון דאָס אַנדערע, און מע האָט זיך געאיילט, געכאַפּט איטלעכער וואָס פריער, וואָס גיכער. כוועדאָרן האָט מען יענעם פרימאָרגן שיער נישט צעריסן אויף שטיקלעך. איטלעכער האָט אים געשלעפּט צו זיך העלפן פּאַקעווען, אונטערגערוקט אים פון אַלע זייטן, אַז קיינער זאָל נישט זען, ווער אַ גריווניע און ווער אַ פּיטאַקל, קיינמאָל איז כוועדאָר נישט געווען נאָך אַזאַ חשוב אין כתרילעווקע, ווי יענעם טאָג, און קיינמאָל האָט נאָך כוועדאָר אַזוי נישט מאסף ממון געווען, ווי דעמלט, און מע האָט אים אַזוי אָנגעשטאָפּט מיט געלט, ביז ער האָט אַ שפּיי געטאָן: „נעביי יאָמו סטאָ משערטיוו אי אָהנאַ וויז‎דמאַ!“ — און איז אַוועק אַהין, ווו אַלעמאָל, און געמאַכט אַ שיינע כוסה לכבוד די כתרילעווקער באַלעבאַטים, וואָס פאָרן אַוועק, און אַז ער איז געוואָרן רעכט פּאַרטיק, האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן, מאַכן מיט די קולאַקעס און שרייען, אַז ס'איז שוין לאַנג צייט, מע זאָל פּטור ווערן פון די כתרילעווקער יידן — און, מעשה שטן, האָט באַדאַרפט דורכגיין פּאַרביי סאַמע מאַקאַר כאַלאָדנע מיטן אַדון דעם פּאָסטמייסטער און דערהערן, ווי כוועדאָר אַרבעט מעשים אויף די יידן, האָבן זיך ביידע אדונים אָפּגעשטעלט און דערזען, אַז די יידן פּאַקעווען זיך, גרייטן זיך עפּעס זייער שטאַרק אין וועג אַריין, איז דאָס זיי געווען קשה, און זיי האָבן זיך גענומען ביידע נאָכקוקן: וווהין לויפן דאָס די יידן?

דאָס נאָכקוקן פון די אדונים האָט אָנגעמאַכט נאָך אַ גרעסערע בהלה צווישן די יידן און מע האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס פּאַקעווען זיך: כאַפּט דער רוח דאָס באַלעבאַטישקייט! דאָס לעבן איז טייערער!... און מע האָט אָפּגעדונגען ווי ס'איז געווען ערגעץ אַ פורל, אַ פערדל, אַ פּאָר אָקסן, און מע האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין באַצייטנס, און גיך־גיך, בחפזון, כמעט אַזוי כאַפּנדיק, ווי בשעת מען איז אַרויסגעגאַנגען פון מצרים.

פריער פון אַלע זענען געפלויגן ווי די אָדלערס, געווינטלעך, די כתרילעווקער באַלעגאָלעס מיט די גרויסע בוידן און ביידלעך; דאָרט זענען געזעסן רב מרדכי־נתן דער נגיד מיט זיין גאַנצער משפחה און די אַלע

איבעריקע נגידים מיט זייערע משפחות. נאָך זיי האָבן זיך געשלעפּט די גוישע פּורלעך, אָנגעזעצט מיט ווייבער און מיט קינדער און מיט אַלע קראַנקע נפשות, און הינטן זענען געגאַנגען די מאַנסבילן, די געמיינע באַלעבאַטים, דאָס וואָס סע ווערט אָנגערופן דער המון, נעבעך עולה-רגל געווען מחילה צופוס, און געגאַנגען גיך, מורא געהאַט זיך אַרומקוקן, טאָמער יאָגט מען זיי נאָך פון הינטן, טאָמער בעט מען זיי חלילה צוריק...

שטיל איז געוואָרן אין כתרילעווקע, ליידיק, פּוסט, ווי אויף אַ בית-עולם. נישט געבליבן קיין נפש. פון לעבעדיקע נפשות זענען געבליבן אין שטאָט נאָר די ציגן, דאָס גאַנצע יידישע פאַרמעגן אין כתרילעווקע, און האַפקע די געשטופּלטע, און דער בעדער מיט דער בעדערין, און, להבדיל באלף אלפי הבדלות, הער אַלטער רב רב יוזיפל.

איבער די דאָזיקע אַלע לעבעדיקע נפשות וועלן מיר רעדן פון איטלעכן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל.

קאַפּיטל ט.

## לאָזט זיך אריין א ביסל אין חקירה

די געלערנטע, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דער נאַטור, וואָס קוקן זיך צו און ווייסן די טבע פון יעדן באַשעפעניש, פון איטלעכס גרעזעלע, ווייזן אויף מיט ראיות, אַז קיין זאַך אויף דער וועלט גייט נישט לאיבוד, ווערט נישט פאַרפאַלן, שטאַרבט נישט אַוועק. אָט דאָס וואָס מיר זאָגן, למשל, אַז הער בוים איז געוואַקסן, די צווייגן האָבן געבליט, געגעבן אונדז פּירות; נאָכדעם האָבן מיר די פּירות אָפּגעריסן און אויפגעגעסן, די צווייגן האָבן אָפּגעבליט, די בלעטלעך זענען אָפּגעפאַלן, דעם בוים האָבן מיר אויסגעהאַקט, דאָס האָלץ האָט זיך אויסגעהייצט — דאַכט זיך, אַן עק? אויס בוים? ניין, — זאָגן די געלערטע — ס'איז נישט אַזוי די מעשה! דער בוים, זאָגן זיי, האָט זיך נאָר צעטיילט אויף זיינע יסודות; פון די פּירות, זאָגן זיי, האָבן מיר געהאַט חיות, די בלעטער האָבן מיר געשמעקט, דאָס האָלץ האָט אונדז געוואַרעמט, און דער בוים האָט געלעבט, און מיר האָבן געלעבט, און אַז מיר זענען געשטאָרבן, האָט מען אונדזער קערפּער אַריינגעלייגט אין דער ערד אַריין, און מיר זענען זיך צעגאַנגען אויף יסודות; אויף אונדזער קבר איז אויסגעוואַקסן אַ גרעזעלע, דאָס גרעזל האָט געגעסן די ציג און באַקומען דערפון מילך, די מילך האָט געטרונקען דאָס קליינע קינד, געהאַט דערפון חיות, געוואַקסן, אויסגעוואַקסן, אָפּגעלעבט און

געשטאָרבן, צעטיילט זיך ווידער אויף יסודות, ווידער א גרעזעלע, ווידער ציגן, ווידער מילך, ווידער קליינע קינדער, און אַזוי ווייטער און ווייטער, ביז עק וועלט.

איר שטויסט זיך שוין מסתמא, וווהין די חקירה גייט? דאָס גייט אויף די אַלטע געוואָרפענע קברים פונעם אַלטן כתרילעווקער בית־הקברות פון כמה וכמה יאָרן. די דאָזיקע קברים און די האָזיקע ציגן און די דאָזיקע יידן אין כתרילעווקע — דאָס אַלצדינג איז אינאיינעם אַ מין קייט, וואָס קייטלט זיך פון אַ סך, אַ סך יאָרן, און מי יודע, וויפל יאָר עס וועט זיך נאָך אַזוי קייטלען...

אויב איר ווילט וויסן, וויפל יאָר כתרילעווקע איז אַ יידישע שטאָט, באַדאַרפט איר גישט זוכן אין די אַלטע בלעטער פון דער היסטאָריע — איר וועט זיי נישט געפינען. איר האַרפט זיך נאָר מטריח זיין אויפן אַלטן כתרילעווקער בית־עולם און באטראכטן די אלטע־אלטע קברים מיט די אַלטע אָפּגעריבענע מצבות, פּראָסטע הילצערנע מצבות, פּראָסטע גרויע שטיינער, וואָס שטייען כורעים, אָנגעבויגן פון אַ סך, אַ סך יאָרן; וו־נישט־וו וואַרפן זיך דורך אויף די שטיינער האַלב־אָפּגעריבענע בלייכע אותיות: „דאָ ליגט באהאלטן א ייד א רב, א צדיק אזעלכער און אזעלכער"; „דאָ ליגט באַהאַלטן אן אשה צנועה און חכמה אַזעלכע און אַזעלכע". דאָס יאָר איז שווער איבערצולייענען — נאָר מע פאַרשטייט, אַז ס'איז שוין לאַנג, וואָרום אַ סך מצבות זענען שוין לאַנג צעפאַלן, און אַ סך קברים זענען שוין לאַנג פאַרוואָקסן מיט גראָז, און ציגן, די כתרילעווקער ציגן, וואָס האָבן נישט וואָס צו עסן, שפּרינגען אַריבער דעם שוין לאַנג איינגעפאַלענעם פּאַרקאַן און פּאַשען זיך אויף דעם דאָזיקן גראָז, און ברענגען אַהיים פולע אייטערס מיט מילך, און די אָרעמע יידישע קינדער אין כתרילעווקע האָבן וואָס צו עסן, פון וואָס צו ציען כוח. און ווער ווייסט, ווער די האָזיקע ציגן זענען? אפשר שטעקט אין זיי אַ נשמה פון אַ מענטשן, און נאָך פון אַ גאַנץ נאָענטן מענטשן? ווער ווייסט, ווי נאָענט עס זענען געבונדן צווישן זיך די דריי מינים: דאָס אַלטע כתרילעווקער בית־הקברות, די דאָזיקע ציגן, וואָס פּאַשען זיך דאָ, און טאַקע זיי אליין, במחילת כבודם,

אויף אַזאַ מין חקירה האָט מיך אַרויפגעטריבן דאָס אויסזען פון די דאָזיקע ציגן אין יענעם טאָג, וואָס די כתרילעווקער יידן זענען זיך צעלאָפן און איבערגעלאָזט אויף גאָטס געגנאָד זייער גאַנץ פאַרמעגן, זייערע ציגן.

אין דרויסן איז געווען נאָך פּסח, דער שניי איז שוין לאַנג אַראָפּ פון דער ערד, געלאָזט דאָס יונגע גרעזעלע זאָל זיך שפּראָצן, ציען צו דער

וואַרעמער זון און באַשיינען באַגרינען גאָטס וועלט אין יעדן אָרט, ווו מענטשן לאָזן דאָס וואַקסן. כתרילעווקע איז אָבער — אוי וויי! — נישט קיין אָרט פון פריש גראָז און נישט קיין אָרט פון שמעקנדיקע ביימער. כתרילעווקע איז אַן אָרט פון בלאָטע, פון זאַמד און פון פּאָראָך און פון נעדיכטער פאַרעיפּושטער לופט, וואָס 'מע קאָן פון איר דערוואָרגן ווערן, און פון נאָך אַ סך אַזעלכע גוטע ליבע זאַכן. גרין גראָז קאָנט איר געפינען נאָר סיידן אויפן בית־עולם, און אַהין האָט דאָס מיך מיין כוח־הדמיון, מיין פאַנטאַזיע, אַוועקגעטראָגן אין יענעם טאָג פון דער גרויסער בהלה, און דאָרט האָב איך באַטראַכט די גאַנצע טשערעדע פאַרלאָזטע, פאַריתומטע ציגן, און עס האָט מיר פאַרקלעמט דאָס האַרץ, ווי אויף די ציגן נעבעך, אַזוי אויך אויף די קליינע יידישע קינדער, וואָס זענען געבליבן דעם טאָג אָן אַ ביסל מילך. קוקנדיק אויף די אָרעמע ציגן, ווי זיי שטייען, מעלה־גרהן, מאַכן מיט די בערדלעך, קוקן משונה־מאָדנע נאַריש־פאַרטראַכט, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זיי זאָגן צו מיר: „פעטער! אפשר ווייסט איר, ווו זענען אונדזערע באַלעבאַטים און באַלעבאָסטעס? צו וועלכע גוטע יאָר זענען זיי זיך צעלאָפן?“...

איך לאָז איבער דאָס פעלד, דאָס הייליקע אָרט פון כתרילעווקע, און גיי מיר דורך מיט אייך אין שטאָט אַריין, זעען די איבעריקע נפשות, וואָס זענען איבערגעבליבן פון דער גרויסער בהלה אין כתרילעווקע.

דאָס מיינט מען דעם בעדער מיט דער בעדערין און זייער קעסט־קינד, דעם אַלטן שוואַכן רב רב יוזיפל.

## קאַפּיטל י.

## שמועס וועגן דעם רב רב יוזיפל

אַ סך מאָל האָב איך אייך דערמאָנט און אַרויסגעבראַכט אין מיינע אמתע, נישט־אויסגעטראַכטע מעשיות איינעם פון מיינע באַליבטסטע פאַרשוינען, דעם רב און דעם רבין פון כתרילעווקע, רב יוזיפל, און קיינמאָל האָב איך זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף אים, איך זאָל אייך מיט אים באַקענען, ווי עס געהער צו זיין. איך ווייס, אַז ס'איז פון מיר אַ גרויסע עוולה. לאָם איך כאָטש אָט־דאָ ממלא זיין דעם דאָזיקן חסרון.

רב יוזיפל איז אַלטער מאַן, אַ זקן און אַ קראַנקער און פון תמיד אָן נישט קיין איבעריקער גבר, אַ צעבראָכענער גוף, דערפאַר אָבער מיט א נשמה אַ גאַנצע, אַ געזונטע און אַ ריינע; און דווקא אין דעם דאָזיקן

קראַנקן גוף האָט גאָט אַריינגעזעצט די דאָזיקע תמיד־יונגע און שטענדיק־פרישע נשמה און אָנגעזאָגט איר, זי זאָל זיך האַלטן, לאַנג האַלטן, ביז עס וועט קומען די רעכטע צייט, וועט איר גאָט אַליין זאָגן: „קום, שוין צייט אין גן־עדן אַריין“...

און געוויס אין גן־עדן אַריין — ס'איז גאָר קיין ספק נישט! וואָרום דעם גיהנום מיטן חבוט־הקבר מיט די אַלע איבעריקע גוטע זאַכן, וואָס וואַרטן אויף אונדז דאָרטן, האָט שוין אונדזער רב יוזיפל, דאַנקען גאָט, איבערגעלעבט דאָ, אויף דער וועלט. נישטאָ איין צרה, איין שלאַק, איין פּורעניות, וואָס רב יוזיפל האָט דאָס נישט פאַרזוכט פון דעם וואָס לעבט אייביק. דער וואָס לעבט אייביק האָט, אפנים געוואָלט אויספּרוּוון זיין געטרייען קנעכט רב יוזיפל, האָט ער געהאַלטן אין איין שיטן אויף אים צרות פון דער ברייטער האַנט, כדומה למשל, ווי מע באַשיט אַ חתן מיט ניסלעך. איינס נאָכן אַנדערן האָט ער ביי אים צוגענומען די קינדער, פריער, געוויינטלעך, גוט אָנגעמוטשעט זיי; נאָכדעם — דאָס ווייב פרומע־טעמע די רביצין, די צדיקית, וואָס זי איז געווען פאַר אים אַ געטרייע מאַמע; נאָכדעם האָט ער אים צוגעבויגן אַ ביסעלע צו דער ערד, אים מזכה געווען מיט שיינע עטלעכע קרענק אויף דער עלטער, אים איבער־געלאָזט ווי אויפן וואַסער, עלנט און אָרעם און שוואַך. און בכדי ער זאָל פילן דעם אמתן טעם פון גיהנום, האָט ער אַריינגעגעבן א זין די כתרילעווקער יידן, זיי זאָלן קריגן אַ נייעם רב, אַ יונגן רב, אים, רב יוזיפל, זאָל מען אויף דער עלטער בעטן מחילה און באַזעצן אים ערגעץ ביים בעדער מיט דער בעדערין, ער זאָל דאָרטן דערלעבן דאָס איבעריקע ביסל יאָרן. דאָ האָט דער רבונו־של־עולם געקאָנט רעכענען פאַר זיכער, אַז דער דאָזיקער רב יוזיפל וועט שוין מסתמא געוויס זינדיקן מיטן מויל כאָטש, אַזוי ווי איוב פאַרצייטן האָט זיך אויך געמענטשלט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיך נישט געקאָנט מער איינהאַלטן און פאַרשאָלטן זיך דאָס געביין.

נישט אַזאַ מענטש אָבער איז געווען אונדזער אַלטער רב יוזיפל. א סך, אַ סך זאַכן איז רב יוזיפל דערגאַנגען מיט זיין אייגענעם שכל. ער איז דערגאַנגען מיט זיין אייגענעם שכל, אַז אַלע צרות און יסורים, וואָס דער אויבערשטער האָט אים מזכה געווען, איז — איינס פון די צוויי: אָדער דאָס איז גאָר אַ פּרוּוו, אַז אָנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען, אַז אָפּ־קומעניש דאָ, אויף דער נאַרישער זינדיקער וועלט, בכדי ער זאָל דאָרטן באַקומען דערפאַר זיין שכר בכפל כפלים, אָדער ער האָט דאָס טאַקע כשר פאַרדינט; און טאָמער נישט ער אַליין פאַר זיינע אייגענע זינד — איז

פאַר זיינע אָרעמע זינדיקע ברידער, די קינדער ישראל, וואָס זענען ערב איינס פאַר סאַנדערע און זענען מחויב אָפּקומען איינס פאַר סאַנדערע, ווי א מין אַרטעל, למשל, וואָס טאָמער כאַפּט מען איינעם אין א גנבה, באַדאַרף לייַדן דאָס גאַנצע אַרטעל, איטלעכער וועדליק אויף זיין חלק... אַזוי איז רב יוזיפל דערגאַנגען מיט זיין אייגענעם שכל, און האָט זיך אויף זיין לעבנס=טאָג קיינמאָל נישט באַקלאָגט, זיך אויסגעטאָן פון דער וועלט מיט אַלע אירע תענוגים, זיך לחלוטין מבטל געווען מיט אַ שמייכל פון אַ גרויסן, גרויסן פילאָזאָף, און דערמיט האָט ער זיך געקויפט גרויס ליבשאַפט ביי די כתרילעווקער לייט, וואָס כאָטש ער איז שוין קיין רב ביי זיי נישט געווען, און די הכנסות, וואָס האָבן געהערט צו אים, האָט שוין צוגענומען דער נייער רב, פונדעסטוועגן האָט ער געהאַט דעם זעלבן כבוד וואָס תמיד, דעם זעלבן אויבן=אָן אין בית=המדרש, און אפילו דער נאָמען „רבי“ איז אים אויך איבערגעבליבן, ווי פריער. דער חסרון איז אָבער געווען, וואָס מיטן נאָמען „רבי“ אַליין קאָן מען נישט לעבן; דער גוף מאָנט זיך זיינס, וואָס ס'נישט איז, אַבי עפּעס אין מויל אַריין, צו דערהאַלטן די נשמה... זענען די כתרילעווקער לייט געפאַלן אויף אַ המצאה: אַזוי ווי די כתרילעווקער באָד איז דאָך אַ קהלשע באָד, זאָל די הכנסה פון דער באָד געהערן צום אלטן רב, און דאָרטן טאַקע זאָל ער וווינען. דאָס הייסט, נישט אין באָד גופא; נאָר אַזוי ווי ביי דער באָד איז פאַראַן אַ שטיבל, האַרט ווו עס זיצט דער בעדער מיט דער בעדערין, איז דאָרט פאַראַן אַן אַלקערל, וועט ער זיך קאָנען דאָרטן רואיק זיצן און לערנען.

לערנען? סע רעדט זיך אַזוי: ווי קאָן שוין רב יוזיפל לערנען, די ראיה איז אים, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַזוי געשלאָגן, אַז קוים וואָס ער זעט די ליכטיקע שיין? פונדעסטוועגן, האָט קיין יסורים נישט. אַ תלמיד=חכם, ווי אַלט ער זאָל נישט זיין, געפינט ער זיך אַן אַרבעט. קאָן ער נישט לערנען אינווייניק, לערנט ער א ו י ס נ וו י נ י ק, זאָגט ער עפּעס, דאַוונט ער, אָדער גלאַט אַזוי ער טראַכט. און טראַכטן איז דאָ פון וואָס! פון דער וועלט טראַכט דער אַלטער רב יוזיפל, און פון דעם בורא פון דער וועלט, פון דעם באַשאַפער, וואָס ער איז גערעכט און אַלע זיינע ט ו ע כ צ ן זענען רעכט! און פון זיין פאָלק ישראל, וואָס ער שטראָפט דאָס, ווי אַ ליב קינד, און פון אַלע איבעריקע פעלקער, און פון אַלע באַשעפענישן אויף דער ערד, פונעם גרעסטן ווילדטיר ביז דער מינדסטער מילב, ביז קלענסטן ווערעמל אונטערן שטיין, וואָס ער טוט טאָן שפייזן מיט זיין ברייטער האַנט. דערפון איז אָפּצולערנען אַ קל=וחומר: „מה=דאָך אַ מילב, אַ ווע=

רעמל אַזוי, הייגט לאַ כל=שכן שוין אַ מענטש, און לאַ כל=שכן אַ ייד!"... אַזוי טראַכט זיך דער רב יוזיפל און איז צופרידן מיט גאָט און מיט דער וועלט און מיטן פאָלק ישראל און מיט זיך און מיט זיינע געדאַנקען, וואָס ער זאָגט זיי אַרויס נישט איין מאָל גאַנץ הויך, אַלע זאָלן הערן. און ווי אומעטום, אַזוי זענען אויך אין כתרילעווקע פאַראַן מענטשן חוקרים, גריבלער, וואָס האָבן ליב פרעגן קשיות; פרווון זיי זיך אַ ביסל אָפּלצעווען פון אַלטן רבין און פרעגן אים אַ קלאָץ=קשיה:

איר זאָגט, אַ מילב? אַ ווערעמל, זאָגט איר? ענטפערט זשע אונדז, רבי, אַ תירוץ דערויף: ווייבאַלד, אַז דער אויבערשטער איז יאָ אַזאַ גרויסער גאָט און אַ גוטער גאָט און אַ דערבאַרימיקער גאָט, וואָס שפּייזט אפילו אַ ווערעמל אונטערן שטיין, הייגט למאי שפּייזט ער נישט זיינע כתרילעווקער יידעלעך? שוין זשע זענען מיר קלענער פון אַ מילב, קלענער נאָך פונעם קליינעם ווערעמל, וואָס אונטער שטיין?...

— וואָס פאַר אַ קינדער איר זייט! — ענטפערט זיי דער אַלטער מיט אַ שמייכעלע. — איך וועל אייך געבן אַ משל מיט אַ מלך. אַשטייגער, שטעלט אייך פאָר, דער מלך האָט אייך געלאָזט בעטן צו זיך אויף דער סעודה, זענט איר געקומען אין פעדערשטן חדר און דערזען, אַז אין פעדערשטן חדר איז עפּעס נישט אַזוי געראָטן און ליכטיק, האָט איר גענומען און זיך אומגעקערט צוריק. אַזוי איז דאָס אויך. איך פרעג נאָך איין זאַך: וואָס פאַר אַ ווערט האָט פאַר אייך דאָס ביסל יסורים און בזיונות דאָ אינעם ענגן פ ר ו ז ד ו ר, אינעם פעדערשטן חדר, אַקעגן יענעם גרויסן ט ר ק ל י ן, דעם שיינעם רייכן פּאַלאַץ פון עולם=הבא דאָרטן, ווו די ווענט זענען פון גינגאָלד, די ערד פון ריין זילבער און די שטיינער ברי=ליאַנטן? דאָרט, ווו דאָס לעבן איז אייביק, דאָרט, ווו די נשמות פון די צדיקים זיצן אויבן=אָן און טוען זיך אָן ווווילטאָג און האָבן הנאה פון דער ליטערקייט פון דער שכינה, און הקדוש=ברוך=הוא אַליין באַדינט זיי, טראָגט זיי אונטער אין גילדענע בעכערס דעם בעסטן ווייַן און אויף גיל=דענע טעלערלעך די פיש פונעם לויתן מיטן פליש פונעם שור=הבר...

די לעצטע ווערטער, דאָס הייסט: „ווייַן", „לויתן" און „שור=הבר" — דאָס לייגט שוין צו, געווייגטלעך, רב יוזיפל, ווי אַ צוגאָב פאַר דעם פּראָסטן עולם, וואָס וויל נישט וויסן פון קיין רוחניות און פון קיין שכינה. אַ פּראָס=טער ייד דאַרף האָבן אַ פּראָסט שטיקל פיש מיט אַ שטיקל געבראָטנס — און דאָס איז אין כתרילעווקע אייגנע פון די זייער זעלטענע זאַכן, וואָס נאָר שבת און יום=טוב קאָן מען זיך אַזעלכעס פאַרגינען, און דאָס — נישט

אַלעמאָל. פאַר אַזעלכע ווייבע גוטע רייד האָט מען ליב אין כתרילעווקע דעם אַלטן רב דאָס חיות, און מער פון אַלע — דער פּראָסטער עולם, און מער פונעם גאַנצן עולם — דאָס באַרימטע פּאָרל, דער בעדער מיט דער בעדערין פון דער אַלטער כתרילעווקער קהלשער באָד, וואָס פון זייערטוועגן שענקען מיר אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער דאָזיקער באַשרייבונג.

## קאַפּיטל יא.

## אדם הראשון מיט חוהן אין גן־עדן

אויב עס האָט אַ זין דאָס, וואָס שמעיה אָדער פישל קאָרעספּאָנדענט — דער וואָס שרייבט קאָרעספּאָנדענציעס אין אַלע בלעטער און מע דרוקט זיי נישט — זאָגט אויף דער כתרילעווקער באָד, אַז זי איז אַ גן־עדן־התחתון, דאַרף אייך נישט אויסווייזן אַזוי ווילד דאָס, וואָס די כתרילעווקער ליצני־הדור האָבן אַ נאָמען געגעבן בעריקע דעם בעדער אדם — הראשון, און חוה די בעדערין האָבן זיי געקרוינט מיט אַ צונעמעניש די מוטער חוה. פון וואַנען האָט זיך גענומען דער דאָזיקער נאָמען — איז שווער צו זאָגן. אפשר דערפאַר, וואָס די בעדערין האָט געהייסן חוה, האָט דעם מאַן אירן שוין במילא געפּאַסט צו הייסן אדם? און אפשר דערפאַר, ווייל דאָס באַרימטע פּאָרל האָט זיך געפונען אינעם דאָזיקן גן־עדן פון כמה וכמה יאָרן, אָפּגעשיידט פון דער גאַנצער וועלט, און געלעבט ווי אין גן־עדן? צי אפשר דערפאַר, ווייל די כתרילעווקער יידן און ווייבער האָבן געהאַט מער פון אַלעמען די זכיה צו זען דאָס דאָזיקע פּאָרל אין דעם זעלבן קאָסטיום, וואָס אדם מיט חוהן האָבן געטראָגן אין גן־עדן, איידער זיי האָבן פאַרזוכט פונעם עץ־הדעת? אַזוי צי אַזוי — דאָס מוזן מיר מודה זיין, אַז די כתרילעווקער ליצים זעען צו עמעצן אַ נאָמען, איז ער ווי געבוירן, ווי צוגעשניטן, אויפגעגייט, אויסגעפּרעסט און אָנגעמאָסטן — און „פאַרניצט געזונט“! עס האָט זיך אויסגעוויזן איטלעכן באַזונדער, אַז קיין אַנדער נאָמען קאָנען זיי גאָרנישט האָבן. ווי אַזוי דען זאָל מען רופן אַ פּאָרפאָלק, וואָס פאַרברענגען אַלע זייערע טעג און יאָרן דאָרטן, באַרג־אַראָפּ, העט־ווייט פון שטאָט אַרויס, ווייט פון דער באַרימטער כתרילעווקער שטענדיקער בלאָטע, סאַמע ביים ברעג טייך, דאָרט, וווּ גרינע ווערבעס שטייען אָנגעבויגן, קוקן אַריין אין וואַסער אַריין; דאָרט, וווּ זומערצייט הערט מען זשאַבעס קוואַקען, גראַגערן און פאַרגראַגערן דעם קאָפּ? אַזאַ ערטל קאָן מען טאַקע אַנדערש נישט רופן ווי גן־עדן, און אַזאַ פּאָר־

פאָלק, ווי דער בעדער מיט דער בעדערין, זענען באמת אדם מיט חוהן אין דעם דאָזיקן גן־עדן, וואָס זענען ווי באַשאַפן געוואָרן אייגנס פאַר דאָס אנדערע משׂשת ימי־בראשית: ער, א הויכער, א געזונטער א ברייטביינעקער, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט מיט אַ קאָלטענעוואַטער באָרד, מיט אַ וואַטעווע גלאַנצנדיקע קאַפּאָטע און מיט שטענדיק אונטערגעבונדענע שטיוול, און זי — אַ הויכע, אַ געזונטע, אַ פעטע יידענע מיט אַ שוואַרץ גלאַנצנדיק געשטופּלט פּנים, נאָר מיט גוטע גרויע אויגן, מיט אַ קעסטלדיקער פאַטשיילע אויפן קאָפּ און מיט שטענדיק אַן אונטערגעשטעקט קליידל, וואָס ס'האָבן זיך אַרויסגעזען פון דעם אַ פּאָר גרויסע פיס אין מאַנסבילשע גרויסע שטיוול. קיין זאַך אויף דער וועלט האָט דאָס פּאָרל נישט געוווּסט, אחוץ דער באָד. שטענדיק איז מען געווען פאַרנומען נאָר מיט דער באָד: אָדער מע הייצט די באָד, אָדער מע רייניקט די באָד, אָדער מע פאַרריכט די באָד — קיינמאָל זיצט מען נישט ליידיק, סיידן ביינאַכט, אַז אַלע פייערן ווערן פאַרלאָשן, דרעמלט זעצן זיך אַוועק אדם מיט חוהן איבער אַ טעפּל קאַרטאָפליעס און מע פאַרקלויבט זיך ווינטער אויפן אויוון און זומער אין דרויסן ביי דער פריזבע, און קיינעם, קיינעם איז אין כתרילעווקע נישט אַזוי גוט, ווי דעם דאָזיקן פּאָרל. קיינער, קיינער האָט נישט אַזאַ שטענדיקע פאַרזאָרגטע פּרנסה, ווי אָדם מיט חוהן. אַז קיין ראַטע צאָלן באַדאַרף מען נישט, און קונים איז מען קיינמאָל נישט זשעדנע, וואָרום ווי אָרעם די שטאָט זאָל נישט זיין — אָן אַ באָד קאָן זיך אַ ייד נישט באַגיין. אמת, קיין גרויסע גליקן קאָן מען דערפון נישט מאַכן, קאַפּיטאַלן קאָן מען נישט קלויבן, און קיין הייזער אייגענע אוודאי נישט, וואָרום וואָס צאָלט אַ כתרילעווקער ייד, משטיינס געזאָגט, אַז ער קומט שוין ערב־שבת אין מרחץ אַריין? הייבט וויפל האָלץ נעמט צו די באָד, אַז דער קעסל בסך־הכל איז שוין אַלט, און די שטיינער זענען צעפאַלן, און די ווענט לייכטן זיך דורך, און פון דער סטעליע קאַפּעט. יעדער קאַפּ, וואָס פאַלט אויפן הוילן לייב פון די נאַקעטע באַלעבאַטים, טוט אַ ברי, אַ ברען, ברענט אויס אַ שטיק פלייש, מע טוט אַזש אַ טאַנץ אונטער און אַ מאַך בשעת מעשה: „איף — אוי!“ — ווי די־רשעים אין גיהנום, בשעת מע טרייבט זיי אויף צעגליטע משוועקעס. און דער עולם לאָזט אויס דאָס ביטערע האַרץ אויפן בעדער. שעלט אים אָן אַ פולן קאָפּ, און ער, דער בעדער, טוט זיך וויינס: גיסט וואַסער אויפן הייסן שטיין און וואָרטשעט זיך אין באָרד אַריין: „איר פאַרשטייט אַ מעשה? אויסגעבויט אַ באָד נאָך פאַר כמיעלניצקים צייטן און ווילן ס'זאָל נישט קאַפּען!“ און ער פאַרריכט אַלעמאָל מיט זיינע אייגענע

העגט די אַלטע באָד, פאַרשטעקט די ווענט, פאַרלאַטעט דעם דאַך, שפּאַרט אים אונטער מיט אַן אָבאַפּעלעק און ריייניקט אָפּט די מקוה, בכדי די כתרילעווקער חכמים זאָלן זיך נישט ווערטלען און נישט זאָגן קיין המצאות, אַז זיי הערן דאָרט זשאַבעס קוואַקען... און אדם הראשון שטייט אויף גאַנץ פרי, ווען גאָט אַליין שלאָפט נאָך, שלעפט מיט די געזונטע גראָבע ידים אַן עמער נאָך אַן עמער און זעצט בשעת מעשה גאַנצע שטיקער תהילים אויסווייניק מיט אַ ניגון, און דאָס קול זיינס קלינגט, הילכט, לאָזט זיך הערן פון דער באָד אַרויס און קייקלט זיך מיטן ווינט איבער די ברעגן פונעם טייך און ווערט פאַרפאַלן העט־ווייט דאָרטן, אַזש אויף יענער זייט טייך, ווו אַ פויגל האָט זיך פאַרקליבן אויף אַ צווייגל פון אַ בוים, שאַרעכט שטילערהייט, שאָקלט זיך און ריייניקט דעם פּיסק און טראַכט מכוח אָנבייסן...

און אינעווייניק אין שטיבל, וואָס ביי דער באָד, איז נאָך שטאַרק־פינצטער. דאָרט זיצט חוה די בעדערין איבער אַ שנויץ און פאַרריכט דעם „רבינס" גרעט, וואָס זי אַליין טאַקע האָט דאָס אים נעכטן אויסגעוואַשן, פאַרלאַטעט ווו ערגעץ אַ ריס און נייט צו ווו מע דאַרף אַ קנעפל, דער „רבי" זאָל האָבן וואָס אָנצוטאָן, אַז ער וועט אויפשטיין פונעם שלאָף.

פונעם שלאָף? משטיינס געזאָגט, דאָס שלאָפן וואָס דער אַלטער ר' ב יוזיפל שלאָפט, אַז אָט נישט לאַנג האָט ער אָפּגעפּראַוועט חצות און אָקאָרשט, ווי מע זעט נישט, כאַפּט ער זיך אויף, גיסט אָפּ נעגל־וואַסער און נעמט זיך צו עבודת־הבורא, הייבט אָן „זאָגן"... וואָס זאָגן — ווייסט זי נישט אַקוראַט, נאָר אַז ער זאָגט, איז אַ מחיה צו הערן! איטלעכס וואָרט ממש צעגייט זיך אין אַלע אברים!

און די בעדערין שטייט אויף פּאַוואָלינקע, גייט אויף די שפּיץ פינגער, נעמט זיך שטילערהייט צו דער מולטער, אויסמאַכן די חלה אויף שבת.

— קוקאַריקו! — ציט אויס אַ ווייסער האָן מיט רויטלעכע פליגלען, שפּרינגט אַראָפּ צוליב דעם טאַקע פון די באַנטענעס גלייך אויף דער שוועל, מיינט, אַז ער האָט דאָ געטאָן עמעצן מי יודע וואָס פאַר אַ טובה דערמיט, וואָס ער האָט אויפגעוועקט דעם עולם צו דער אַרבעט.

— אַ קיש אין דער ערד אַריין! — מאַכט צו אים חוה און טרייבט אים דורך מיט בזיונות און שיט אים אָפּ מיט ווערטער. — קיש־קיש צו אַלדע שוואַרצע יאָר! צי מע דאַרף, צי מע דאַרף נישט, ער ווייסט נאָר קוקאַריקו! וואַרט־וואַרט, וועסט זיך נאָך אַ ביסל ביי מיר אונטערהאָדע=

זען, וועל איך דיך אַוועקטראָגן צום שוחט, וועט דיר שוין זיין אַ קוקאריקו! וועסט שוין ביי מיר קוקאריקען!

די דאָזיקע אַלע דיבורים, וואָס חוה איז מכבד דעם האָן דעם עזות־פנים, זענען אָבער ארויסגעוואָרפן: דער „רבי" איז שוין במילא אויפגע־שטאַנען, שוין לאַנג אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און גענומען זיך צו עבודת־הבורא, און ער „זאָגט" שוין... וואָס ער זאָגט — ווייסט נישט חוה אַקו־ראט, נאָר אז ער זאָגט, איז א מחיה צו הערן! איטלעכס וואָרט ממש צינ־גייט זיך איין אַלע אברים! און זי טראָגט אים אונטער מיט גרויס דרך־ארץ אַ טעפּל ציקאָריע, הייסע און געשמאַקע, און סע זעצט אַ פּאַרע, און סע שמעקט מעם־גן־עדן.

### קאַפּיטל יב.

## דער רב רב יוזיפל האָט א גוטע עלטער

די המצאה, אַז דער אַלטער רב רב יוזיפל זאָל לעבן פון דער פּרנסה פון דער כתרילעווקער קהלשער באָד, איז געווען איינע פון יענע גליקלעכע המצאות, וואָס נאָר אין כתרילעווקע קאָן מען פאַלן אויף אַזאַ גלייכער זאַך. בעריקע דער בעדער, אָדער אדם הראשון, וואָס האָט אויף זיין אייגענעם חשבון, אייגנטלעך, באַדאַרפט על־פּי כתב באַהייצן מיט האָלץ פון דער באָד אויך דעם בית־המדרש, להבדיל, האָט סיי ווי סיי געלאָזט פרירן די באַלעבאַטים אַ גאַנצן ווינטער, געפונען אַלעמאָל אַן אַנדער תירוץ: דער פראָסט איז צו גרויס, דאָס האָלץ איז נאַס, אַ טומאַן אין דרויסן, וכדומה אַזעלכע פזמונות, וואָס נישט געשטויגן, נישט געפלויגן — לאָז ער כאָטש אויסהאַלטן רב יוזיפל דעם רב אויף דער עלטער, מען איז שוין אים מוחל דאָס בית־המדרש! און וואָס דאַרף משפיינס געזאָגט, אַז אַלטער ייד, און א רב, ובפרט נאָך אַזאַ ייד, און אַזאַ רב, ווי רב יוזיפל, וואָס אפילו אין די גוטע יאָרן איז ביי אים אלצדינג געווען גוט? די רביצין אליין, פרומע־טעמע עליה השלום, פלעגט דערציילן אויף איר מאַן, אויף רב יוזיפלען, אז ס'איז ביי אים אַלצדינג רעכט. ווען, למשל, מע גיט אים עסן הייסע קוילן, עסט ער; ער בריט זיך, נאָר ער עסט. אַזאַ מין מפונק איז דאָס געווען. הייגט בפרט נאָך איצט אויף דער עלטער! איין זאַך איז נאָר שלעכט: ס'וועט אים זיין ביי זיי אַ ביסל ענגלעך. איז דאָ אַן עצה: אדם מיט חוהן קאָנען גאַנץ פיין שלאָפן אין באָד, און „דער רבי" אין שטוב. די באָד מיט דער שטוב איז במילא איין שטוב, שטייען אונטער איין דאַך. נאָך אַ מעלה

האָט די באָד, וואָס ווינטער איז דאָרטן וואַרעם, טאַקע ווי אין אַ גן־עדן. אמת, די דאָזיקע מעלה איז אַ מעלה נאָר ווינטער, און קומט זומער — ווערט פון דער מעלה אַ חסרון. ס׳איז אַזוי הייס, אַז נישט נאָר אין באָד — אין שטוב קאָן מען צעגאַנגען ווערן פאַר היץ. איז אָבער פאַראַן אַן אַנדער עצה: שלאָפט מען אין הרויסן. זומער אין הרויסן איז דאָך טויזנט מאָל בעסער ווי אין שטוב, ובפרט נאָך דאָ, ביים ברעג טייך, איז דאָך טאַקע אַ גן־עדן. אמת, די דאָזיקע מעלה האָט אין זיך אויך אַ שטיקל חסרון, וואָס איבער די זשאַבעס איז דאָ, ביים ברעג טייך, אוממעגלעך צו שלאָפן. איז דער תירוץ: למאי אין שטוב? אין שטוב ביי זיי איז דען נישטאָ קיין זשאַבעס? עס האָט זיך דען נישט געטראָפן חווה דער בעדערין וויפל מאָל, אַז זשאַבעס זאָלן איר שפּרינגען גלייך אין פּנים אַריין אָדער פון בעט, אָדער פון דער דייזשע, אָדער גאָר פון אויוון אַרויס?... בקיצור, מע האָט דעם „רבין" באַלייגט אין שטוב, און אדם מיט חווהן האָבן זיך באַזעצט אין גן־עדן, דאָס הייסט אין באָד, און האָבן אַכטונג געגעבן אויפן „רבין", ס׳זאָל אים דאָ זיין גוט, ער זאָל האָבן אַלצדינג צו דער צייט, דאָס עסן צו דער צייט און דאָס טרינקען צו דער צייט. און מיט דער צייט זענען זיי צו אים געוואָרן שטאַרק צוגעבונדן, ליב געקריגן, אַזוי ווי עפּעס אַן אייגענעם.

גערופן האָט זיי דער אַלטער רב יוזיפל „קינדערלעך". און זיי אים — „רבי". און נישט אומזיסט, וואָרום זיי האָבן אויף זייער גאַנץ לעבן ביז אַהער נישט געהערט אַזויפיל תורה, וויפל זיי האָבן זיך אָנגעהערט דאָ פונעם אַלטן רב רב יוזיפל אין איין טאָג. און אַלצדינג, וואָס זיי האָבן פון אים געהערט, איז ביי זיי געווען אַ גייעס. ער האָט אויסגעזען ביי זיי אין די אויגן, ווי אַ מענטש, וואָס איז גאָר־וואָס געקומען צו פאָרן פון זייער אַ ווייטער מדינה און דערציילט זיך אָן אַזעלכע חידושים, וואָס מע האָט זיי קיינמאָל נישט געהערט און אפילו נישט געזען אין חלום. מיט אָפענע מיילער און מיט הארציקלאַפּעניש פלעגט דאָס דאָזיקע פּאָרל זיצן ווינטער ביי דער לעזשאַנקע, און זומער אין דרויסן אויף דער פּריזבע, און קוקן אויפן „רבין" און האָרכן, ווי דער „רבי" רעדט פון רוחניות, דערציילט הי־שים פון גאָט, פון מענטשן דאָ אויף דער וועלט, און פון מלאכים דאָרט אויף יענער וועלט, פון דער ערד פון אַלע באַשעפענישן וואָס אויף דער ערד, און פונעם הימל מיט דער זון מיט דער לבנה מיט די שטערן און מיט די אַלע איבעריקע גלגלים. און נישט איינמאָל פלעגט זיך אויסווייזן אדם הראשונען מיט חווהן, זיצנדיק אין דרויסן ביי דער

באָד אין די וואַרעמע ליכטיקע זומער־נעכט, אַז דער דאָזיקער זקן, מיט דעם איינגעבויגענעם רוקן, מיט דעם קליינעם ווייסן בערדל און מיט די גוטע, גוטע אויגן, איז אַליין עפּעס אַ מין רוחניות, וואָס אָט הייבט זיך עס אויף פון דער ערד און הייבט אָן שוועבן אין דער לופטן, שוועבט אַזוי לאַנג, ביז סע ווערט פאַרשוווּנדן דאָרטן ערגעץ, צווישן די גלגלים... און זיי אַליין פילן אויך, ווי עס ציט זיי עפּעס אַהין אַרויף, צו יענע ווייסע פאַסמעס און צו יענע קליינע שטערנדלעך; צו די נשמות, וואָס בלאָנדזשען דאָרט אַרום און געפינען נישט קיין רו...

גאָט ווייסט, אויב ס'איז נאָך עמעצן אויף דער גאַנצער וועלט געווען אַזוי גוט, ווי אונדזער פּאָרל אדם מיט חוהן אין גן־עדן, און אויב עמעצער נאָך האָט געהאַט אַזאַ גליקלעכע עלטער, ווי דאָ, ביי זיי אין גן־עדן, האָט געהאַט דער אַלטער רב רב יוזיפל פון כתרילעווקע.

קאַפּיטל יג.

## כמעט דאס ערשטע מאָל אין זיין לעבן איז רב יוזיפל אין כעס

הימל און ערד האָבן געשוווירן, אַז קיין אייביקע זאַך זאָל נישט זיין אויף דער ערד; און שטענדיק גוט — דאָס טאָר נישט זיין קיינעם נישט, אין ערגעץ נישט! פאַראַן אַ שטן מקטרג, וואָס מישט זיך אַריין, שטייט ביי אונדז שטענדיק הינטער די פּלייצעס און היט אונדז די נשמה, גיט אַכטונג, מיר זאָלן חלילה נישט פאַרגעסן אָן גאָט... דער דאָזיקער שטן האָט זיך אַריינגעמישט אויך אַהער, אין דעם גן־עדן, וואָס מיר האָבן אויבן באַשריבן, און האָט שיער־שיער נישט אַרויסגעטריבן פון דאַנען אדם מיט חוהן, און מיט זיי אינאיינעם — נעבעך דעם אַלטן עלנטן זקן; שיער־שיער נישט חרוב געמאַכט די נעסט, שיער־שיער נישט צעשיידט די ליבע און געטרייע, שיער־שיער נישט פאַרשטערט דאָס גליק אויף אייביק.

דאָס איז געווען דעמלט, ווען חוה די בעדערין איז געקומען פונעם מאַרק, געוואָלט קויפן פישלעך — איז נישט געווען, געוואָלט קויפן קאַרטאָפליעס איז נישט געווען, אַ בינטל ציבלקעלעך — איז נישט געווען, נישט געווען קיין לעבעדיקער נפש. פריער האָט זי גערעכנט, אפשר איז זי צו פרי אַרויסגעגאַנגען אין מאַרק? האָט זי אַ ביסל צוגעוואַרט. דערזען, אַז ס'איז שוין גרויסער טאָג, און אין מאַרק — איר זאָלט זאָגן אַ משוגענער הונט! ווו־נישט־ווו זעט זי יידן לויפן, פאַקעווען זיך, קלויבן זיך אין וועג

אַריין. וואָס איז די מעשה? מע לויפט! וווהין לויפט מען? אין דער וועלט אַריין!...

און ביז חוה איז געקומען אַהיים און איבערגעגעבן דאָס אדם הראשו־נען, און ביז אדם הראשון האָט דאָס איבערגעגעבן דעם „רבין“, איז שוין העכער אַ האַלבע שטאָט געווען אויף יענער זייט בית־עולם.

תחילת האָט רב יוזיפל גאָרנישט געוואָלט גלויבן, אַז ס'זאָל זיין אמת: זיי לויפן? וואָס הייסט, זיי לויפן? נאָכדעם האָט ער גענומען דאָס יאַמ־שאַוע שטעקל מיט דער אויסגעבויגענער בלעכענער גאַלקע, וואָס איז שוין אַלט אפשר אַזויפיל וויפל יאָר איז רב אין כתרילעווקע, און האָט זיך מטריח געווען מיט זיין עלטער אין שטאָט אריין, און האָט נאָך געפונען עטלעכע יידן קלויבן זיך אין וועג אַריין, האָט ער זיי אָפּגעשטעלט, און מיט אַזיסן שמייכל האָט ער גענומען זיי שטראָפן, זאָגן מוכר.

עטלעכע איבערגעבליבענע יידן האָבן אים אויסגעהערט מיט זייער אַ טיפן זיפץ און געזאָגט מיט אַ ביטערן שמייכל:

— יאָ, איר זענט זייער גערעכט, נאָר פונדעסטוועגן, רבי, זעצט זיך און פאָרט אויך מיט אונדז! פאָלגט אונדז, רבי, פאָרט מיט אונדז, און וואָס גיכער!

פאָרן? וווהין? צו וואָס? צוליב וועמען?

אָבער אַלע זיינע רייד זענען געווען אומזיסט אַרויסגעוואָרפן, וואָרעם די עטלעכע איבערגעבליבענע יידן זענען שוין אויך געווען לאַנג פון יענער זייט שטאָט.

געקומען אַהיים אין גן־עדן, מיין איך: צום בעדער מיט דער בעדערין אין באָד אַריין, האָט ער געטראָפן אדם מיט חוהן שטאַרק פאַרזאָרגט, כמעט אין טרערן, און ער רופט זיך אָן צו זיי:

— וואָס זענט איר, קינדערלעך, אַזוי פאַרצאָרנט?

— סטייטש, מאַכן זיי צו אים, איר ווייסט דען נישט, וואָס עס טוט זיך? דאָ איז נאָר וואָס געווען האָפּקע!

— וואָסער האָפּקע?

— האָפּקע די ערליכטע, די וואָס פאַרלעשט די ליכט שבת. דערציילט זי זיך אָן אַזעלכע מוראדיקע זאַכן, וואָס די האָר שטעלן זיך קאַפּויער!

און אדם מיט חוהן דערציילן אים ביידע אינאיינעם, כאַפּן איינס פאַר דאָס אַנדערע, די אַלע מוראדיקע זאַכן, וואָס האָפּקע דערציילט זיך אָן וואָס אויף דער וועלט טוט זיך. און רב יוזיפל העט רב זיצט אָנגעשפּאַרט אויפן

שמעקן און האָרכט, האָרכט מיט קאָפּ. ער זיצט און טראַכט און ענטפערן ענטפערט ער גאָרנישט. און נאָכדעם הייבט ער אויף דעם קאָפּ, קוקט זיך ארום פון אלע זייטן, לייגט אוועק נעבן זיך דאָס אלטע יאמשאָווע שטעקל, טוט אויס דאָס היטל און בלייבט אין דער יאַרמלקע, און רופט זיך אָן צו אָדם מיט חוהן:

— הערט זשע אויס, קינדערלעך, וואָס איך וועל אייך זאָגן, אז דאָס אַלצדינג, וואָס איר דערציילט אָט־דאָ, איז דאָס אַלץ פּוסטע זאכן, בישט ווערט קיין שמעק־טאַבעק! הנה זייט ווייסן, אז לא ינום ולא יישן שומר ישראל, גאָט שלאָפט נישט. איך וועל אייך דערציילן א משל מיט א מלך. א מאָל איז געווען א מלך...

— וואָס מיר מלך? ווער מיר מלך? איר הערט בעסער, וואָס האָפּקע דערציילט זיך אָן! — אזוי כאַפּט זיך ארויס אָדם הראשון און האָט באַלד חרטה: ער פילט, אז ס'איז גראָבלעך פון זיין זייט. נאָר פאררריכטן האָט ער שוין נישט געקאָנט: רב יוזיפל האָט זיך אָפּגעקערעוועט פון אים, זיך אָנגעטאָן אין טלית ותפילין, גענומען א ספר, דאָס אלטע יאמשאָווע שטעקל נעבן זיך, און זיך אוועקגעזעצט ביים טיש אויבן־אָן, ווי א מלך בשעת מלחמה, אָנגעוואָרפן פון קאָפּ ביז פיס, און געקוקט מיט גרויס גדלות, ווי איינער רעדט:

— אנו, לאָז, אַשטייגער, עמעצער פרוון צוטרעטן אַהער?...

און פון זיינע אלטע שווארצע אויגן און פון זיינע אלטע גרויע האָר האָט ארויסגעקוקט אזויפיל גבורה און רואיקייט, אז אדם מיט חוהן האָבן זיך געפילט, אז נישקשה — זיי האָבן אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן.

## קאַפּיטל יד.

צוויי שטעט באַגעגענען זיך און צעפאָרן זיך מיט גאָרנישט — און א סוף.

געשעניטן האָט זיך דער עולם אויף דעם טראַקט, וואָס גייט קיין מאַזעפּעווקע, אין דער סביבה פון יעהופּעץ, און דער ערשטער פּונקט אויף אָפּצושטעלן זיך איז געווען קאַזאַ־יעווקע, אויך א יידישע שטאָט, וואָס איז באַוווסט מיט אירע באַרימטע ציגן, וואָס דער נאָמען אליין באַווייזט שוין דערויף. קאַזאַ־יעווקער ציגן מעלקן זיך גאָר אַנדערש און זענען אָפּגעשיידט פון די כתרילעווקער ציגן מיט זייערע הערנער, דאָס הייסט

דערמיט, וואָס זיי האָבן נישט קיין הערנער. אויפֿן אָרט פֿון הערנער איז בײַ זיי עפּעס אַ מאָדנע צאַצקע פֿון פּאָרנט, אַ מין של ראש להבדיל, און זיי זענען בטבע זייער פֿלאַכעניסטע, געלאַסן הייסט דאָס און נאַריש, אַ סך מער ווי די כתרילעווקער ציגן. אַ קאָזאָדאָיעווקער ציג קאָנט איר באַגעגענען אין מיטן גאַס, איר ווײַזן אַ ביסל שטרוי און זאָגן איר: קאָז-קאָז-קאָז!

— שטעלט זי זיך אַנידער, צענעמט די פּיסלעך, כאַפּט נעמט מעלקט זי אויס...

אויך די ייִדן, להבֿדיל, זענען דאָרטן גאָרנישט די ייִדן, וואָס אין כתרילעווקע. דאָס הייסט, די ייִדן זענען דאָרטן די זעלביקע ייִדן, וואָס דאָ, מיט די זעלביקע נשמות, מיט די זעלביקע מנהגים, און אפֿילו די זעלביקע אָרעמעלייט, וואָס יענע. דער גאַנצער חילוק איז נאָר אינעם „ברוך-שאמר“, דאָס הייסט, וואָס די כתרילעווקער ייִדן זאָגן אינעם דאַווענען פֿריער „הודו“ און נאָכדעם „ברוך-שאמר“, און די קאָזאָדאָיעווקער ייִדן זאָגן, פֿאַרקערט, פֿריער „ברוך-שאמר“ און ערשט נאָכדעם „הודו“. האַלט זיך, וואָס איז, אייגנטלעך, די נפֿקא-מינה: דאָס פֿריער, יענץ פֿריער? סײַ ווי סײַ אַ תּפֿילה פֿון גאָט. ניין, זאָגט דאָס נישט! אין אַמאָליקע גוטע יאָרן, אַז די כתרילעווקער און קאָזאָדאָיעווקער ייִדן האָבן געהאַט פּרנסה בכּבֿוד און ס'איז זיי אָפּגעגאַנגען, ווי מע זאָגט, נאָר קאָפּווייטיק, האָט זיך פֿאַר דעם „ברוך-שאמר“ מיט דעם „הודו“ געגאָסן בלוט. עס האָט זיך וויפֿל מאָל געמאַכט, אַז אַ קאָזאָדאָיעווקער איז געקומען קיין כתרילעווקע אין בית-המדרש אַרײַן דאַווענען, און דער חזן האָט זיך אַוועקגעשטעלט צום עמוד, אָנגערוקט דעם טלית, זיך צעשאָקלט און אַ זאָג געטאָן מיט ניגון:

— הודו לה' קראו בשמו...

האָט זיך דער קאָזאָדאָיעווקער צעלאָזט אויף דער הויכער אָקטאַווע:

— ברוך שאמר והיה העולם!

און פֿאַרקערט, אַז אַ כתרילעווקער איז געקומען קיין קאָזאָדאָיעווקע אין שול אַרײַן, און דער חזן האָט זיך פֿאַרדבֿקהט, נאָר וואָס פֿאַרמאַכט די אויגן, אויפֿגעהויבן דעם קולאַק און אָנגעהויבן דעם „ברוך-שאמר והיה העולם“, האָט זיך דער כתרילעווקער צעלאָזט אויפֿן געלעניקל:

— הודו לה' קראו בשמו הודיעו בעמים עלילו-ו-ו-תיו!

דער „הודו“ אַליין איז פֿאַר די קאָזאָדאָיעווקער נישט געווען אַזוי פֿריקרע נאָר, ווי דער „עלילותיו“, וואָס דער כתרילעווקער האָט אויסגעצויגן אפֿשר אויף אָנדערהאַלבן קלאַפּטער. ממה-נפֿשך, ווילסט זאָגן „הודו לה' קראו בשמו הודיעו בעמים עלילותיו?“ — שטעל זיך אַוועק און זאָג

דיר דאַרטן אָפּ: „הודו לה׳ קראו בשמו הודיעו בעמים עלילותיו“. צו וועלכע גוטע יאָר נוצט דאָס דיר, אַז דו זאָלסט אַזוי אויסציען אויף אַ קול דעם „עלילו=ו=ו=ו=תיו“? טוסטו דאָך עס, אַפּנים, אויף צו=להכעיס? איז ווי באַלד דו ביסט אַזאַ צו=להכעיסניק, קומט דיר פּעטש! און מע האָט אים דערמלט אַריינגעלייגט וויפל ס׳איז אין אים אַריין, און עס האָט זיך אָנגעהויבן צווישן די כּתריל־עוקער און קאַזאַדאַיעוו־קער יידן אַ שנאה און געצויגן זיך לאַנגע=לאַנגע יאָרן. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט פּעטש און אויסגעלאָזן מיט מסירות און מיט יאַבעדעס און מיט גראָבעניש און מיט באַגראָבעניש — די וועלט האָט מיט זיי דערמלט געהאַט צו טאָן, ווילדפרעמדע האָבן זיך אַריינגעמישט אין זייערע משפּטים, געמאַכט חוזק פון זיי מיט זייערע יידישע מינהגים און פוסטע געננג, זיי געגעבן אַ שיינעם נאָמען „פאַנאַטיקער“. בקיצור, ס׳איז געווען פע, חולשי חלשות!

אמת, יענע נאַרישע נאָר גליקלעכע יאָרן זענען שוין לאַנג אַוועק, און גאָט ווייסט, אויב זיי וועלן זיך אַמאָל אומקערן. אמת, עס האָט זיי אַלעמען אַזוי פאַרדרייט דעם קאָפּ, אַז זיי האָבן גרעסערע מכות פון „הודו“ מיטן „ברוך=שאמר“; נאָר די שנאה צווישן די כּתריל־עוקער מיט די קאַזאַדאַיעווקער איז פאַרבליבן אַ שנאה, וואָס מיטן שכל קאָן מען זי נישט געבן יענעם צו פאַרשטיין בשום אופן... גיי, אשטייגער, גיב צו פאַרשטיין דעם שכל, פאַרוואָס, למשל, אַז אַ קליין שייגעצל אין כּתריל־עוקע, אַז ס׳ע דערזעט אַ יידן, מוז דאָס כאַפּן דאָס היטל אין די ציין און אָנהייבן טרייסלען דאָס אַהין און אַהער און זינגען בשעת מעשה: אַ לידל: „זשיד זשיד! כאַלאַמידו! זאַהוביוו טשערעוויק! אַ יאָ שאָוו! טאַי נאַשאָוו! טאַי פּידניאָוו! טאַי פּישאָוו!“ אָדער פאַרקערט, גייט זייט אַ חכם און גיט צו פאַרשטיין דעם שכל, פון וואַנען נעמט זיך דאָס, אַשטייגער, וואָס ביי אַ כּתריל־עוקער יידן, ווי באַלד ער רעדט פון נישט קיין יידן, אַזוי הייבט ער אָן אויסנוצן וויפל ער האָט לשון=קודש=ווערטער: „געב דעם ערל אין די ידים אַ צנצנת יי״ש, נאָר נישט מלא, מיט אַ שטיקל לחם, וואָרום ער האָט נאָך היינט נאָרנישט געאַכלט, און זיי אים משלם צוויי זהובים, און לאָז ער הלכענען, נאָר געב אַכטונג מיט די עינים, ער זאָל עפּעס נישט לקחענען“... דאָס זענען פון די זאַכן, וואָס פאַרשטיין מיטן שכל קאָן מען דאָס נישט, מע באַדאַרף עס פילן.

נאָר מיר קערן זיך אום צו די כּתריל־עוקער און קאַזאַדאַיעווקער יידן.

פאַראַן אַזעלכע מאָמענטן אינעם מענטשנס לעבן, וואָס אַלצדינג ווערט פאַרגעסן, אַלצדינג ווערט אָפּגעמעקט, גלייך ווי גאָרנישט געווען: און ס׳איז אַ גליק, וואָס עס איז אַזוי. אַנישט, וואָלט די וועלט קיין קיום נישט גע=

האַט! גאַנץ גלייך האָבן אונדזערע חכמים מתקן געווען, אַז ערב יום־כּיפּור, בשעת מלקות שלאָגן, איז מען זיך איינס דאָס אַנדערע מוחל.

אויך די שנאה פון די כתרילעווקער מיט די קאַזאַראַיעווקער, אַז זיי האָבן זיך באַגעגנט אין וועג אין אַזאַ שיין שטיקל צייט פון בהלות און לויפעניש, איז מיטאַמאָל אַוועקגעפלויגן, ווי מיטן ווינט און מיטן רויך — אויס שנאה! און באַגעגנט האָט זיך כתרילעווקע מיט קאַזאַראַיעווקע פונקט אויף דער מיטוועג, אין פעלד, נישט ווייט פון יענעם אָרט, ווו ס'איז אַמאָל געשטאַנען אַ יידישע קרעטשמע, וואָס מען האָט זי גערופן „די דעמבענע“, און וואָס האָט איבערן מאַנאַפּאָל געמוזט צומאַכן זיך. עס האָט איר גאָר נישט געהאָלפן!

אַז כתרילעווקע מיט קאַזאַראַיעווקע האָבן זיך באַגעגנט, האָבן זיי זיך ביידע אָפּגעשטעלט, און ס'איז צווישן די צוויי פּאַרגעקומען אַזאַ מין געשפּרעך:

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע : וווהין פאָרן דאָס, אַ שטייגער, יידן?

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע : וווהין פאָרט איר?

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע : מיר? מיר פאָרן גלאַט אַזוי, אימלעכער מכוח זיין עסק, פאַ דיעלו הייסט עס...

קאַ ז אָ ד אָ י ע ו ו ק ע: אַ גאַנצע שטאָט פאָרט מכוח עסק?

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע : וואָס זענט איר? נישט קיין גאַנצע שטאָט?

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע : מיר זענען עפּעס אַנדערש; מיר פאָרן נישט — מיר לויפן.

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע : פון וואַנען זשע ווייסט איר, אַז מיר — נישט?

ק אָ ז אָ ד אָ י ע ו ו ק ע: אָט אַזוי זשע רעדט וווהין זשע לויפן דאָס יידן?

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע : וווהין לויפט איר?

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע : מיר? מיר לויפן... צו אייך.

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע : און מיר צו אייך.

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע : וואָס וועט איר טאָן ביי אונדז?

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע : דאָס אייגענע, וואָס איר ביי אונדז.

ק א ז א ד א י ע ו ו ק ע: הערסט! וואָס זשע האָרפן מיר לויפן צו אייך און איר צו אונדז?

כ ת ר י ל ע ו ו ק ע : בכדי, אפשנים, מיר זאָלן זיך ביימן מיט די ערטער?

ק א ז א ד א י ע ווּ ק ע: וווערטלעך אויף אַ זייט! איר זאָגט אונדז בעסער דעם שכל: וואָס לויפֿט איר?

כּ ת ר י ל ע ווּ ק ע: וואָס לויפֿט איר?...

. . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . .

ערשט אָט־דאָ, אַז די צוויי שטעט האָבן זיך צערעדט, זיך רעכט באַטראַכט איינס דאָס אַנדערע און אָנגעקוקט זיך אַקוראַט ווי עס געהער צו זיין, מיט זייטיקע אויגן, האָבן זיי אַרויסגעזען, וואָס פֿאַר אַ פּנים זיי האָבן...

— געזען אַ ביסל? זיך צעלאָזט! מע לויפֿט! וואָס לויפֿט מען? וווהין לויפֿט מען? אַ לויפֿעניש אויף זיי!

און מע האָט אָנגעהויבן ווישן די אויגן, וויינען און קרעכצן:

— אַז אָך און אַז ווי איז אונדז אַלעמען, אויף וואָס מיר זענען איבערגעקומען!

און מע האָט זיך צערעדט, אָנגערעדט ווי די פּויקן, זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ... און נאָכדעם האָט מען זיך געגעבן די הענט, מע האָט זיך גאַנץ פֿיין אָפּגעזעגנט און צעקושט זיך גאָר פֿריינדלעך, ווי אמתע גוטע פֿריינד, ווי מחותּנים, וואָס האָבן זיך נאָר וואָס משדך געווען, אָדער ווי מאַן און ווייב, וואָס האָבן זיך געגט און צוריק גענומען זיך, און מע האָט אויסגעבטלט אַלע בייזע ווּיסטע חלומות אויף די שונאים קעפּ. און מע האָט זיך צעווינטשעוועט איינס דאָס אַנדערע, אַז דערמיט זאָל מען שוין אָפּקומען, געזאָגט מיט אַ ביטערן געלעכטער: „יהי רצון“... און מע האָט אַ וווּנק געטאָן צו די ערלים, זיי זאָלן מוחל זיין פֿאַרקערעווען די פֿערדלעך צוריק.

און די צוויי שטעט זענען זיך צעפֿאָרן צוריק אויף זייערע ערטער: כּתרילעווקע קיין כּתרילעווקע, קאַזאַדאַיעווקע קיין קאַזאַדאַיעווקע. שטיל, אָן ווערטער, האָט מען זיך אַרײַנגעגנבֿעט צו זיך אַהיים, ווי די פֿייגעלעך איטלעכער אין זיין נעסט אַרײַן. שטיל, אָן ווערטער, האָט זיך איטלעכער גענומען צו זיין אַרבעט, און נאָך לאַנג נאָכדעם פֿלעגט מען איבערחזרן, איבעררעדן, דערמאָנען זיך נאָך אַמאָל פֿון דער שיינער בהלה, וואָס ס'איז אויף זיי געווען. און בכדי די שפּעטערדיקע דורות, אונדזערע קינדס־קינדער, זאָלן אויך ווענן דעם וויסן, האָבן מיר זיך מטריח געווען באַשרייבן די דאָזיקע שיינע עפּאָפּייע אין אונדזער פּראָסטער יידישער שפּראַך און אַרויסגעבן זי באַזונדער אין אַ ביכל, ס'זאָל בלייבן נאָך אונדז אַ זכר אויף דור־דורות.

# בערל=אייזיק

„אַמעריקע איז אַ לאַנד פון בלאָף“... „אַמעריקאַנער בלאָפערס“...

אַזוי זאָגן די פרעמדע. גרינגע חיות — זיי הייבן נישט אָן צו וויסן, וואָס זיין זאָגן. אַמעריקע מעג הייצן די פעטשערעס אין כתרילעווקע, און אונדזער בערל=אייזיק וועט פאַרשטעקן אין גאַרטל אַלע אַמעריקאַנער בלאָ=פערס!

איר קאָנט פאַרשטיין ווער בערל=אייזיק איז, אַז טאָמער מאַכט זיך ביי אונדז אין כתרילעווקע, איינער האָט זיך אַ ביסל פאַרערדט, אויף אייער אַמעריקאַנער לשון וועט דאָס הייסן: ער האַקט אַ טשייניק, שטעלט מען אים אָפּ מיט די ווערטער: „בערל=אייזיק האָט דיר געלאָזט גריסן“ — שטויסט ער זיך שוין אָן, וואָס מע מיינט און ער ווערט אַנט=שוויגן.

אַן אַנעקדאָט דערציילט מען ביי אונדז אין כתרילעווקע פון איינעם אַ יידן אַ חצוף, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר בערל=אייזיקן. פסח איז דער מנהג ביי די גויים, אַז זיי באַגעגענען זיך, זאָגן זיי זיך אָן איינס דאָס אַנדערע אַ גוטע בשורה, אַז כריסטוס איז לעבעדיק געוואָרן — „כריסטאָס וואָסקרעס“. דערויף ענטפערט אים דער צווייטער: „וואָאיסטינו וואָסקרעס“. — ס'איז אמת, הייסט עס, ער איז לעבעדיק געוואָרן... טרעפט זיך אַ מעשה, באַדאַרף אַ קריסט זיך באַגעגענען מיט יענעם יידן דעם חצוף און מכבד זיין אים מיטן פסוק „כריסטאָס וואָסקרעס“... ווערט אים שלעכט, דעם יידן: וואָס זאָל ער טאָן? ענטפערן דעם גוי „וואָאיסטינו וואָסקרעס“ — ווייסט ער, אַז ס'איז ליגן און ס'איז קעגן אונדזער גלויבן... זאָגן אים: ניין, ער איז נישט לעבעדיק געוואָרן — קאָן מען דאָך כאַפּן פאַר אַזעלכע ווער=טער אַ מיאוסן פּסק... איז ער זיך מיישב און רופט זיך אָן צום קריסט: „יאָ, איך האָב עס שוין געהערט הייַנט פון אונדזער בערל=אייזיקן“...

הייַנט שטעלט אייך פאָר, אַז אָט דער בערל=אייזיק איז אַוועק קיין

אַמעריקע, אָפּגעוועזן דאָרט היפּשע עטלעכע יאָר און איז געקומען צוריק — וואָס פאַר אַ וווּנדערים דער ייד האָט זיך אָנגעדערציילט פון דעם אַמעריקע!

„ערשטנס — דאָס לאַנד. ארץ זבת חלב ודבש. מענטשן מאַכן געלט, מע זשעבערעוועט מיט ביידע הענט, מע שאַרט גאָלד! און געשעפטן, „ביזנעס“ הייסט דאָס דאָרטן, איז פאַראַן אַזויפיל, אַז דער קאָפּ דרייט זיך! וואָס איר ווילט — דאָס טוט איר. ווילט איר אַ פאַבריקע — איז אַ פאַבריקע, עפענען אַ סטאָרקע — איז אַ סטאָרקע. שטופּן אַ פושקאַר — איז אַ פושקאַר. אַנישט — נעמט איר זיך צו פּעדלעריי, אָדער איר גייט אַרבעטן אין אַ שאָפּ — אַ פרייע מדינה! איר קאָנט אייך געשוואָלן ווערן פון הונגער, אויסציען זיך אין גאַס, וועט אייך קיינער נישט שטערן, קיין וואָרט נישט זאָגן...

„הייסט די גרויס פון די שטעט! די ברייט פון די גאַסן! די הויך פון די הייזער! פאַראַן דאָרט אַ „הייזקע“, רופט מען זי די „וואָלוואָרט“, שפּאַרט אָן דער שפּיץ קוימען גלייך אין דער כמאַרע אַריין און נאָך העכער; אַ סברה, אַז די הייזקע פאַרמאָגט עטלעכע הונדערט עטאַזשן. ווי אַזוי קריכט מען אַרויף אויפן בוידעם? דורך אַזאַ לייטער, וואָס מע רופט אים „עלעווייטער“. אַז איר באַדאַרפט האָבן עמעצן אויפן אויבערשטן עטאַזש, זעצט איר זיך אַוועק אונטן, אויפן עלעווייטער, גאַנץ פרי, קומט איר צו פאָרן אַרויף ערשט פאַרנאַכטלעד, אַזוי אַרום מנחה־צייט.

„איך בין אַ בעלן געווען אַמאָל זיך דורכפאָרן אַרויף, אַ קוק טאָן אויף אַ טשיקאַוועסט, וואָס טוט זיך דאָרט — האָב איך קיין חרטה נישט. דאָס, וואָס איך האָב דאָרטן געזען, וועל איך שוין נישט זען קיינמאָל. און וואָס איך האָב געפילט — לאָזט זיך גאָרנישט באַשרייבן. שטעלט אייך פאָר, איך שטיי מיר פון אויבן און קוק מיר אַראָפּ, פּלוצעם דערפיל איך אויף מיין לינקער באַק עפּעס אַ מאָדנע קעלט און אַ גלאַטע, עפּעס ווי אייז; און נישט ווי אייז, נאָר ווי שטאַרק פאַרקילטע פּעטשאַ, גליטשיק און דרילעוואַטע. איך דריי אויס פאַוואָליע דעם קאָפּ ליִנקס, איך טו אַ קוק — ס'איז די לבנה.

„הייסט דאָס לעבן זייערס איז נאָר געיאָגט, און נאָר געלאָפן, און נאָר געכאַפּט זיך. „אָריהאָפּ“ הייסט דאָס ביי זיי. אַלצדינג איז בחפזון, און אַפילו עסן עסט דאָס אויך אויף איין פוס. מע כאַפּט זיך אַריין אין אַ רעסטאָראַן און מע הייסט זיך געבן אַ שנאַפּס, און אויף צו פאַרבייסן האָב איך אַליין געזען, ווי מען האָט איינעם דערלאַנגט עפּעס אויף אַ טעלער, אַ פרישׁ, אַ צאַפּלדיקס, און ביז ער האָט דאָס צעשניטן, איז איין האַלב אַוועקגע־

פלויגן אויף איין זייט, די אַנדערע האַלב אויף דער אַנדערער זייט, און דער חברה־מאַן איז פאַרטיק געוואָרן מיט זיין אָנבייסן.

„פונדעסטוועגן זאָלט איר אָנקוקן ווי געזונט זיי זענען! אייזן! גיבורים! ביי זיי איז אַ מאָדנע שלאָגן זיך אין סטריט, אין מיטן גאַס הייסט דאָס. נישט זיי מיינען אייך שלאָגן, הרגענען, אונטערשלאָגן אַן אויג, אויסשלאָגן אַ פּאָר ציין, ווי ביי אונדז, חלילה! גאָר גלאַט אַזוי. מע פאַרקאַטשעט די אַרבל און מע גיט זיך קלעפּ, מע וויל זען ווער וועמען. ביי זיי ווערט עס אָנגערופן אויף זייער לשון: מע פייטלט זיך. איינמאָל בין איך געגאַנגען שפּאַצירן אין די בראָנקס, געטראָגן מיט זיך אַ ביסל סחורה, גייען אַקעגן מיר צוויי באָיעס, לויפערס, יונגאַטשעס הייסט דאָס, און טשעפּען זיך צו מיר — זיי ווילן זיך פייטלען מיט מיר. זאָג איך: „נאָסער — איך פייטל זיך נישט“. אהין־אהער, זיי לאָזן מיך נישט גיין ווייטער. בין איך זיך מיישב, אַז איר זענט יאָ אַזעלכע, וועל איך אייך באַווייזן, ווער עלטער איז. און גיי און לייג אַוועק דאָס פּעקל און וואַרף אַראָפּ די קאַפּאָטע, און אַז איך הייב אָן כאַפּן קלעפּ — קוים אַ לעבעדיקער אַרויס פון זייערע הענט! אַז זיי זענען צוויי און איך בין איינער! פון דעמלט אָן פייטל איך שוין מער נישט, מע זאָל מיך אָפּגילטן.

„הייסט זייער לשון! אַלצדינג איז ביי זיי פאַרקערט און ווי אויף צו־להכעיס. למשל, אַז ביי אונדז איז קיך — איז ביי זיי קיטשען. אַז ביי אונדז איז קצב — איז ביי זיי בוטשער. אַז ביי אונדז איז אַ שכן — איז ביי זיי אַ נעקסדאָריגער. אַ שכנה — אַ נעקסדאָריגע. אַ באַלעבאָסטע — אַ לענד־לאָריכע. אַלצדינג קאַפּויר. אַנומלטן האָב איך געוואָלט קויפן אַ האָן אויף שלאָגן כפּרות. זאָג איך צו דער מיסעס, זי זאָל מיר קויפן אַ הון. פרעגט זי מיך: „אַ הון גאָר? אַ הון איז דאָך פאַר מיר!“ זאָג איך: „לאָז זיין אַזוי — אַ הון פאַר מיר און פאַר אייך אַ הין“. זאָגט זי: „ווהין?“ איז זי נאָך אַ ליטוועטשקע אויך צו די צרות! און ביי די ליטוואַקעס וועט איר דען דערגיין אַמאָל אַ טאָלק? אַז אַ הין איז ביי זיי אַ הון, און אַ הון אַ האָן — אַ מעשה אָן אַן עק! פאַל איך אויף אַ המצאה און זאָג איר: „קויפט מיר דעם דזשענטעלמען פון די הינער“. אוודאי האָט זי פאַרשטאַנען, און ערשט דעמלט מזכה געווען מיך מיטן שיינעם וואָרט „אָלרייט“, וואָס איז כמעט אַלצאיינס, וואָס ביי אונדז „מהיכא תיתי, פאַרוואָס נישט? אָך, מיטן גרעסטן בזיון!“...

„הייסט דעם כבוד, וואָס מיר, יידן, האָבן דאָרטן! קיין אומה ולשון איז דאָרט נישט אַזוי געהויבן, געהויכט און געקרוינט, ווי דער ייד.

אַ ייד איז דאָרט גאָר אַ גאַנצער צימעס. עס איז גאָר אַ יחוס, אַז מען איז אַ ייד. איר קאָנט באַגעגענען, למשל, סוכות אַ יידן אין מיטן „פיפטע עוועניו“ מיט אַ לולב און מיט אַן אתרוג און האָט קיין מורא נישט, מע זאָל אים דערפאַר איינזעצן. אַז איך זאָג אייך, אַז מען האָט דאָרט ליב דעם יידן, איז דאָך נישט שייך. פיינט האָט מען דאָרט נאָר אַ יידישע באָרד און פאות. „וויסקעס“ הייסט דאָס אויף זייער לשון. דערזעען זיי אַ יידן מיט וויסקעס, לאָזן זיי דעם יידן צורו, נאָר די וויסקעס ציפּן זיי אים אַזוי לאַנג, ביז ער מוז זיי אַראָפּנעמען, אָפּגאָלן. דעריבער זענען דאָרט דאָס רוב יידן אָן בערד און אָן וואָנסעס. דאָס פּנים גלאַט ווי אַ טעלער. שווער צו דערקענען, ווער ס'אַ ייד און ווער נישט. אַז נישט קיין באָרד און נישט קיין לשון, סיידן נאָכן אימפּעט, בעת ער גייט, און נאָכן מאַכן מיט די הענט, בעת ער רעדט... ווייטער זענען זיי יידן. יידן מיט אַלע פּיטשעווקעס. היטן אָפּ אַלע יידישע מנהגים, האָבן ליב אַלע יידישע מאכלים, האַלטן פון אַלע יידישע יום־טובים. מצות באַקט מען דאָרט אַ גאַנץ קיילעכיק יאָר, און אויף חרוסת איז דאָ אַ באַזונדערע פאַבריקע, אַ „פעקטאָרי“ הייסט דאָס דאָרטן. טויזנטער און טויזנטער אַרבעטער זיצן אין דער פעקטאָרי און זיי „מאַנופעקטשורען“ חרוסת. און אויך פון כרפּס און פון מרור מאַכן דאָרט יידן אַ לעבן — איר שפּילט זיך מיט אַמעריקע?...“

— יאָ, בערל־אייזיק, דאָס איז אַלצדינג זייער פיין, וואָס דו דערציילסט. דו זאָג נאָר איין זאַך, וואָס מיר וואָלטן וועלן וויסן: מע שטאַרבט דאָרטן אין אַמעריקע אויך אַזוי ווי דאָ? צי מע לעבט דאָרטן אייביק?

„מע שטאַרבט, פאַרוואָס זאָל מען נישט שטאַרבן? אין אַמעריקע אַז מע טוט אַ שטאַרב, איז טויזנט אין איין טאָג, צען טויזנט, און צוואַנציק טויזנט, און דרייסיק טויזנט! גאַנצע גאַסן פאַלן דאָרטן איין! שטעט ווערן איינגעזונקען אַזוי ווי קורח!... איר שפּילט זיך מיט אַמעריקע?“

— שאַ, וויבאַלד אַזוי, וואָס איז מיט זיי דער יחוס? שטאַרבן זיי, הייסט דאָס, גלייך מיט אונדז?

„יאָ, שטאַרבן שטאַרבט מען, נאָר ווי אַזוי שטאַרבט מען — אָט דאָס איז די זאַך. און נישט אַזוי נאָר דאָס שטאַרבן. שטאַרבן שטאַרבט מען אומעטום אַלצאיינס. פונעם טויט שטאַרבט מען. דער עיקר איז דאָס באַהאַלטן — אָט וואָס! ערשטנס, איז אין אַמעריקע דער איינפיר, אַז יעדער ווייסט פריער ווו מע וועט אים באַהאַלטן. וואָרום ער גייט אַליין, נאָך בעת ער לעבט, און קלויבט זיך אַליין אויס אַן אָרט אויפן בית־עולם — „סעמעטעריע“ הייסט עס דאָרטן — און דינגט זיך אַזוי לאַנג, ביז ער פלייבט

זיך אויס פאַרן פרייז. נעמט ער די פלוניתטע זיינע און פאָרט זיך דורך מיט איר אויף דער סעמעטעריע און זאָגט איר: „זעסטו, נשמה מיינע? אָט דאָ וועסטו ליגן, אָט דאָ וועל איך ליגן, און דאָרט וועלן ליגן אונדזערע קינדער“... דערנאָך גייט ער אַוועק אין דעם אָפיס פון לוויהס און באַשטעלט זיך אַ לוויה איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, וואָס פאַר אַ קלאַס ער וויל.

און קלאַסן זענען דאָרטן פאַראַן אַזוי גרויס ווי הריי: ערשטע, צווייטע און דריטע קלאַס. ערשטע קלאַס, פאַר גאַנץ גרויסע גבירים, מיליאָנערן, קאָסט טויזנט דאָלאַר אַ לוויה. איז דאָס שוין איינמאָל אַ לוויה! די זון שיינט, אין דרויסן איז א חיות, די מיטה איז אויף א שווארצן קאטאפאלק, מיט זילבער באַלייגט. די פערד זענען אַלע אָנגעטאָן מיט שוואַרצע פאָפּאָנעס און ווייסע פעדערן. די דעזערענטן — רבנים, חזנים, שמשים — אויך אין שוואַרצן מיט ווייסע קנעפּ. און קארעטעס נאָך דער מיטה — אָן א שיעור קארעטעס און אַלע קינדער פון תלמוד־תורהס גייען אויף צו פריער און מע זינגט אויף א קול אויסגעצויגן: צ=ד=ק ל=פ=נ=י=ו י=ה=ל=ך ו=י=ש=ם ל=ד=ר=ך פע=מ=י=ו!... פונעם דאָזיקן געזאַנג קלינגט די שטאָט; אַ קלייניקייט — טויזנט טאָלער?!...

„צווייטע קלאַס איז אויך אַ פיינע לוויה, קאָסט שוין נאָר פינף הונדערט טאָלער, און איז שוין נישט דאָס. דער טאָג איז שוין נישט אַזוי פויגלדיק. די מיטה איז אויך אויף א שווארצן קאטאפאלק, נאָר אָן זילבער באַלייגט. די פערד מיט די רעזוערינטן זענען אָנגעטאָן אין שווארצן, נאָר אָן פעדערן און אָן קנעפּ. קאַרעטעס גייען נאָך, נאָר שוין נישט אַזויפיל. קינדער — נאָר פון עטלעכע תלמוד־תורהס גייען אויף צו פריער און זינגען שוין נישט אַזוי אויסגעצויגן: צדיק לפניו יהלך — וישם לדרך פעמיו! דאָס זינגען איז טרויעריק, מיטן נוסח ווי מע זאָגט תהילים — ווערליק פינף הונדערט טאָלער...

„דריטע קלאַס איז שוין גאָר אַ געמיינע לוויה און קאָסט אינגאַנצן איין הונדערטער. אין דרויסן איז שוין קיל, כמארנעוואטע. די מיטה אָן א קאטאפאלק. פערד אינגאנצן צוויי, און רעזוערענטן אויך צוויי. קארעטעס — קיין איינע נישט. קינדער נאָר פון איין תלמוד־תורה גייען אויף צו פריער און כאַפּן אָפּ גאָר אָן אַ שום ניגון:

צדיק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו.

צדיק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו.

און שלעפעריק, שטיל, קוים וואָס מע הערט זיי — סך־הכל הונדערט טאָלער, וואָס קאָן מען פאַר איין הונדערטער פאַרלאַנגען?“...

— יאָ, וואָס זשע טוט אָבער, בערל־אייזיק, דער, וואָס פאַרמאָגט קיין הונדערטער אויך ניט?

„איז ער טאַקע אויף גרויסע צרות! אַן געלט איז אומעטום שלעכט! דער אָרעמאַן ליגט אַלעמאָל ניין איילן אין דער ערד!... פונדעסטוועגן, מיינט ניט! אין אַמעריקע לאָזט מען דעם אָרעמאַן אויך ניט ליגן ניט באַהאַלטענעם. מע מאַכט אים אַ לוויה אַן געלט. עס קאָסט אים ניט קיין סענט אפילו. אוודאי איז דאָס אַ טרויעריקע לוויה. קיין שום צערעמאָניעס, קיין סימן פון קיין פערד און פון קיין רעווערענטן. און אין דרויסן ליאַפּעט. נאָר צוויי שמשים קומען צו גיין, די שמשים פון ביידע זייטן און אין מיטן דער בר־מינן — און אַלע דריי שלעפּן זיי זיך געבעך צופוס גלייך ביז צום בית־עלמין... אַן געלט, הערט איר, זאָל מען גאָרנישט געבוירן ווערן — אַ פּאַסקודנע וועלט... ווער פון אייך, יידן, פאַרמאָגט אַן איבעריקן פּאַפּיראָס?“.

# קליינע מענטשעלעך מיט קליינע השגות

## די שטאָט פון די קליינע מענטשעלעך

די שטאָט פון די קליינע מענטשעלעך, וואָס איך פיר דיך אַהין אַריין, פריינד לעזער, געפינט זיך פונקט אין דער מיט פונעם געבענטשטן „תחום“. ווו מע האָט אוועקגעזעצט יידן קאָפּ אויף קאָפּ. ווי הערינג אין אַ פעסל, און אָנגעזאָגט, זיי זאָלן זיך פרוכפּערן און מערן — און דער נאָמען פון דער האָזיקער באַריממטער שטאָט איז כתרילעווקע.

פון וואַנען נעמט זיך דער נאָמען כתרילעווקע? אָט פון וואַנען:

ביי אונדז אַן אָרעמאַן, דאָס ווייסט יעדערער, האָט יתרום נעמען: פאַראַן אַ געמיינער מאַן, און אַן אָרעמאַן, און נעבעך אַן אָרעמאַן און אַ גרויסער אָרעמאַן, און אַ געפאַלענער, אַ מקבל, אַ קבצן, אַ דלות, אַ דלפן, אַן עני, און אַן עני ואביון. איטלעכער פון די דאָזיקע אויסגערעכנטע נעמען ווערט אַרויסגערעדט מיט אַן אַנדער מין ניגון... און פאַראַן נאָך אַ נאָמען: אַ כתריאל, אָדער אַ כתריליק. דער דאָזיקער נאָמען ווערט אַרויסגערעדט שוין גאָר מיט אַן אַנדערן מין ניגון, למשל: „איי, בין איך, קיין עין-הרע, אַ כתריליק!“... כתריליק — דאָס איז שוין נישט גלאַט אַזוי אַ קבצן, אַ שלימזל: דאָס איז שוין פאַרשטייט איר מיך, אַזאַ מין אָרעמאַן, וואָס פאַלט נישט, חס-ושלום, אַראָפּ ביי זיך מיט זיין אָרעמ-קייט: אדרבא, ס'איז גאָר אַ גדולה! אויף אונדזער לשון הייסט עס „אַן אָרעמס און אַ פריילעכס“...

פאַרשטעקט אין אַ ווינקעלע, העט-ווייט, אָפּגעזונדערט פון דער גאַנ-צער אַרומיקער וועלט, שטייט זיך אָט די שטאָט עפּעס ווי פאַריתומט, פאַרחלומט, פאַרכישופט און פאַרטיפט אין זיך זעלבסט, גלייך ווי מיט איר געהער זיך גאָרנישט אָן אָט דער גאַנצער טאַראַראַם מיטן האַרמידער, מיטן לויפעניש, יאָגעניש, העצעניש, פרעסעניש איינס דאָס אַנדערע מיט אַלע

איבעריקע גוטע זאַכן, וואָס מענטשן האָבן זיך מטריח געווען צו באַשאַפן און צוגעטראַכט צו דעם פאַרשידענע נעמען, ווי: „קולטור“, „פראָגרעס“, „ציוויליזאַציע“ וכדומה אַזעלכע שיינע ווערטער, פאַר וועלכע אַ רעכטער מענטש נעמט אַראָפּ דאָס היטל מיט גרויס דרך־ארץ. קליינע, קליינע מענטשעלעך!.... נישט נאָר פון אויטאָמאָבילן, פון לופטשוימעריי און אַוויאַטיקא — זיי האָבן אַ לאַנגע צייט פון אונדזער אַלטער געווײנלעכער אייזנבאַן נישט געוואָלט הערן און נישט געוואָלט גלייבן אפילו, צי ס'איז גאָר פאַראַן ערגעץ אַ באַן אויף דער וועלט. „ווייס איך וואָס — האָבן זיי געזאָגט — חלומות, נעכטיקע טעג, אויפן הימל אַ יאַריד, אַ קו איז געפלויגן איבערן דאַך“ — וכדומה אַזעלכע שאַרפע ווערטער. ביז עס האָט זיך געטראָפן אַ מעשה, איינער אַ כתריל'עווקער באַלעבאָס האָט באַדאַרפט האָבן קיין מאָסקווע, איז ער געפאָרן און געקומען צוריק און געשווירן מיט כל השבועות, אַז ער אַליין איז געפאָרן ביז סאַמע מאָסקווע מיט דער באַן דריי פערטל שעה... האָט מען דאָך מסתמא געמאַכט אים אויסצודרייען: ווי שווערט דאָס אַ ייד אַ באַלעבאָס אויף אַזאַ האַרטן ליגן? לאָזט זיך אויס אַ מעשה, אַז מען האָט אים נישט גוט פאַרשטאַנען: ער איז טאַקע מער נישט געפאָרן מיט דער באַן ווי דריי פערטל שעה: דאָס איבעריקע איז ער שוין געגאַנגען צופוס. ווי די מעשה איז — דער פאַקט מיט דער באַן איז אַ פאַקט, וואָס מע קאָן קעגן אים גאָרנישט זאָגן: אַ ייד אַ באַלעבאָס שווערט זיך מיט אַזעלכע שבועות, וועט ער מן הסתם פונעם פינגער נישט אויסזייגן, ובפרט, ער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין מיטן שכל דעם כוח פון אייזנבאַן אין אויסגעמאָלט אויף פאַפיר, ווי אַזוי די רעדער דרייען זיך, און דער קוימען פייפט, און דער וואַגאָן פליט, און יידן פאָרן קיין מאָסקווע... האָבן אים די קליינע מענטשעלעך אויסגעהערט — אויסגעהערט, כלומרשט צוגעשאָקלט מיט די קעפ און אינעווייניק אין האַרצן גוט געלאַכט און געזאָגט: „וואָס קומט אַרויס — די רעדער דרייען זיך, דער קוימען פייפט, דער וואַגאָן פליט, יידן פאָרן קיין מאָסקווע — און קומען צוריק“...

אָט אַזוי, ווי איר זעט, זענען זיי אַלע, די קליינע מענטשעלעך, נישט קיין בעלי־מרה־שחורה, קיין פאַרזאָרגטע באַלעבעסלעך. אדרבא, זיי האָבן אַ שם אויף דער וועלט פאַר גרויסע בעלי־המצאות, ווערטלזאָגערס, לעבעדיקע פריילעכע נשמות. אָרעמע, נאָר פריילעכע. עס איז שווער צו זאָגן, וואָס איז, אייגנטלעך, מיט זיי די גדולה? גאָרנישט, חי־געלעבט!... געלעבט? אַנו, פרעגט זיי, למשל: „פון וואַנען לעבט איר?“ — וועלן זיי אייך ענטפערן: „פון וואַנען מיר לעבן? אָט זעט איר דאָך, כאַ־כאַ, מע לעבט“...

און מערקווירדיק! ווען איר זאָלט זיי נישט באַגעגענען, לויפֿן זיי ווי די פֿאַר־סמטע מייז, דער אַהער, דער אַהין, און האָבן קיינמאָל קיין צייט נישט. „וווּהין לויפֿט איר?" — „וווּהין מיר לויפֿן? אָט זעט איר דאָך, כאַ־כאַ, מע לויפֿט, מע מיינט, מאָמער וועט מען עפּעס כאַפּן, פֿאַרדינען אויף שבת".

פֿאַרדינען אויף שבת — דאָס איז זייער אידעאַל, אַ גאַנצע וואָך וועלן זיי אייך אַרבעטן, מיט בלוטיקן שווייס האָרעווען, פֿאַרשוואַרצט ווערן, קייען די ערד, עסן מכות, טרינקען קדחת, אַבי ס'זאָל זיין אויף שבת. און באמת, קומט דער ליבער הייליקער שבת — איז אַ כּפּרה יעהופּעץ, אַ כּפּרה אָדעס, אַ כּפּרה אַפֿילו פּאַריז! מע זאָגט — און דאָס זאָל זיין אַ פֿאַקט — אַז זינט כּתרילעווקע איז אַ שטאָט האָט זיך נאָך נישט געטראָפֿן, אַז אַ ייד זאָל דאַרפֿן שבת חלילה דאַרפֿן הונגערן. וואָרום ווי געשיקט זיך עס, אַז אַ ייד זאָל נישט האָבן קיין פֿיש אויף שבת? האָט ער נישט קיין פֿיש, האָט ער פֿלייש; האָט ער נישט קיין פֿלייש, האָט ער הערינג; האָט ער נישט קיין הערינג, האָט ער חלה; האָט ער נישט קיין חלה, האָט ער ברויט מיט ציבעלע; האָט ער נישט קיין ברויט מיט ציבעלע, לייט ער ביים שכן; אי־בעראַכטאָג שבת וועט דער שכן לייען ביי אים — „די וועלט איז אַ רעדל און עס דרייט זיך"... אַזוי זאָגט ער אייך אַ גלייכווערטל און באַווייזט מיט דער האַנט, ווי דאָס רעדל דרייט זיך... ביי די קליינע מענטשעלעך, אַז עס קומט צו אַ גלייכווערטל, איז גאָר נישט שייך. פֿאַר אַ גלייכווערטל וועלן זיי אייך אוועקגעבן, ווי מע זאָגט, דעם טאַטן מיט דער מאַמען. די וועלט דערציילט זיך אָן פֿון זיי אַזעלכע מעשׂיות, וואָס זעען אויס ווי אַנעק־דאָטן, נאָר מע קאָן זיכער ערב זיין, אַז דאָס זענען לויטער פֿאַקטן.

למשל, מע דערציילט פֿון איינעם אַ כּתרילעווקער באַלעבאָס, וואָס ס'איז אים נמאס געוואָרן צו הונגערן אין כּתרילעווקע, האָט ער זיך אוועק־געלאָזט וואַנדערן איבער דער וועלט זוכן גליק, געוואָרן אַן עמיגראַנט, און האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אַזש קיין פּאַריז. האָט ער מסתמא זייער השק גע־האַט זיך צו דערשלאָגן צו רויטשילדן. וואָרום ווי איז דאָס אַ ייד אין פּאַריז און מע זעט זיך נישט מיט רויטשילדן? איז אָבער אַ חסרון — מע לאָזט נישט צו. „וואָס איז די מעשׂה?" „אַ צעריסענע קאַפּאָטע". „חכמים איר זייט! — טענהט דער ייד. — איך זאָל האָבן אַ גאַנצע קאַפּאָטע, וועלכע גוטע יאָר וואָלט איך געפֿאָרן קיין פּאַריז?" הקיצור — ס'איז נישט גוט. אַ כּתרילעווקער ייד אָבער פֿאַלט ביי זיך נישט אַראָפּ און גיט זיך אַן עצה. ער איז זיך מיישב און רופֿט זיך אָן צום שומר, וואָס ביי דער טיר: „גיי זאָג דעם פּריץ, אַז צו אים איז געקומען חלילה נישט קיין שנאָרער, נאָר

אַ ייד אַ סוחר, וואָס האָט אים געבראַכט צו פירן אַזאַ מין אַרטיקל, וואָס מע קריגט דאָס נישט דאָ אין פּאַריז פאַר כל הון דעלמאָ״.

דערהערט אַזעלכע דיבורים, הייסט רויטשילד, מע זאָל אים אַריינפירן אויף אַ ציקאַוועסט דעם האָזיקן סוחר. „שלום־עליכם״. „עליכם־שלום״. „זיצט, פון וואַנען איז אַ ייד?״ „פון כתרילעווקע״. „וואָס וועט איר זאָגן גוטס?״ „וואָס זאָל איך אייך זאָגן, פּאַניע רויטשילד? די מעשה דערפון איז אַזוי: אויף אייך שמועסט מען ביי אונדז, אַז איר זענט, קיין עין־הרע, נישקשהדיק אין מעמד, אויף מיר געזאָגט געוואָרן כאָטש האַלב, כאָטש אַ דריטחלק איז אויך גענוג. נו, און כביד מסתמא זענט איר אוודאי אויך נישט זשעדנע; וואָרום ווער עס האָט די מאות, זאָגט מען, דער האָט די דעות. הכלל, וואָס פעלט אייך? איין זאַך: ד אָ ס א ײ ב י ק ע ל ע ב ן. האָב איך עס אייך געבראַכט צו פירן אויף צו פאַרקויפן״.

דערהערט „דאָס אייביקע לעבן״, מאַכט צו אים רויטשילד: „מה יקר — וואָס וועט דאָס קאָסטן?״ „עס וועט אייך קאָסטן, פּאַניע, אַזוי גרויס (דאָ האָט זיך דער ייד פאַרטראַכט) — אַזוי גרויס ווי דריי הונדערטער״. „אפשר וועלן מיר זיך דינגען?״ „ניין, פּאַניע רויטשילד, ס'וועט נישט גיין. איך זאָל האָבן די ברכות, וואָס איך וואָלט אייך געקאָנט זאָגן מער פון דריי הונדערט. נאָר גאָרנישט, געזאָגט — איז פאַרפאַלן״. אַזוי מאַכט צו אים דער ייד, און רויטשילד נעמט מסתמא און ציילט אים אויס דריי הונדערטער מזומנים. אחת ואחת. מיין ייד קודם־כל לאָזט אַראָפּ דאָס ביסל מזומנים אין קעשענע און רופט זיך אָפּ צו רויטשילדן בזה הלשון: „ווילט איר לעבן אייביק, איז עצתי, איר זאָלט אוועקוואַרפן אָט דאָס טומלדיקע פּאַריז און אַריבערפּעקלען זיך בעסער צו אונדז קיין כתרילעווקע, וועט איר קיינמאָל נישט שטאַרבן, וואָרום זינט כתרילעווקע איז אַ שטאָט, איז ביי אונדז נאָך קיין גביר קיינמאָל נישט געשטאָרבן״...

און נאָך אַ מעשה האָט זיך געטראָפן, איינער האָט אָנגעשפּאַרט אַזש קיין אַמעריקע... נאָר איך זאָל האַלטן ביי דערציילן מעשיות, איינפאַלן און המצאות פון די קליינע מענטשעלעך, וואָלט איך באַדאַרפט זיצן מיט אייך דריי טעג מיט דריי נעכט און דערציילן און דערציילן. לאָמיר בעסער אַריבערגיין צו די באַשרייבונגען פון דער שטאָט גופא.

איר ווילט אוודאי וויסן, ווי אַזוי זעט אויס כתרילעווקע? שיין, אַזוי ווי גאָלד, און ווער שמועסט, פון דער ווייטנס! פון דער ווייטנס כאַפּט דאָס דעם אָנבליק פון... אַ וואָס זאָל איך אייך, אַשטייגער, זאָגן? פון אַ סאָנישניק, וואָס איז געדיכט אָנגעזעצט מיט סעמיטשקעס, אָדער פון אַ לאָקשנ־

ברעט מיט פאַרפל אַ סך. ווי אויף אַ טעלער, ליגט פאַר אייך די שטאָט, און איר קאָנט זי זען פאַר אַ מייל מיט אַלע איר אַנטיקלעך. וואָרום די שטאָט גופא, פאַרשטייט איר מיך, שטייט אויף אַ באַרג, און אונטערן באַרג שטייען הייזלעך אַ סך, איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי קברים אויף אַן אַלטן בית־עלמין, ווי אַלטע שוואַרצע איינגעבויגענע מצבות. קיין גאַס איז נישט שייך צו זאָגן, מחמת די הייזער גייען נישט געבויט, אויסגערעכנט און אויסגעמאָסטן לויטן צירקל, און קיין סך פּלאַץ צווישן די הייזער איז אויך נישטאָ; למאי זאָל שטיין אומזיסט־אומנישט אַ ליידיקער פּלאַץ, אַז מע קאָן דערויף אַנידערשטעלן אַ שטוב? סע שטייט אין פּסוק: „לשבת יצרה“ — איז דער פּשט: די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן אויף ישוב. אויף צו זיצן, נישט אויף צו קוקן. וואָס פאַר אַ קוקן?...

פונדעסטוועגן, האָט קיין יסורים נישט, פאַראַן גאַסן אויך, גרויסע גאַסן און קליינע געסלעך, און שמאָלע געסלעך, און הינטערגעסלעך. איי וואָס. ס'איז נישט עפּעס אַזוי גלייך, אַ ביסל געדרייט באַרג־אַראָפּ, באַרג־אַרויף — און פּלוצים נאָט אייך אַ שטוב, אָדער אַ קעלער, אָדער גלאַט אַ גרוב! ווערט איר אַ בריה האָבן נישט גיין אייגער אַליין ביינאַכט אָן אַ לאַמטערנע! פאַר די קליינע מענטשעלעך זאָלט איר זיך נישט זאָרגן: אַ כתריל׳עווקער אין כתריל׳עווקע צווישן כתריל׳עווקער וועט נישט פאַרבלאָנדזשעט ווערן קיינמאָל; איטלעכער טרעפט צו זיך אַהיים, צו זיין אייגן ווייב און קינדער, ווי אַ פייגעלע צו זיך אין נעסט אַריין...

און ווייטער איז פאַראַן אין מיטן שטאָט אַ ברייטער, האַלב־קיילעכיקער, און אפשר אַ פירעקיכיקער פּלאַץ, וואָס דאָרטן זענען די קלייטן, די געוועלבער, די יאַטקעס, טישלעך און שמיצלעכלעך, און דאָרטן שטעלט זיך אויס דער מאַרק אַלע פרימאָרגן, ווו עס פאָרן זיך צונויף אַ סך גויים מיט אַ סך גויעס מיט אַלערליי מינים סחורות און עסנוואַרג, פיש מיט ציבעלעס מיט כריין, מיט פּיעטרישקע און מיט שאר ירקות. דאָס ביסל שאר ירקות פאַרקויפט מען און מע קויפט ביי די יידן אַנדערע באַדערפעניש, און דערפון ציען דאָס די יידן פּרנסה, אפילו נישט אַזוי ברייט, נאָר פאָרט פּרנסה. בעסער פון גאָרנישט איז דאָך עס... און דאָרטן, טאַקע אויף דעם זעלביקן פּלאַץ, ליגן אויסגעצויגן בייטאָג אַלע ציגן פון שטאָט און וואַרעמען זיך קעגן דער זון, און דאָרטן טאַקע זענען, להבדיל, די בתי־מדרשים מיט די שולן, מיט די קלייזלעך, מיט די חדרים פון שטאָט, ווו יידישע קינדער לערנען תורה, דאַווענען, לייענען און שרייבן; די רבים מיט די תלמידים זינגען און שרייען אויף קולי־קולות, אַז מע קאָן טויב

ווערן... און אויך דאָס מרחץ, ווו ווייבער באָדן זיך, און אויך דער „הקדש“, ווו יידן שטאַרבן, און אַלע איבעריקע גוטע ערטער, וואָס לאָזן זיך הערן פון דער ווייטן... גיין, כתרילעווקע ווייסט נאָך נישט פון קיין „קאַנאַליזאַציע“, וואַסערלייטונג, עלעקטריציטעט און נאָך אַזעלכע לוקסוס=זאַכן; נאָר וואָס מאַכט דאָס אויס? „מע שטאַרבט, הערט איר, אומעטום מיט אַלץ איין טויט, און מע לייגט אַריין, הערט איר, אומעטום אין אַלץ איין ערד אַריין, און מע קלאַפּט צו אומעטום, הערט איר, מיט דער אייגענער לאָפּעטע!“ — אַזוי פֿלעגט זאָגן אַלעמאָל מיין רבי רב ישראל מלאך אויף אַ שמחה, דווקא דעמלט, ווען ער איז געווען רעכט פֿריילעך, גוט אונטערן גלעזל און שוין פאַרטיק צו פאַרקאַטשען די קאַפּאָטע און גיין אַ „דייטש“, אָדער כאַפּן אַ „קאָזאַק“...

מיט וואָס כתרילעווקע מעג זיך יאָ באַרימען — דאָס איז מיט אירע בית=עולמס. צוויי רייכע בית=עולמס פֿאַרמאָגט די דאָזיקע געבענטשטע שטאָט: אַן אַ ל ט ן בית=עולם און אַ נ יי ע ם בית=עולם. דאָס הייסט, דער נייער בית=עולם איז, מאַלט אייך, אויך גענוג אַלט און גענוג רייך אין קברים. עס וועט שוין באַלד נישט זיין ווו צו „לייגן“, טאָמער חלילה אַ פּאָגראָם, אַ כאָליערע אָדער עפּעס אַן אומגליק פֿון די היינטיקע אומגליקן.

איבערהויפּט, גרעמען זיך איבער די כתרילעווקער קליינע מענטשעלעך מיטן אַלטן בית=עולם. דאָס אַלטע בית=עולם זייערס, כאָטש ס'איז שוין פאַרוואָקסן מיט גראָז און מיט ביימלעך און כמעט אָן איין גאַנצע מצבה, האַלטן זיי דאָס פֿונדעסטוועגן פֿאַר אַ צירונג, אַ שיינדעלע, אַ רייכטום, און היטן דאָס אָפּ, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פֿונעם אויג, וואָרום אחוץ וואָס דאָרטן ליגן זייערע אבות=אבותיהם, רבנים, צדיקים, לומדים, מפורסמים, גרויסע לייט — איז אַ סברה, אַז דאָרט געפֿינען זיך אַ היפּש ביסל קדושים נאָך פֿון דער היידאַמאַטשינע, פֿון כמיעלניצקים צייטן... אָט דאָס „הייליקע אָרט“ — דאָס איז זייער איינציק שטיקל אייגנס אויף דער וועלט, ווו זיי זענען דאָ די איינציקע באַלעבאַטים, זייער איינציק שטיקל ערד, זייער איינציק שטיקל פֿעלד, ווו עס שפּראָצט אַ גרעזל און עס וואַקסט אַ ביימל און די לופֿט איז פֿריש און עס אָטעמט זיך פֿריי...

איר זאָלט זען, וואָס דאָרטן טוט זיך אָפּ, אַז עס קומט סוף זומער, אַרום ראש=חודש אלול, די „וויינענדיקע טעג“ — איי=איי=איי! יידן און ווייבער — דערהויפּט, ווייבער — אויף און אָפּ, סע ווימלט און סע שווימלט — אַ ווערטעלע „קבר=אבות“! פֿון דער גאָרער וועלט קומט מען אַהער אַ

ביסל זיך אויסוויינען און אויסגיסן דאָס ביטערע האַרץ אויף די הייליקע קבֿרים. הערט איר, וואָס איך וועל אייך זאָגן? אין ערגעץ ווייַנט זיך נישט אַזוי גוט און אַזוי געשמאַק, ווי אין כתריליעווקע „אויפֿן פֿעלד". דאָס הייסט, אין די שולן דאַרטן ווייַנט זיך אַפֿילו אויך גאַנץ נישקשהדיק. נאָר ווי קומט דאָס צו קבֿר־אָבֿות? דאָס „קבֿר־אָבֿות" איז אַ שטיק פּרנסה פֿאַר די כתריליעווקער שטיינשניידערס. בעלי־אַכסניות, חזנים און שמשים, און דער ראָש־חודש אלול איז פֿאַר די דאָרטיקע אָרעמע לייַט, ווייַבער און קאַליקעס די אמתע „שניט־צייַט".

„זענט איר שוין געווען בייַ אונדז אויפֿן פֿעלד?" — וועט איר פֿרעגן אַ כתריליעווקער מיט גדלות, גלייַך ווי ער וואָלט אייך, אַשטייגער, פֿרעגן, צי זענט איר געווען בייַ זיין שאַטן אין ווייַנגאָרטן? אויב איר זענט נאָך נישט געווען, טוט אים צוליב און גייט זיך הורך צו זיי „אויפֿן פֿעלד"; לייענט איבער די אַלטע שטאַרק־אָפּגעריבענע אויפֿשריפֿטן אויף די האַלב־אייַנגעפֿאַלענע מצבֿות, וועט איר געפֿינען אין זיי אַ שטיק געשיכטע פֿון אַ גאַנץ פֿאָלק... און אויב איר זענט אַ מענטש פֿון התפּעלות און באַגייס־טערונג, וועט איר, באַטראַכטנדיק די דאָזיקע אָרעמע שטאָט מיט אירע רייכע בית־עולמס, זיך נישט קאָנען אייַנהאַלטן און איבערחזרן דעם אַלטן פּסוק: מ ה — ט ו ב ו — ווי גוט זענען דייַנע געצעלטן, יעקבֿ! דייַנע רוע־ערטער, ישׂראל!...

# אַן אַנגעלייגטער ברית

— שלימזל! ווען קומט איר אויס גיין צו־קינד? ערב יום־טוב!

— קוים דערלעבט אַ נחת!

— אַז מיר וועלן ווערט זיין ביי גאָט, וועט נאָך זיין אַ ייִנגל אויך. אָט וועט איר זען!

— זי מוז געבוירן משיחן, נישט אַנדערש!

אַזעלכע וכדומה אַזעלכע ווערטלעך זענען געפלויגן דעם גאַנצן טאָג ביי העניעך דעם סטאָליער אין שטוב, און רייזל האָט זיך געקנייטשט, געיאָקעט, זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפונען.

עס זענען געווען מינוטן אַזעלכע, וואָס זי האָט זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקעלע, זיך געקנייפט דאָס פּנים, געריסן פון זיך שטיקער פלייש און געבעטן אויף זיך דעם טויט.

— רבונו של עולם! זיסער פאָטער, האַרציקער, געטרייער, העלף מיר שטאַרבן!...

רייזל איז געגאַנגען צו־קינד נאָך פון גאַנץ פרי אָן, נאָר זי האָט זיך באַהאַלטן, קיינער זאָל נישט וויסן. אַרום פאַרנאַכט, אַז עס האָבן זי אַ כאַפּ געטאָן די רעכטע „ווייען“, איז זי אַרייַנגעפאַלן אין בעט אַריין, אָנגעהויבן ברעכן די ווענט, צונויפגעקרעמפּעוועט די ציין, געוואָרן ברוין און בלוי און האָט אויסגעשריגן נישט מיט איר קול:

— מאַמעניו! גיב מיר כוח, איך זאָל קאָנען שטאַרבן!!!

שרה־רחל די באָבע, וואָס איז געשטאַנען איבער איר בעט, האָט שוין, נישקשה, געזען אַזעלכע זאַכן. זי האָט זיך אָנגעבויגן צו איר מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל ביז די שפּיציקע שוואַרצע עלנבויגנס און האָט זי געטרייסט:

— שריי, שריי, מיין קינד! אַ געווינערין באַדאַרף שרייען. נאָך איין געשריי, וועסטו, אם ירצה השם, איבערקומען געזונטערהייט. די מאַמע דיינע פון יענער וועלט טוט זיך פאַר דיר איצטערט מיען. דער טאַטע דיינער שטייט אַצינדערט פאַרן בית־דין־של־מעלה און טוט טאָן בעטן פאַר

דיר, דו וועסט, אם ירצה־השם, איבערקומען געזונטערהייט און וועסט האָבן אַ זון, אַ טרייסט צו דיינע צרות...

די „ווייען" גייען איבער, און רייזל בלייבט ליגן, ווי אַ פּריטשמעליע־טע, אַ פֿאַרשיכורטע, און עס קלינגט איר אין די אויערן, און זי שלאָפֿט נישט, נאָר זי איז פֿאַרטומלט. זי ווייסט נישט, ווי זי איז אין דער וועלט. עפּעס טוט זיך מיט איר. עפּעס וועט מיט איר זיין. אפשר איז דאָס אַן עק צו אירע צרות? אפשר שטאַרבט זי? רייזל וויל נישט שטאַרבן. ניין! זי האָט נאָך אַ האָפֿענונג אויף דעם וואָס לעבט אייביק, אַז איר זעטל וועט קומען, קומען צו פֿאָרן פֿונעם ווייטן אַמעריקע, און זי וועט נאָך וויסן פֿון אַ לעבן מיט איר ליבן טייערן זעטלען.

ווו איז זעטל?

זעטל דער שניידער האָט זיך עטלעכע חדשים נאָך דער חתונה אַוועק־געלאָזט זוכן פּרנסה. קיין אַמעריקע איז ער אַוועקגעפֿאָרן. אַלע פֿאָרן איצט קיין אַמעריקע. אַוועקגעפֿאָרן זעטל — און נישטאָ, ווי אַ־ין וואַסער אַריין.

„געווים איז ער דאָרט אַ חתן געוואָרן, גענומען פֿריש נדן, אויסקרענ־קען זאָל ער דאָס דאָרטן, רבונו של עולם!"

אַזוי האָט מען געשמועסט וועגן אים אין כתרילעווקע, ביי הענעך דעם סטאָליער אין שטוב, אַלע — אחוץ רייזל.

רייזל האָט אַ נ ד ע ר ש געקלערט וועגן איר זעטלען. זי האָט אים געקענט בעסער פֿון אַלעמען, כאָטש זי איז געווען מיט אים אינאיינעם נישט מער ווי פֿיר חדשים.

רייזל האָט אַרויסגעקוקט אויף אים אַלע מינוט, אַלע רגע: אויב ער לעבט נאָר און איז געזונט, וועט ער געווים קומען, אָדער כאָטש שרייבן אַ בריוול, שרייבן אַ בריוול און צושיקן איר זיין „פּאַטרעט". אוי, ווען גאָט העלפֿט איר, עס קומט איר אָן דאָס גוטע בריוול מיטן „פּאַטרעט", ווער איז צו איר דעמלט גלייך?

אַ סך טעג האָט רייזל אָט אַזוי אַרויסגעקוקט. אַ סך נעכט איז זי נישט געשלאָפֿן. אַ סך טרערן האָט זי אויסגעגאָסן שטילערהייט, באַגראָבן דעם קאָפּ אין קישן, לייט זאָלן נישט זען, גוטע פֿריינד זאָלן נישט האָבן קיין יסורים, שונאים זאָלן זיך נישט פֿרייען אויף אירע צרות.

און אירע צרות זענען געווען גענוג גרויס, וואָרום זי האָט דערפֿילט, אַז זי באַדאַרף ווערן אַ מוטער... ווי און ווינד, וואָס וועט זי טאָן? וווהין וועט זי זיך קערן און ווענדן? זי זאָל נישט מורא האָבן פֿאַר גאָט און פֿאַרן גיהנום, וואָלט זי זיך נאָר אַ מעשה אָנגעטאָן!

ס'איז אַ סברה, אַז איינמאָל איז זי געווען ביים טייך, געוואַשן גרעט, האָט זי זיך געוואָלט אַריינוואַרפן אין וואַסער אַריין. האָט זי זיך דערמאָנט אָן יענער וועלט, האָט זי געכאַפּט דאָס פּעקל גרעט און האָט זיך געלאָזט, נישט טויט, נישט לעבעדיק, לויפן אַהיים. אַזוי ווי זי לויפט, באַגעגנט זי זיך מיט שרה־רחלען די באָבע.

— וואָס לויפסטו אַזוי, טאָכטער מיינע? — פרעגט זי שרה־רחל.

האָט זיך רייזל צעוויינט, ווי אַ קליין קינד, און שרה־רחל, וואָס האָט געהאַט אַ „גענייט אויג", האָט באַלד פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז, און זי האָט איר גענומען אויסרעדן דאָס האַרץ, ווי ווייט זי האָט געקאָנט.

— ס'איז אַ גאָטס־זאַך — האָט איר שרה־רחל געזאָגט — ס'איז פון גאָט. א קשיה, אפשר אין דעם זכות וועט קומען זעטל?...

הערהערט דעם נאָמען זעטל, האָט זי דערפילט, אַז דאָס גאַנצע בלוט איז איר צוגעטרעטן צום פּנים — איןביידע ווייבער האָבן זיך אַוועקגע־זעצט אויף אַ פרעמדער פריזבע, זיך געשושקעט — געשושקעט, געריבנט אויף די פינגער און צעגאַנגען זיך.

וויפל רייזל האָט געקאָנט האָט זי דעם סוד געהאַלטן טיף ביי זיך פאַר־באָרגן, ביז עס איז איינמאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן אַרויסגעשפּרונגען און ס'איז געוואָרן אויס סוד, און פון דעמלט אָן איז העגעך דעם סטאָליערס שטוב געוואָרן פאַר איר אַ גיהנום. עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז אַלע קוקן אויף איר, אַלע רעדן פון איר, און מער פון אַלץ האָט זי נישט געקאָנט אַריבערטראָגן דאָס, וואָס מען שעלט איר זעטלען. ווער עס האָט גאָט אין האַרצן באַדט זיך אין זיין בלוט.

מער פון אַלעמען איז איר דערגאַנגען די יאָרן לאה די בעקערין. לאה די בעקערין האָט אויף איר שטאַרק רחמנות געהאַט, פלעגט זי איר אונ־טערטראָגן אָפּטמאָל אַ פריש שטיקל בולקע, אַ ברייטל, אַ „ווישקראַבעק" און זאָגן בשעת מעשה:

— נאַ, רייזל, פאַרזוך דאָס געבעקס, וואָרגן זאָל ער זיך דאָרטן אין אַמעריקע, דער שאַרלאַטאַן דיינער, מיטן ערשטן ביסן, זיסער גאָט!

— ער זאָל באַטש וויסן דאָרטן, אַז אָט־אָט ווערט ער אַ טאַטע, דער רוח זאָל אים נעמען! — העלפט איר אונטער פרימע די מלמדקע.

— און אַז ער וועט וויסן, וועט ער זיך צעקראַצן דאָרטן, דער שנייַ־דערוק, פאַרכאַפּט זאָל ער ווערן! — לייגט צו אַ קנייטל אסנה די קורע־לאַפּניטשקע.

די דאָזיקע ווייבער — דאָס זענען אַלץ שכנים, וואָס זיצן מיט רייזלען בײַ הענער דעם סטאָליער אין שטוב. איטלעכע פון זיי האָט זיך איר אַלקערל, איר באַלעבאַטישקייט, איר בעטגעוואַנט, איר מאַן און אירע קינדערלעך. און קינדערלעך זענען דווקא בײַ זיי, ברוך השם, גענוג. ס'איז דאָרטן שטענדיק אַ הו־האַ, אַ געשריי, אַ געפּילדער: די קינדער צווישן זיך רייסן זיך; די באַלעבאָסטעס קאָכן און באַקן אַלע בײַ איין אויוון. פירן צווישן זיך רכילות, רעדן איינע אויף דער אַנדערער לשון־הרע. קריגן זיך און בעטן זיך איבער, לייען און פאַרלייען איינע דער אַנדערער, אַבי ס'איז גאָר פאַראַן וואָס, פרייען זיך אַלע אינאיינעם אויף איין שמחה און לעבן כמעט ווי איין משפּחה.

רייזל האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פונעם שלאָף מיט אַ נייעם מין געשריי:

— גאָט! גאָט! גאָט!...

— אָט אַזוי, אָט אַזוי, טאָכטער! — האָט זי שׂרה־רחל געטרייסט. איבערגעדערט גייען ערשט די רעכטע „ווייען“. נאָך איינע צוויי־דריי גוט'ע געשרייען וועסטו, אם ירצה השם, איבערקומען געזונטערהייט... אָט אַזוי, אָט אַזוי... מזל טוב דיר, טאָכטער, האָסט געהאַט אַ ייִנגל!

---

אַז ס'איז געבוירן געוואָרן בײַ רייזלען דאָס ייִנגל, איז דאָס ערשטע געווען אויסבאָדן דאָס קינד, איבערוויקלען און באַטראַכטן אין וועמען איז דאָס געראָטן — און אַלע דרײַ ווייבער האָבן אויסגעשריגן אין איין קול:

— אַ וווייטיק אים אין פּנים! אינגאַנצן „ער“ מיט די ביינער!

נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן שמועסן מכּוח אַ יאַכל פאַר דער קימפּעטאָרין. האָט איינע אויסגעוואָרפן דער אַנדערער, פאַרוואָס מע האָט נישט פאַרזאָרגט די קימפּעטאָרין כאָטש מיט אַן עוף. די גאַנצע באָד האָט מען ארויפגעלייגט, געוויינלעך, אויף אסנה די קורעלאַפּנימשקע.

— איר זענט אַ ייִדענע, וואָס קאַטאָרי איר האַנדלט מיט עופות. זענט איר נישט קליין געווען פריער מיט צוויי וואָכן אַוועקזעצן אַן עוף פון רייזלס וועגן?! פראָסטע וואָלטן מיר שוין אַליין געקויפט, און שחיטה־געלט וואָלטן מיר גענומען אויף זיך.

לאה די בעקערין האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל און האָט זיך אַוועקגעשטעלט מאַכן פוטער־געבעקס פאַר די קימפּעטאָרין, און פרומע די רביצין

איז אַוועקגעלאָפן צו איר מאַן, רב חיים־חנה דער מלמד, און האָט ביי אים געפועלט, ער זאָל באַלד אָנשרייבן שיר־המעלות פאַר דער געווינערין.

האָט חיים־חנה דער מלמד פאַרקאַטשעט די אַרבל און האָט אָנגעשריבן שיר־המעלותן, וואָס ביי דער רייכסטער געווינערין האָט מען אַזעלכע נישט געזען. אין מיטן איז געשטאַנען אויסגעמאָלט אַ געצאַצקעטע פּיראַמידע:

אדם וחוה
אברהם ושרה
יצחק ורבקה
יעקב ולאה

ביי די זייטן איז געשטאַנען דער געוויסער פּסוק:

מכשפה לא תחיה
לא מכשפה תחיה
תחיה מכשפה לא

און אונטן מיט גאַנץ גרויסע אותיות:

ס י נ י ו ס נ ס נ י ו ס מ נ ג ל ף

די געוויסע פאַרבאַרגענע ווערטער, וואָס זענען אַ סגולה צו אַ „גוטע אויג" און צו אַלע צרות. הכלל, עס איז באַשאַפן געוואָרן אַלצדינג, וואָס מע באַדאַרף.

די קימפּעטאָרין איז געלעגן און האָט באַטראַכט די דאָזיקע ווייבער:

— גאָט זאָל זיי צאָלן! פאַרוואָס קומט דאָס מיר? פאַר וועלכע מעשים טובים?...

אַז די מאַנצבילן האָבן זיך אַ ביסל אָפּגעפּאַרטיקט מיט אַלע אַרבעטן, האָבן זיי געמאַכט אַ שמועס מכוח פראַוועון אַ ברית.

הענעך דער סטאָליער, כאָטש ער איז אַ ייד נישט קיין גביר און קיין יינגלעך איז ער נישט זשעדנע ביי זיך, פונדעסטוועגן האָט ער געזאָגט, אַז וויבאַלד די שמחה איז ביי אים אין שטוב, ווייל ע ר די מצווה און נעמט דעם ברית אויף זיך. האָט זיך דער איבעריקער עולם געפונען ווי באַליידיקט:

— פאַרוואָס קומט אים איינעם אַליין אַזאַ מצווה? ער האָט זייער־שיין געדרשנט? דער ברית איז אַ לעמענעס ברית!

אַז ס'איז געקומען צו די כיבודים אויסטיילן, איז געוואָרן אַ שטיקל סכסוך.

הענעך דער סטאָליער האָט גערעכנט, אַזוי ווי ער איז באַלעבאָס, וועט מען אים מסתמא געוויס אָפּגעבן סנדק — האָט ער אָבער געהאַט אַ מי־אוסן טעות. סנדק, האָבן אַלע געזאָגט, קומט רב חיים־חנה דעם מלמד, מחמת רב חיים־חנא דער מלמד איז אַ ייד, וואָס קען, פאַרשטייט איר מיך, לערנען. האָט שוין הענעך דער סטאָליער געמוזט נאָכשמועסן די קאַרעטע און זאָגן, אַז ער האָט אַליין אויך גאָר אַנדערש נישט גערעכנט... דערפאַר האָט מען אים מכבד געווען מיט כסא־של־אליהו, און מציצה האָט מען גע־מוזט אָוועקגעבן אסנה דער קורעלאַפּנישקעס מאַן, מחמת אסנה דער קו־רעלאַפּנישקעס מאַן איז אַ בייזער ייד. ער קאָן מאַן אַ סקאַנדאַל!

הקיצור, מע האָט זיך מיט די כיבודים ווי עס איז איינגעטיילט.

איז געבליבן נאָך איין זאַך, סאַמע דאָס בעסטע: וווּ וועט מען נעמען משקה?

— משקה? — רופט זיך אָן שרה־רחל די באָבע. — איר זאָלט שוין אַזאַ דאגה האָבן מיט אַלדאָס גוטס, ווי איר האָט אַ דאגה מיט משקה!

און שרה־רחל האָט געכאַפּט אויף זיך דעם קעצענעם בורנוס און איז אַוועק צו איר איידעם ייד'ל דעם וויינער, וואָס מאַכט די זיסע בראָנפנס, און האָט אים געבראַכט צו פירן אויפן ברית מיט צוויי פלעשלעך רויטן בראָנפן, וואָס מע רופט דאָס „קראַמבאַמבולי". און אַז דער עולם האָט נאָך די פיש געוואַשן צו גלעזלעך „קראַמבאַמבולי", איז מען באַלד געוואָרן לעבעדיק, פריילעך, און עס האָבן אָנגעהויבן פליען לחיימס.

— לחיים! — האָט געזאָגט דער „סנדקאַ", רב חיים־חנא דער מלמד, אַ ייד מיט אַן אויסגעפּליקטער באָרד פון איין זייט און מיט אַ שוואַרצער גלאַנצנדיקער פּאַטשיילע אויפן האַלדז. — לחיים! לאָז גאָט העלפן, מיר זאָלן דערלעבן טרינקען אויף זיין בר־מצווה!

— לחיים! — האָט געזאָגט „כסא־של־אליהו", הענעך דער סטאָליער.

— לחיים! לאָז גאָט געבן, מיר זאָלן דערלעבן טרינקען אויף זיין חתונה!

און דער „בעל־מציצה", אסנה דער קורעלאַפּנישקעס מאַן, אַן אויס־געדינטער ניקאָלאַיעווסקי סאָלדאַט מיט גראָבע שוואַרצע ליפּן, האָט אַריינ־געהאַקט דריי כוסות מיט אַמאָל און איז אַוועק מיט זיין ווינטשעוואַניע נאָך ווייטער:

— לחיים! לאָז גאָט געבן, מיר זאָלן דערלעבן פֿרײדן אויף ברית, אויף בר־מצוות און אויף חתונות ביי אים, און ביי זיינע קינדער, און ביי זיינע אייניקלעך, און ביי זיינע אור־אור־ אור־אייניקלעך!

און די ווייבער האָבן אויך גענומען צו קאַפּעטשקעלעך, און זענען געוואָרן רויטפּאַרביק און שטאַרק באַרעדעוודיק, און האָבן גערעדט אַלע איינ־איינעם, ווי די גענדז.

נאָכדעם האָבן די מאַנצבילן אַרויסגעטראָגן די טישן מיט די בענקלעך, אַראָפּגעוואָרפֿן, מחילה, די קאַפּאָטעס און האָבן געכאַפּט אַ טענצל, מחילה, אין די תחתונים, ווי, להבדיל, שמחת־תורה.

און אויפֿן בעטל, פֿאַרהאָנגען מיט אַן אַלטן צעריסענעם לײַלעך, אַרומגעשטעקט פֿון אויבן ביז אַראָפּ מיט שיר־המעלותן, איז געזעסן רייזל די קימפּעטאָרין מיט אַ ברעקעלע קינד אויף די הענט, געוויקלט אין שמאַטעס, צוגעטוליעט צו דער ברוסט. זי האָט געקוקט אויף די דאָזיקע גוטע מענטשן, וואָס האָבן געווונטשן איר אַזויפֿיל גוטס, זי ווייסט נישט פֿאַרוואָס און פֿאַר ווען, און האָט געקוקט אויף איר קינד, איר טרייסט:

— אינגאַנצן ע ר! ער מיט די ביינער!

און צוויי טרערן האָבן אַראָפּגעקאַפּעט פֿון אירע שיינע בלויע טיפֿע אויגן, געקייקלט זיך איבער איר בלאַס אויסגעמוטשעט פּנים און אַראָפּגעפֿאַלן אויף דער ווייסער יונגער ברוסט.

# נישט פאר קיין יידן געדאכט

זיידל רב שעיהס איז אַ יונגערמאַן, וואָס זיצט אויף קעסט, טוט נישט קיין האַנט אין קאַלט וואַסער, זיצט און לערנט, כאָטש ער האָט שוין עטלעכע קינדער. נאָר וואָס האָט ער צו דאגהן, אַז ער איז אַ בן יחיד, און רב שעיה איז אַ ייד אַ נגיד — איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אין דאָס איינגאַנצן זייגס.

רב שעיה איז כל־ימיו געווען אַ ייד אַ בעל־הלוואה. זיין „קאַפּיטאַל" איז געווען צעוואָרפן איבער דער גאַנצער שטאָט. ס'איז נישט געווען איין כתרילעווקער, וואָס זאָל נישט זיין שולדיק רב שעיהן קיין געלט. און דערפאַר האָט ביי אים אין שטוב תמיד געקאָכט, ווי אין אַ קעסל; דער אַריין, דער אַרויס, דאָרט גענומען, דאָ געגעבן.

ס'איז ביי אים געווען, להבדיל, אַ „קאַנטאָר", אַ „באַנק" — אַ באַנק, נאָר אָן געפאַרבטע טישן און טישלעך, אָן מענטשן אַ סך מיט ווייסע מאַנישקעס, מיט פאַרדרייטע וואָנצעס און מיט לאַנגע נעגל, אָן פענצטערלעך מיט קראַטעס, אָן אייזערנע שאַפעס און אָן מוראדיקע קאָנטאָבוכער און גראָסבוכער, וואָס מע קאָן מיט זיי הרגענען אַ מענטשן.

ביי רב שעיהן אין שטוב איז געשטאַנען נאָר איין טיש, אויפן טישל איז געשטאַנען אַ „טינטערל" מיט אַ „זעמדערל", און איטלעכס מאָל, וואָס מע האָט געדאַרפט פאַרשרייבן, פלעגט מען מוזן אָנשפייען אין „טינטערל", וואָרום אנדערש האָט דאָס נישט געוואָלט געבן קיין טינט. און ווייטער איז געווען אין טיש אַ טישקעסטל מיט צוויי רינגלעך מיט אַ גרויסן שלאָס. דאָרט, אין טישקעסטל, איז געווען דאָס „קאָנטאָבוך" מיט אַלע חשבונות, וואָס רב שעיה אַליין טאַקע האָט זיי געפירט על־פּי זיין אייגענער בוכהאַלטעריע, היינו, ווי אַזוי?

דאָס ביכל איז באַשטאַנען פון צוויי און פופציק בלעטלעך, אויף יעדן בלעטל איז געשטאַנען די סדרה פון דער וואָך, צעווירעט אויף צווייען, פון איין זייט קבלתי, פון דער אַנדערער זייט נתתי — און דאָרט איז געווען פאַרשריבן אַזוי:

| | |
|---|---|
| קבלתי מר׳ גרשון פופיק על פי קוויטל פרשה ברשית כ׳ רוכ׳. | נתתי לר׳ שמחה לעמעשקע על קוויטל פרשה בראשית ב׳ רו״כ. |
| קבלתי מר׳ פייוול שמוים על פי קוויטל פרשה פקודי ד׳ רו״כ. | נתתי עוד לר׳ גרשון פופיק ז׳ רו״כ. |
| קבלתי מר׳ שמחה לעמישקע א׳ רו״כ. | לא נתתי עוד לר׳ פייוול שמוים י״ג רו״כ כי ס׳איז פאַר־פאַלן. |
| לא קבלתי מר׳ גרשון פופיק על פרשה נח, לא קבלתי גם על פרשה לך־לך. | זכרתי לר׳ שמחה ליתן עוד י״א רו״כ. |

ווי אַזוי איז דאָס שעיה אַרויסגעקראָכן פון די דאָזיקע חשבונות — ווייסט גאָר איין גאָט! פונדעסטוועגן, וועל איך בעטן, האָט קיין יסורים נישט, ס׳איז נישט געווען קיין פּראָטעסטן, קיין פּראָצעסן, קיין לאָדעניישן: אויסלעבער האָט געוווסט, אַז טאָמער הערט ער אויף צו צאָלן, ווערט ער אויס בטוח, — אַ פאַרפאַלענער אויף אייביק!

און אַזוי האָט זיך דאָס רעדל געדרייט, געדרייט אַ צייט מיט יאָרן, זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף קיין מינוט, ביז...

ביז רב שעיה איז געשטאָרבן.

רב שעיה איז געשטאָרבן, און זיידל רב שעיהס האָט איבערגענומען דאָס געשעפט.

דורכגעלאָזט „שלושים“, האָט זיך זיידל קודם כל גענומען צו די חשבונות און איז אָפּגעזעסן איבער די ביכער אַ וואָך דריי, געזעסן און גע־שריבן, געשריבן און גערעכנט, און געשיקט רופן די בעלי־חובות און רופט זיך אָן צו זיי:

— איר זאָלט וויסן זיין, חבותים, אַז איך בין געזעסן די גאַנצע צייט איבער אייערע חשבונות גערעכנט און גערעכנט, און האָב אויסגערעכנט, אַז עס קומט שוין מער פון אייך קיין געלט נישט איר זייט ריין.

— וואָס הייסט, עס קומט פון אונדז קיין געלט נישט? וואָס הייסט מיר זענען ריין?

— אַזוי, וואָרום „על פּי אַלגעברע“ האָט איר באַצאָלט פּראָצענט און פּראָצענט ד׳פּראָצענט זיבעצן מאָל אַזוי פיל נאָך מיט דריי זעכצנטל, וויפל איר זייט שולדיק געווען. נאָט אייך אָפּ אייערע קוויטלעך

דערהערט אַזעלכע דיבורים, זענען די כתרילעווקער געוואָרן אָנגעצונדן. זיי האָבן גערעכנט, אַז דאָ מוז ליגן עפּעס אַ המצאהלע, אַ שמד־שטיק, נישט אַנדערש; האָבן זיי אים אַ שמיץ געטאָן די קוויטלעך צוריק אין פּנים און האָבן געמאַכט אַ „וויצעקו“.

— ער וויל אונדז קוילן! קוילן אָן אַ מעסער! רב שעיה, זאָל האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן, האָט מיט אונדז געהאַנדלט אַזוי פיל יאָרן, זיין קעשענע איז פאַר אונדז תמיד געווען אָפן; קומט ער צו גיין איצט און וויל אונדז שטעלן אין דער בלאָטע!

— נאַראָנים! — שרייט צו זיי זיידל. — וואָס פאַר נאַראָנים. בהמות איר זייט! מע זאָגט אייך, אַז איר זענט ריין, נישט פונעם קאָפּ זאָגט מען אייך, „על פּי אַלגעברע“!

— וואָס דערציילט ער אונדז פּזמונות — „אַלגעברע“! לאָמיר זיך פאַרלאָזן אויף מענטשן, לאָמיר פרעגן אַ רב.

— צום רב! צום רב! — האָבן געשריגן אַלע אין איין קול, און מען איז געגאַנגען צום רב, רב יוזיפל דעם רב.

ביים רב האָט זיך צונויפגעקליבן כמעט די גאַנצע שטאָט, ס׳איז געווען אַ ליאַרם, אַ געשריי עד לב השמים.

זיידל האָט געלאָזט אַלעמען רעדן — לאָז זיך איטלעכער זאָגן וואָס ער וויל; און ערשט נאָכדעם, אַז אַלע האָבן זיך גוט אויסגעשריען, האָט ער געבעטן, אַז דער עולם זאָל אויף אַ ווײַלע אַרויסגיין, ער וויל בלייבן מיטן רב אַליין, ער באַדאַרף אים עפּעס זאָגן אונטער פיר אויגן.

וואָס איז פאָרגעקומען צווישן זיידלען מיט רב יוזיפל דעם רב — ווייסט קיינער נישט.

מע זאָגט, אַז זיי האָבן געהאַט צווישן זיך אַ לאַנגן וויכוח. זיידל האָט אים אויסגעוויזן, אַז מע טאָר נישט נעמען קיין פּראָצענט וואָרום על־פּי חקירה איז פּראָצענט גזילה; אַ מענטש וואָס לעבט פון פּראָצענט זאָגט ער,

איז ערגער פון צרגער, עס קומט אויס, זאָגט ער, אַז אַלע דאַרפֿן האָרעווען.

ווו זשע איז יושר?

רב יוזיפל דער רב האָט זיך אפילו געפרוווט אים איבערשפאַרן, מיט „תקון מהר"ם ז"ל, מיטן „ישוב־העולם", אָן דעם וואָלט דאָך די וועלט קיין קיום נישט האָבן, און אַזוי ווייטער; האָט אים דערויף זיידל אָפּגע־ענטפערט, אַז נאָך זיין שכל נאָך קומט אויס, אַז דער „קיום" איז גאָר קיין קיום נישט, עס געפעלט אים גאָר נישט די גאַנצע וועלט, ווי אַזוי זי פירט זיך.

— וואָס איז דאָס פאר א וועלט, — פרעגט ער ביי רב יוזיפל דעם רב — אַז אויסכאַפּן א בייגל פאר א גראָשן, בשעת איך בין הונגעריק, הייסט געגזלט, און אָפּראַבעווען אַ שטאָט מיט אלמנות מיט יתומים, צונעמען ביי זיי דעם לעצטן ביסן, הייסט דאָס „געשטעלט זיך"? פאַר אָפּהאַקן א פינגער קומט „קאַטערזשנע סיביר", און פאר אויסקוילן אַכציק טויזנט ענגלענדער אין אַפריקע, ווי אָקסן, באַקומט מען אַ גילדענעם „מעדאַל" זאַ כראַבראָסט?...

— ס'איז א יושר? — מאַכט ער צו רב יוזיפל דעם רב און נעמט אים אָן ביי דער לאַץ פון דער קאַפּאָטע. — ס'איז אַ יושר? אָט פאָרט אַרום דער אַלטער קריגער נעבעך, דער מלכות פון די בויערן, קלאַפּט אין אַלע טירן, בעט רחמים, מע זאָל רחמנות האָבן אויף זיין אָרעם לאַנד; ער וויל נישט מער גאָר אַ דין־תורה, ער וויל זיך פאַרלאָזן אויף מענטשן, וואָס מענטשן וועלן פסקענען. זאָגט דער: ער וויל זיך נישט מישן, און דער זאָגט: סע פאַסט נישט פאר יענעם... דער אַזוי, יענער אַזוי, — דערווייל גיסט זיך בלוט. ווו איז יושר, פרעג איך אייך, ווו איז די מענטשלעכקייט? און איר זאָגט מיר גאָר „ישוב", „מנהג־העולם". דער „קיום" פון דער וועלט! אַ שיינער קיום! אַ שיינע וועלט!...

און נאָך כדומה אין אַזעלכע ווילדע חקירות איז זיידל אַריין מיטן רב; פאַרקראָכן, ווי מע זאָגט, אין „אלף־השישי", העט־העט אין די ווייטע דרכים אַריין, אָנגעהויבן אָפּלייקענען מיינס און דיינס און שותפותדיקס, אָנגעהויבן אָפּלאַכן, רעדן, ווי מע זאָגט, על ה' ועל משיחו ועל נבתקה...

האָט שוין רב יוזיפל דער רב מער נישט געהאַט מיט אים וואָס צו רעדן און האָט שוין ווייטער נישט געוואָלט הערן אפילו, זיך פאַרשטעלט די אויערן מיט ביידע הענט און געשריגן:

— געוואַלד! געוואַלד! געוואַלד!

אַז זיידל איז געגאַנגען אַהיים, האָט זיך רב יהוזיפל דער רב אָנגערופֿן צום עולם מיט אַ זיפֿץ:

— נעבעך אַ ווילער יונגערמאַן און אַן איידעלער יונגערמאַן און אַ לייטישער יונגערמאַן, נאָר נישט פֿאַר קיין ייִדן געדאַכט...

און בשעת מעשה האָט ער באַוויזן מיטן פֿינגער אויפֿן שטערן, און אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט.

# אַ פֿאַרשטערטע חתונה

ווי אַזוי זאָל זיך נח צעלניקער נישט פֿרייען, אַז גאָט האָט אים געהאָלפֿן, ער גיט אויס דאָס לעצטע קינד, ער מאַכט חתונה די ייִנגסטע טאָכטער?

פֿאַר וועמען?

למאי נפֿקא־מינה — צי פֿאַר ברוכן, צי פֿאַר זרחן, צי פֿאַר פּײַטלען, צי פֿאַר טרײַטלען? — אויסגעגעבן, חתונה געמאַכט — און אַן עק!

מיינט איר דאָך, אַז נח צעלניקער איז אַזאַ פֿאָטער, וואָס פּטרט אָפּ אַ טאָכטער, אַ האָרב פֿון די פּלייצעס, גלאַט אַזוי, אַבי פּטור געוואָרן? האָט איר אַ טעות!

אַזאַ פֿאָטער, ווי נח, האָט איר נישט דעם צווייטן אין דער וועלט.

דאָס גאַנצע לעבן זײַנס האָט ער מקריב געווען פֿון די קינדערס וועגן: געהאָרעוועט, אויסגעריסן געוואָרן, גאַנצע טעג אויף דער היץ, גאַנצע נעכט אויפֿן פֿראָסט, זיך געשלעפּט אין רעגנס און אין בלאָטעס, שוין געלעגן וויפֿל מאָל אונטערן וואָגן אויך, אַ פּאָר מאָל ווינטער אין אַ פּאָלאָנקע, זיך צוגעקילט די לונג, באַקומען אַ מאָדנעם הוסט — איר פֿרעגט, ווי אַזוי מע ווערט פֿאַרשוואַרצט? אַנו, פּרוּווט אויסהאַלטן אַ ווײַב מיט קינדער פֿון אַ צעלניק־קראָם, אַ „גאַלאַנטערײַ־געשעפֿט“, אין כתרילעווקע!

אַז די קינדער זענען געווען קליינינקע, פֿלעגט זיך נח אַליין שלאָגן מיט זיי קאָפּ אָן וואַנט: וויקלען, האָדעווען, צוואָגן — אַלצדינג.

וועט איר פֿרעגן: וווּ איז געווען די מאַמע זייערע?

די מאַמע זייערע, זעלדע, איז געווען פֿאַרנומען אין געשעפֿט, מער צווישן פּריצים; ער — אין שטאָט, זי — אין דער סביבה.

פֿאַרוואָס עפּעס זי, נישט ער? ווײַל זי פֿאַרשטייט די שפּראַך, קאָן רעדן מיט אַ פּריץ, אַ בריה אויף אָפּזעצן אַ שטיקל סחורה אין דער פֿרעמד.

מיט דער שטאָט קאָן זעלדע נישט האַנדלען. אָנקוקן קאָן זי נישט די כתרילעווקער קונים — זיי זענען צו קלוג! פּריצים — די זענען גאָר אַנ־

דערע מענטשן. אַ פּריץ, אַז מע זאָגט אים „יאַק באָגאַ קאָכאַם“ — גלויבט ער, און אַ כתריל׳עווקער ייִד, איר זאָלט פֿאַר אים, שיגאַי־ציון, כאַפּן די ערה, וועט ער אייך ענטפֿערן מיט אַ שמייכעלע:

— למאי זאָלט איר זיך שווערן? איר זענט ביי מיר באַגלויבט אָן אַ שבועה...

נדן גיט נח צעלניקער דער ייִנגסטער טאָכטער זיינער פֿינף און זיבעציק; דאָס הייסט, צוזאָגן האָט ער צוגעזאָגט ק״ן, פֿינף און זיבעציק בשעת תנאים, און פֿינף און זיבעציק שפּעטער, „לכשירחיב“...

איז אָבער דער „לכשירחיב“ נישט געקומען.

אויף דעם „לכשירחיב“ קוקט אויס גאַנץ כתריל׳עווקע שוין אַ שאָק מיט יאָרן. און נישטאָ אים.

ער וועט אמאָל קומען, צו גיין? עס קאָן זיין! מיט וואָס איז ער ערגער פֿון משיחן? וואַרטן דען נישט ייִדן אויף משיחן?...

קיצור־הדבר, זייט זיכער, דער שידוך וועט זיך איבערן נדן נישט צעגיין. וואָרום ס׳איז אַ היימישע זאַך: די מחותנים קענען זיך און האָבן זיך ליב; די מחותנתטעס קענען זיך און האָבן זיך ליב; חתן־כלה קענען זיך און האָבן זיך לי...

איך האָב מיך שיער נישט אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט! אַז איר וועט מיר צוזאָגן, אַז עס וועט זיין בסוד, וועל איך אייך עפּעס דערציילן.

נאָך איידער ס׳איז איינגעפֿאַלן רב שלום־שכנא דעם שדכן, ער זאָל רעדן דעם דאָזיקן שידוך, האָבן זיך חתן־כלה שוין לאַנג געקענט און געשריבן בריוועלעך, וואָס זיי אַליין טאַקע האָבן זיך איינס דאָס אַנדערע איבערגעגעבן.

ער האָט געלערנט אין חדר, און זי איז געשטאַנען אין קלייט.

איינמאָל גייט ער פֿאַרביי מיטן תפֿילין־זעקל אין בית־מדרש אַריין, ראש־חודש איז דאָס געווען, דערזעט ער זי שטיין ביי דער טיר אין אַ רויט סיצן קליידל, וואָס זי אַליין טאַקע האָט אויפֿגענייט, מיט אַ ווייס געשטיקט שאַלעכל אויפֿן קאָפּ, אויך איר אייגענע אַרבעט, און אירע שיינע שוואַרצע גרויסע אויגן קוקן גלייך אויף אים און שמייכלען.

האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס קוקט זי אויף אים. די זון האָט געסמאַלעט, און אַ וואַרעם ווינטל האָט זיך פֿאַרגנבעט, אַ גלעט געטאָן די פּאה, און ער האָט אַ מרוקע געטאָן: „פֿריידל — אַ היפּשע נקבה!“...

האָט ער נאָכדעם נישט געקאָנט דאַווענען — זי איז אים געשטאַנען פֿאַר די אויגן.

סאַמע צו הלל, צו „מן המצר“, דערמאָנט ער זיך אָן דעם צעלניקערס טאָכטער און אָן אירע שיינע שוואַרצע גרויסע אויגן, צעשאָקלט ער זיך און שרייט דעם „מן־המצר“ אויף אַ קול, טאָמער וועט ער פאַרגעסן.

ער גייט פון בית־המדרש אַהיים און קוקט אַהין, טאָמער וועט ער דערזען פריידלען.

ער קומט אין חדר אַריין, נעמט זיך צו דער גמרא, קוקט אַריין אין תוספות — דערזעט ער פריידלען.

ביינאַכט אין חלום זעט ער פריידלען — אומעטום פריידל!

רב שלום־שכנה דער שדכן איז געפאַלן אויף אַ גלייכער זאַך. ער איז געקומען צו נח צעלניקער אין קלייט אַריין אים פאָרלייגן דעם שידוך פאַר זיין ייִנגסטער טאָכטער מיט ברוך בן־ציונס ייִנגל דוד, און ער האָט אַרויס־גענומען דאָס פּושקעלע טאַבאַקע און אָנגעהויבן אויסרעכענען, וואָס פאַר אַן אַנטיק ער האָט אים געבראַכט צו טראָגן פאַר זיין טאָכטער. האָט זיך פריידל געמוזט אָפּקערן אָן א זייט, מע זאָל נישט זען, ווי זי איז רויט געוואָרן.

ביי איר אויפן ווייסן האַלדז, פאַרשטייט איר מיך, איז געהאָנגען אַ בענדל, און אויפן בענדל איז געהאָנגען אַ קניפּל, און אין דעם קניפּל האָט זיך געפונען אַ בריוול, און אין בריוול איז געשטאַנען געשריבן אויף ייִדיש מיט זייער אַ שיינער האַנטשריפט, מיט ציקלעך און מיט קוועטשלעך און מיט דריידלעך, די דאָזיקע ווערטער:

„טייערסטע און ליבסטע נשמה! מיין פריינד און מיין קרוין, מיין חיות און מיין לעבן! פריידל. געזונט זאָלסטו זיין! ווען אונדזער טייך זאָל זיין פון גאָלע טינט, און דער וואַלד זאָל זיין גאָלע פעדערס, און די גאַנצע וועלט זאָל זיין פאַפּיר און איך זאָל שרייבן צו דיר גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט, וואָלט „איך דיר נישט געקאָנט אַרויס־שרייבן קיין צען טויזנט־חלק אפילו פון דעם, וואָס מיין האַרץ טוט פילן צו דיר פון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס איך האָב דערזען דיין ליכטיק פנים, וואָס איז שענער פון דער זון, און דערהערט דיין זיס קול, וואָס איז זיסער פונעם זיסטן ווין...“

און אַזוי ווייטער.

דאָס פאָרל האָט לאַנג־לאַנג אַרויסגעקוקט אויף רב שלום־שכנה דעם שדכן ער זאָל פאַלן אויפן שידוך. און אַז דער שידוך איז געוואָרן א שידוך,

האָט דער חתן געשיקט דער כלה אַ פּאָר גילדענע אויערינגלעך פאַר פופצן קאַרבן, און די כלה האָט אויסגענייט דעם חתן מיט זילבער אויף סאַמעט אַ נײַ תפילין־זעקל, אַ מגן־דוד מיט צוויי לייבן אין מיט אַ קרוין פון אויבן, וואָס מען האָט דאָס באַדאַרפט אָנקוקן אויף חידושים!

קיין גלייכן איז נישט געווען צו דעם פּאָרל אויף דער וועלט. שטיל, אָן ווערטער, האָבן זיי געציילט די וואָכן, די טעג, די שעהן, די מינוטן צו דער חופּה — אויף שבת־נחמו איז אָפּגעשטעלט געוואָרן די חתונה — אי: די גליקלעכע צייט איז געקומען, אין אַ גוטער שעה, אַ מזלדיקער שעה.

ווער עס האָט נישט געזען זעלדע די צעלניקערין אינעם טאָג פון איר פריידלס חופּה אַרומלויפן מיטן זיידענעם טיכל, פאַרבונדן פון יענער זייט האַלדז מיט צוויי שפּיצן, און שרייען מיט אַ הייזעריק קול: „ווו איז ערגעץ נח, ווייסט איז מיר?“ — דער האָט קיין שיינס נישט געזען און דער פאַרשטייט נישט, וואָס הייסט „פאַרטאַרעראַמט!“.

— חתן־כלה פאַסטן! — האָט זי געשריגן מיט אַ קוויטש — און אים האָט דער גוטער יאָר! נח, ווו ביסטו ערגעץ? גוואַלד, נח, איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן, נח!

— ווו איז דער מחותן? — האָבן איר געהאָלפן שרייען יחתנס צד. — שוין צייט באַזעצן די כלה! ווו איז דער מחותן?

און דער „מחותן“ איז געזעסן אין אַ ווינקעלע; ער האָט זיך פאַרקליבן אהין מיט אַ גוטן ברודער, רב משה־יוסי דעם רב׳ס איידעם און דערציילט אים אוים זיין ביטער האַרץ, וואָס פאַר אַ פאַרשטערטע חתונה ער האָט.

אלע טעכטער, קיין עין־הרע, חתונה געמאַכט, ווי עס געהער צו זיין; אַלע מאָל אַראָפּגעבראַכט די יעהופּעצער כלי־זמר; געקומען צו דער מוזינקע — נישטאָ קיין כלי־זמר! אַ כאַפּענדיקע חתונה! אַ פאַרשטערטע חתונה!

משה־יוסי דעם רב׳ס איידעם גלעט זיך דאָס בערדל, קוקט מיט שמייכלדיקע אויגעלעך אויף דעם נאַרישן מחותן און זאָגט צו אים:

— אָט האָט איר דאָך כלי־זמר. די היגע כלי־זמר זענען דען קיין כלי־זמר נישט?

— אויך מיר כלי־זמר! — מאַכט צו אים נח. — אַ חתונה אָן יעהופּעצער כלי־זמר!

ווען נח ווייסט דאָס פריער, אַז די יעהופּעצער כלי־זמר וועלן נישט קאָנען זיין, לייגט ער אָפּ די חתונה אויף חצי אלול.

שפּעטער, נאָך דער חופּה, האָט ער ווידער נישט געסטייעט.

— ווו איז נח? — שרייט כלהס צד.

— ווו איז דער מחותן? — שרייט חתנס צד.

— דער מחותן? דער מחותן?

זעלדע געפינט אים און גיט אים אַ רעכטן פּסק, מיט אַ פּלעסק בשעת מעשה מיט די הענט:

— שיין מאַכסטו חתונה די מיזינקע, ווייי איז מיר!

— אָן די יעהופּעצער כלי־זמר — מאַכט נח — איז דאָס ביי מיר אַ לוויה, נישט קיין חתונה. אַ פאַרשטערטע חתונה!

— גאָט איז מיט דיר, נח, וואָס רעדסטו, נח? — זאָגט צו אים זעלדע מיט פייער. — כתרילעווקער כלי־זמר זענען קיין יידן נישט? כתרי־לעווקער כלי־זמר האָבן קיין קינדער נישט? כתרילעווקער כלי־זמר באַ־דאַרפן נישט עסן? אי־פע — שעמען מעגסטו זיך, שעמען אין דיין ווייטן האַלדז אַריין!... רב יהושע־העשיל, אַ פריילעכס!

און רב יהושע־העשיל דער כלי־זמר, אן עלטערער ייד מיט אַ וואַטאָווער קאַפּאָטע, מיט גראָבע פּאות און מיט אַ לאַנגן טלית־קטן, טוט אַ קלאַפּ מיטן סמיטשיק איבערן פידל, און אַ וווּנק צו דער חבֿרה — און כתרילעוו־קער כלי־זמר באַווייזן, אַז זיי זענען אייך נישט קיין „אָלדן“; זיי שפּילן אַ פריילעכס, אַרבעטן אויף אַלע כלים, רייסן די סטרונעס, ברומען אויפן באַס, בלאָזן אין די טרומייטן, פייפן אויף די פלייטן, קלאַפּן אין די טאַצן. דער עולם פּלעסקעט צו מיט די הענט, צעשפּרייט זיך, מאַכט די ראָד גרע־סער און גרעסער. די מחותנים מיט די מחותנתטעס פוןביידע צדדים נע־מען זיך פאַר די הענט און מע גייט אַ פריילעכס.

# דרייפוס אין כתרילעווקע

איך ווייס נישט, אויב די מעשה פון דרייפוסן האָט נאָך ערגעץ אָנגעמאַכט אַזאַ רעש, ווי אין כתרילעווקע.

אין פּאַריז, זאָגט מען, האָט דאָס אויך געקאָכט, ווי אין אַ קעסל. גאַזעטן האָבן געשריבן, געגעראַלן האָבן זיך געשאָסן, און ווייסע־חברהניקעס זענען אַרומגעלאָפן איבער די גאַסן, ווי משוגעים, געוואָרפן היטלען אין געאַרבעט מעשים. דער האָט געשריגן: „וויוו דרייפוס!" און דער האָט געשריגן „וויוו עסטערהאַזי!" און יידן האָט מען דערווייל געשמירט, געמאַכט מיט בלאָטע, ווי געוויינלעך... נאָר אַזוי פיל עגמת־נפש מיט אַזוי פיל יסורים און בזיונות, ווי כתרילעווקע האָט דערפון געהאַט — דאָס וועט פּאַריז נישט האָבן ביז משיח וועט קומען.

פון וואַנען איז מען אין כתרילעווקע געוויר געוואָרן פון דרייפוסן — דאָס זאָלט איר נישט פרעגן. וואָרום למאי ווייסט מען דאָרטן פון דער מלחמה, וואָס די ענגלענדער האָבן געפירט מיט די בויערן? פון וואַנען ווייסן זיי וואָס אין קיטיי טוט זיך? וואָס פאַר אַ מחותן איז כתרילעווקע מיט קיטיי? די גרויסע מסחרים, וואָס זיי פירן מיט דער וועלט? טיי באַקומען זיי פון וויסאָצקין פון מאָסקווע, און דאָס געלע זומערשטאָף, וואָס מען רופט דאָס „טשע־שין־טשאַ", טראָגט מען נישט אין כתרילעווקע. דאָס איז נישט פאַר זייער בייטל. דאַנקען גאָט, אַז מע קאָן טראָגן זומער אַ נאַקידקע כאָטש פון פּאַרוסינע; אַנישט האָט מען אַ ברירה גיין גאָר אַזוי, דאָס הייסט מחילה, אין תחתונים אין פון אויבן אַ ציצענעם ארבע־כנפות, און מע שוויצט פונדעסטוועגן גאַנץ געשמאַק, אבי ס'איז נאָר אַ הייסער זומער.

בלייבט דאָך אַלץ די אייגענע קשיה: פון וואַנען האָט פּאָרט כתרילעווקע אָנגעשמעקט די מעשה פון דרייפוסן?

פון זיידלען.

זיידל רב שעיהס איז דער איינציקער אין שטאָט, וואָס שרייבט אויס דעם „צפירה“, און אַלע נייעסן, וואָס טוען זיך אָפּ אויף דער וועלט, הערט מען געוויר פון אים, דאָס הייסט, נישט פון אים, נאָר דורך אים, ער ליי־ענט זיי, און זיי פאַרטייטשן; ער דערציילט, און זיי לערנען דעם פשט; ער זאָגט וואָס סע שטייט, און זיי דרינגען אָפּט פאַרקערט, וואָרום זיי פ אַ ר־ש ט י י ע ן ב ע ס ע ר.

*

* *

ויהי היום, איז געקומען זיידל רב שעיהס אין בית־המדרש אַריין און דערציילט אַ מעשה, אַז אין פּאַריז האָט מען געמשפּט א יידישן קאַ־פּיטאַן, איינעם א דרייפוס, דערפאַר וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן גויטיקע פּאַפּירן פון דער מלוכה. איז דאָס אין איין אויער אַריין, פונעם אַנדערן אַרויס. איינער האָט זיך אַ זאָג געטאָן פאַרבייגייענדיק:

— וואָס טוט נישט אַ ייד צוליב פרנסה?

דער אַנדערער האָט געהאַט אַ נקמה:

— א מצווה! לאָז א יידעלע נישט קריכן אויבנאָן און זיך נישט מישן צווישן קיסרים!

שפּעטער, אַז זיידל איז געקומען און האָט דערציילט אַ נייע מעשה, אַז די גאַנצע געשיכטע איז נאָר געווען א בלבול, אַז דער יידישער קאַפּי־טאַן, דער דרייפוס, וואָס מע האָט אים פאַרשיקט, איז גאָט די נשמה שולדיק, ס'איז גאָר א גאַנצע אינטריגע פון עטלעכע גענעראַלן, וואָס האָבן זיך עפּעס צעאַמפּערט — העמלט האָט זיך שוין דאָס שטעטל א ביסל פאַראינטערעסירט און דרייפוס איז געוואָרן אַ כתרילעווקער. ווי צווי איז ער געווען א דריטער.

— געהערט?

— געהערט.

— פאַרשיקט אויף אייביק.

וועמשני פּאָסעלעניע.

— אומזיסט־אומנישט!

— א בלבול!

נאָך שפּעטער, אַז זיידל איז געקומען און האָט דערציילט, אַז ס'איז גאָר אַ סברה, אַז דער משפּט זאָל נאָך אַ מאָל געמשפּט ווערן, אַז עס האָבן זיך געפונען גוטע מענטשן אַזעלכע, וואָס נעמען זיך אונטער באַ־

ווייזן דער וועלט, אַז ס'איז גאָר א טעות די גאַנצע מעשה, — האָט כתרילעווקע אָנגעהויבן זיך וויגן גאָר אויף אן אנדער אופן. ערשטנס, איז דאָך דרייפוס „אונדזערער"; און, צווייטנס, ווי קומט דאָס, אַז דאָרטן אין פאַריז זאָל פאָרקומען אַזאַ פאַסקודנע מעשה? פע, עפּעס זייער נישט שיין פאַר די „פראַנצעהויזענדיקע"! עס איז אַוועקגעגאַנגען א שפּאַרעניש און אַ וועטעניש: דער האָט געזאָגט, אַז דער משפּט וועט נאָך א מאָל געמשפּט ווערן, און דער האָט געדרונגען, אַז ניין: אין אחר מעשה בית־דין כלום — אָפּגעמשפּט און פאַרפאַלן...

וואָס ווייטער — ווייטער האָט מען אויפגעהערט צו וואַרטן ביז זיידל וועט זיך אַמאָל אויסקראַצן צו קומען אין בית־המדרש אַריין דערציילן נייעס פונעם קאַפּיטאַן דרייפוס; מע האָט אָנגעהויבן גיין צו אים אַהיים. מע האָט נישט געהאַט מער קיין געדולד גיין צו אים אַהיים, און מען האָט אָנגעהויבן גיין מיט אים גלייך אויף דער פּאָסט אָפּנעמען דאָס בלאַט, און דאָרטן טאַקי דאָס איבערלייענען, און דאָרטן טאַקי איבערקייען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, שרייען, פּילדערן, שפּאַרן זיך און רעדן אַלע אינאיינעם, ווי געוויינליך. נישט איין מאָל האָט זיי דער אָדון דער פּאָסטמייסטער געגעבן אָנצוהערעניש, זייער איידל אַפילו, אַז אַ פּאָסט איז נישט קיין שול, להבדיל:

— טוט נע זשידאָווסקאַ שקאָלאַ, זשידי פּאַרכאַטי, טוט נע קאַהאַל שאַבערמאַכערי!...

זיי האָבן אים אָבער געהערט ווי המן דעם גרעגער; ער האָט זיי געזידלט, און זיי האָבן געלייענט דעם „צפירה" און גערעדט פון דרייפוסן.

און נישט נאָר פון דרייפוסן אַליין האָט מען גערעדט אין כתרילעווקע. עס איז צוגעקומען אַלע מאָל אַ פרישער פאַרשוין: פריער „עסטערהאַזי", נאָכדעם „פּיקוערט", נאָכדעם גענעראַל „מערסי", „פּעלי", „גאָנזי", און דערביי איז געזאָגט געוואָרן אַ המצאה, אַז ביי די „פראַנצעהויזענדיקע", וויבאַלד א נאָמען פון א גענעראַל, אַזוי מוז זיך אויסלאָזן מיט א „י" האָט איינער געפּרעגט אַ ווידעראַנאַנד:

— נו, און מיט בודעפּערען וואָס ווּעסטו טאָן?

— הערסטו? האָט ער דאָך טאַקע געהאַט אַ מפּלה

— כן יאבדו!

צוויי פאַרשוינען זענען געווען אין כתרילעווקע, וואָס די גאַנצע שטאָט האָט זיי ליב געקריגן, אויסגעגאַנגען נאָך זייערע טריט. דאָס זענען געווען „עמיל זאָל" און „לאַמבאָרי". פאַר „עמיל זאָלען" וואָלט זיך יעדער איינ-

ציקער מפקיר געווען. אַ ווערטעלע אויסצורעדן — „עמיל זאָל"! אַז עמיל זאָל וואָלט געקומען, למשל, קיין כתרילעווקע, וואָלט די גאַנצע שטאָט אים אַרויסגעקומען אַנטקעגן מיט אַ ברוך־הבא, אויף די הענט וואָלט מען אים געטראָגן.

— וואָס זאָגט איר אויף זײַנע בריוולעך?

— פּערל! דימענטן! בריליאַנטן!

איך פון „לאַמבאַרין" האָט מען געהאַלטן אַז עולם ומלואו. דער עולם האָט געקוועלט, נתפּעל געוואָרן און געלעקט די פינגער פון זײַנע דרשות. כאָטש האָרכן האָט אים אין כתרילעווקע קיינער נישט געהאָרכט, נאָר מע האָט פאַרשטאַנען מיטן שכל, אַ ז ע ר ב אַ ד אַ ר ף ק אָ נ ע ן ר ע ד ן.

איך ווייס נישט, אויב דרייפוסעס משפּחה אין פּאַריז האָבן אַזוי אַרויסגעקוקט אויף דרייפוסן, ער זאָל קומען פונעם שיינעם אינדזל, ווי עס האָבן אַרויסגעקוקט דערויף די כתרילעווקער יידן. מע קאָן זאָגן, אַז זיי זענען געפאָרן גלייך מיט דרייפוסן אַזש פון דאָרטן אויפן ים, ממש געפילט, ווי זיי שווימען: אָט־אָט הויבט זיך אויף אַ שטורעם־ווינט און צע־שמייסט דעם ים אויף אַלע זייטן, די כוואַליעס פּליעסקען און וואַרפן דאָס שיף, ווי אַ שפּענדל, אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ.

— רבונו של עולם! — האָבן זיי מתפּלל געווען בײַ זיך אין האַרצן.

— זאָלסט אים כאָטש ברענגען בשלום אהין, וווּ דער משפּט באַ־דאַרף זײַן! זאָלסט כאָטש עפענען די אויגן פון די ריכטער און קלאָר מאַכן זייערע מוחות, זיי זאָלן געפינען דעם שולדיקן, אַז די גאַנצע וועלט זאָל אַרויסזען אונדזער גערעכטיקייט, אמן סלה!...

דעם טאָג, וואָס ס'איז אָנגעקומען די גוטע בשורה, אַז דרייפוס איז שוין דאָ, איז אין כתרילעווקע געווען אַ יום־טוב. זיי זאָלן זיך נישט שע־מען, וואָלטן זיי פאַרשלאָסן די קלייטן.

— געהערט?

— אַ דאַנק השם יתברך!

— כ'וואָלט אַ בעלן געווען זען, ווי אַזוי איז געווען דאָס ערשטע באַ־געגעניש מיטן ווייב?

— און איך וואָלט אַ בעלן געווען אָנקוקן בשעת מעשה די קינדער־לעך, אַז מע האָט זיי געזאָגט: דער טאַטע איז געקומען.

ווײַבער, וואָס זענען בעת מעשה געזעסן, האָבן באַהאַלטן די פּנימער אין די פאַרטעכער, כלומרשט געשנייצט די נאָזער, מע זאָל נישט זען, אַז זיי וויינען. ווי כתרילעווקע איז אַן אָרעם שטעטל, וואָלט יעדער אָפּגעריסן

דאָס לעצטע פּונעם לעצטן און וואָלט זיך דורכגעפּאָרן אַהין, אַ קוק טאָן כאָטש פון דערווייטן.

אַז דער משפּט האָט זיך אָנגעהויבן, איז געוואָרן אַ קאָכעניש, גאָט זאָל שומר מציל זיין. ניט נאָר דאָס בלאַט — זיידלען האָט מען צעריסן אויף שטיקלעך. מע האָט זיך געוואָרפן מיטן עסן, מען איז ניט געשלאָפן קיין נעכט. מע וואָלט שוין גערן הערלעבט מאָרגן, מאָרגן — איבערמאָרגן, און אַזוי אַלע טאָג.

מיט אַמאָל איז געוואָרן אַ מהומה אין שטאָט, אַ טומל, אַ געשריי, אַ געפילדער, — חושך! חושך! דאָס איז געווען דעמלט, ווען מע האָט געשאָסן אויף אַהוואָקאַט לאַמבאָרי. די כתרילעווקער האָבן איינגעלייגט די וועלט.

— פאַר וואָס? פאַר וועמען? אַזאַ רציחה! אומזיסט=אומגישט. ערגער ווי אין סדום!

דער דאָזיקער שאָס האָט זיי דעם קאָפּ אַראָפּגענומען. די דאָזיקע קויל האָט זיי געטראָפן גלייך אין הארצן אריין. גלייך ווי ער וואָלט געשאָסן אויף כתרילעווקע.

— רבונו של עולם! — האָבן זיי מתפּלל געווען ביי זיך אין האַרצן, — באַווייז דייגע וווּנדער, דו קאָנסט דאָך, אַז דו ווילסט, טו אַ נס, לאַמבאָרי זאָל כאָטש בלייבן לעבן.

און גאָט ברוך=הוא האָט אַ נס געטאָן, ער איז געבליבן לעבן.

*

* *

אַז ס'איז געקומען צום לעצטן טאָג פונעם משפּט, האָט דאָס מיט די כתרילעווקער געוואָרפן ווי אַ קדחת. זיי וואָלטן אַ בעלן געווען אַנטשלאָפן ווערן אויף אַ אַ גאַנצן מעת=לעת און אויפכאַפּן זיך דעמלט, ווען דרייפוס וועט, אם ירצה השם, שוין זיין פריי. נאָר ווי אויף צו להכעיס, האָט זיך ביי קיינעם דאָס אויג ניט געקאָנט צומאַכן. מען האָט זיך יענע נאַכט געקאַטשעט פון איין זייט אויף דער אַנדערער, מלחמה געהאַלטן מיט די וואַנצן און ארויסגעקוקט, עס זאָל שוין ווערן טאָג.

אַז ס'איז געוואָרן טאָג, איז מען אַוועק אויף דער פּאָסט. די פּאָסט איז געווען פאַרשלאָסן און דער טויער אויך. ביסלעכווייז האָט זיך דער עולם אָנגעהויבן צונויפצוקלייבן אַרום דער פּאָסט, און ס'איז געוואָרן פאַרפלייצט די גאַס. יידן זענען אַרומגעגאַנגען אַהין און צוריק, געגענעצט, געצויגן זיך, געדרייט די פּאה און געזונגען שטילערהייט פון הלל.

אַז יאַרעמע דער סטאָראָזש האָט געעפנט דאָס טויער, האָבן יידן אַ לאָז געטאָן זיך אַלע מיט אַ מאָל. איז יאַרעמע געוואָרן אָנגעצונדן, באַוויזן, אַז דאָס איז *ער* באַלעבאָס, און האָט זיך צעלאָזט אויף זיי און, מחילה זיי אַרויסגעטריבן מיט בזיונות פון דער פּאָסט אין דרויסן אַרויס, און דאָרטן האָבן זיי געוואַרט אויף זיידלען, אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן זיך פּאָרט דערוואַרט. און אַז זיידל האָט אָנגענומען דאָס בלאַט און האָט זיי איבערגעלייענט דעם שיינעם פּסק פון דרייפוסן, איז געוואָרן אַ געשריי, אַ ליאַרעם, הימל עפן זיך! דער געשריי איז געווען נישט אויף די ריכטער, וואָס האָבן שלעכט געפּסקנט, נישט אויף די גענעראַלן, וואָס האָבן געשווירן פאַלש. נישט אויף די „פּראַנצעהויזנדריקע", וואָס האָבן זיך אַזוי נישט שיין אויסגעפייגט, — ניין! דער געשריי איז געווען אויף זיידלען.

— סע קאָן נישט זיין! האָט כתרילעווקע געשריגן אין איין קול. — סע קאָן נישט זיין אין דער וועלט אַזאַ משפּט! הימל און ערד האָבן געשווירן, אַז דער אמת מוז אַרויף, ווי בוימל אויפן וואַסער. וואָס וועסטו אונדז דערציילן מעשיות?

— בהמות! — שרייט נעבעך זיידל מיט אַלע כוחות און שטופּט זיי דאָס בלאַט גלייך אין פּנים אַריין. — נאַט זעט וואָס סע שטייט אין בלאַט!

— בלאַט-שמאַט! — שרייט כתרילעווקע. — און אז דו וועסט זיך שטעלן אָט דאָ מיט איין פוס אויפן הימל און מיט דער אַנדערער אויף דער ערד — וועלן מיר דיר גלויבן? ס'איז אַ זאַך, וואָס עס קאָן נישט זיין! עס קאָן נישט זיין! עס קאָן נישט זיין! עס קאָן נישט זיין!

אַ סימן — ווער איז געווען גערעכט?...

# צוויי שלח-מנות

### א.

ס׳איז שוין לאַנג נישט געווען אין כתרילעווקע אַזאַ שיינער פּורים און אַזאַ וואַרעמער. עס האָט פאַרפרי געלאָזט דאָס אייז, און פון שניי איז געוואָרן אַ טוואַן ביזן גאַרטל. די זון האָט געשיינט. עס האָט געבלאָזן א פייל ווינטל. א נאַריש קעלבל האָט זיך אויסגעוויזן א סע שמעקט מיט ווּעסנע, האָט עס אָנגעהויבן בלעקען, פאַרריסן דעם ווידל, אַראָפּגעלאָזט די מאָרדע און אַרויסגעלאָזט אַ האַלבן „מע!“ אויף דעם גאַס זענען געלאָפן שלענגלדיקע ריטשקעלעך אַראָפּ=באַרג, געשלעפּט מיט זיך ווי ערגעץ אַ שפּענדל, אַ שטרוי אָדער א שטיקל פּאַפּיר. א גליק, וואָס אין שטאָט איז נאָך כמעט ביי קיינעם נישט געווען אויף מצות; אַנישט וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז ס׳איז נישט פּורים, נאָר ערב=פּסח.

סאַמע אין מיטן שטאָט, אין דער העכטער בלאָטע, האָבן זיך באַגעגנט צוויי מיידלעך, וואָס ביידע האָבן געהייסן נחמה, — איינע א שוואַרצע, אַ געזונטע, מיט געדיכטע ברעמען און מיט א קורצער נאָז, די אַנדערע א ווייסע, א קרענקלעכע, מיט רויטע האָר און מיט א שפּיצעכיק נעזל; איינע א באָרוועסע, מיט גראָבע שוואַרצע פילקעס, די אַנדערע כלומרשט אין שיך, וואָס האַלטן אָפן דאָס מויל און „בעטן עסן“; שיינע שיך! אַז מען גייט קוואַטשקען זיי און סע שלעפּט זיך נאָך אַ פּאָדעשווע, וואָס גייט אַלע מאָל אַ ליאַסק מיט אַ קוויטש, און מע טוט זיי אויס, וועגן זיי א פונט. דאָס איז געווען אזעלכע שיך וואָס מען זאָגט אויף זיי: „אייער אזעלכע שיך, איז שוין גלייכער באָרוועס“... ביידע נחמהס האָבן געטראָגן שלח=מנות, איבערגעדעקט מיט א ווייס סערוועטל, און צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט אין דער הויך. דערזעען זיך, האָבן ביידע מיידלעך זיך אָפּגעשטעלט.

— א! נחמה?

— א! נחמה?

— וווהין גײסטו דאָס, נחמה?

— וואָס הײסט וווהין גײ איך? איך טראָג שלח=מנות.

— צי וועמען טראָגסטו שלח=מנות?

— צו אײך טאַקע; און וווהין גײסטו, נחמה?

— וואָס הײסט וווהין גײ איך? זעסט דאָך, אז איך טראָג שלח=מנות.

— צו וועמען טראָגסטו שלח=מנות?

— טאַקע צו אײך.

— א היסטאָריע באַמונות!

— א רײנע קאָמעדיע!

— אנו, װײז נאָר דײן שלח=מנות, נחמה?

— װײז דײן שלח=מנות, נחמה?

און בײדע נחמהס האָבן געזוכט מיט די אויגן, ווו מען קאָן זיך צוזעצן אויף א ווײלע, און גאָט האָט זײ צוגעשיקט. דערזען א קלעצל נעבן אן אײנפאָר=הויז, האָבן זײ אויפגעהויבן די פּיס אין דער לײמיקער בלאָטע און האָבן זיך באַזעצט אויף דעם דאָזיקן קלעצל, אַנידערגעשטעלט די בעקנס אויף די קניעס, אויפגעהויבן די סערוועטלעך און באַטראַכט די שלח=מנותן.

פריער האָט נחמה די רויטע אויפגעדעקט און באַוויזן איר שלח=מנות. זי האָט געדינט בײ זעלדע רב יאָסים, גענומען פינפטהאַלבן קערבליך פאַרן ווינטער מיט קלײדן און שיכן. ס'איז געווען א „קלײדן“ מיט א „שיכן“! מילא, דאָס קלײדל איז געווען א קלײדל, מיט לאַטעס אַפילו, נאָר פאָרט אַ קלײדל; די שיך אָבער זענען מאַנסבילשע שיך, פון זעלדע רב יאָסים בחור מנשה, וואָס האָט אַ פוס ווי אַ דעזשקע, און דערצו האָט ער א נאָך א טבע דרײען די אָבצאַסן. שײנע שיך!

דער שלח=מנות, וואָס נחמה די רויטע האָט געטראָגן, איז באַשטאַנען: פון א שײנעם גרויסן המן=טאַש מיט מאָן, פון צוויי קישעלעך, אײנס אַן אָפנס, מיט האָניק=פאַרפל, און דאָס אַנדערע אַ קײלעכיקס, פון בײדע זײטן זײער שײן געצוויקלט, אַ צוקער=לעקעכל, מיט א ראָזינקע אַרײנגעשטעקט סאַמע אין מיטן, א גרויס פירעקעכיק שטיק טאָרט, א שײן שטיקל קומישברויט, צוויי קלײנע מלכות=ברויטלעך און אַ היפּש שטיק קאָרענער לעקעך, וואָס איז בײ זעלדען הײנטיקס יאָר מער געראָטן ווי אַלע יאָר: צי די מעל איז געווען זײער א גוטע מעל, צי דער האָניק איז געווען אַ רײנער האָניק, צי דער לעקעך האָט זיך גלאַט גוט אויסגעבאַקן.

צי מען האָט אים ניט גוט אויסגעשלאָגן — ער איז געווען טאַקע גאָר ווי א געדיכטע פּעכקע קישן.

באַטראַכט נחמה דער רויטערס שלח־מנות, האָט נחמה די שוואַרצע אויפגעדעקט און באַוויזן איר שלח־מנות. זי האָט געדינט ביי זלאַטע רב אייזיקס, געגומען זעקס קערבלעך פאַרן ווינטער און איף איר אייגענעם גאַנג, איז זי דערפאַר געגאַנגען באָרוועס, און זלאַטע האָט זי געשאָלטן מיט טויטע קללות.

— ווי אזוי גייט דאָס א מויד א גאַנצן ווינטער באָרוועס? דו ווילסט, אפּנים, זיך פּאַרקילן צי אַלדי שוואַרצע יאָר!...

נחמה האָט זי אָבער געהערט ווי המן דעם גרעגער. זי האָט בעסער געקליבן דאָס געלט אויף פּסח, אויף פּסח וועט זי אם ירצה השם, זיך מאַכן א פּאָר שיך איף הויכע אָבצאַסן מיט קולקעס און א סיצן קליידל מיט אובאָריקעלעך. קאָפּל דער שוסטער, וואָס שדכנט זיך צו איר, וועט איינגעמען א מיתה משונה!

דער שלח־מנות, וואָס נחמה די שוואַרצע האָט געטראָגן, איז באַשטאַנען פון א פיין שטיק שטרודל, צוויי גרויסע צוקער־לעקעכער. א היפּש האָניק־טייגל, צוויי קיישעלעך, וואָס פון ביידע זייטן איז געווען אויסגעצוויקלט א פישעלע און אָנגעפילט מיט קליינע זיסע פּאַרפּעלעך, און צוויי גרויסע מאָנדלעך, שוואַרצע, גלאַנציקע, דורכגעשפּיקעוועט מיט יאָדערן פון ניסלעך, גוט איינגעפּרעגלט אין האָניק! אויסער דעם איז אויפן ביקן געלעגן און געשמייכלט אַ געלער, אַ שמעקעדיקער מאַראַנץ, וואָס דער ריח איז זיך צעגאַנגען אין יעדן אבר.

ב.

— הערסטו, נחמה, וואָס איך וועל דיר זאָגן? דיין שלח־מנות איז א שענערער שלח־מנות פון מיין שלח־מנות! — אַזוי האָט געזאָגט נחמה די רויטע צו נחמה די שוואַרצע מיט אַ קאָמפּלימענט.

— ע! דיין שלח־מנות איז אויך נישט קיין שלעכטער שלח־מנות!

— האָט איר נחמה די שוואַרצע געענטפערט מיט אַ קאָמפּלימענט און האָט א טאַפּ געטאָן מיטן פינגער דעם המן־טאַש.

— אָט אַ המן־טאַש!... — האָט געזאָגט נחמה די שוואַרצע און האָט זיך אַזש באַלעקט. — אָט דאָס הייסט אַ המן־טאַש!... איך וועל דיר זאָגן דעם אמת. איך פאַרגין איר גאָרנישט, דער באַלעבאָסטע מיי־

נער, אַזאַ המן־טאַש... אַזאַ מכּה זאָל זיך איר זעצן אויפֿן פּנים, רבונו־של עולם!... הערסטו, נחמה, ווערליק איך האָב נאָך הײַנטיקן טאָג אין מײַן מויל נישט געהאַט, וואָלט איך אַ בעלן געווען פֿאַרזוכן פֿון דעם דאָזיקן המן־טאַש כאָטש אַ שטיקל.

— און איך, מײנסטו, האָב הײַנטיקן טאָג עפּעס געגעסן? נישט מער זאָלן זיי עסן ווײַל זיי װעלן לעבן! — מאַכט נחמה די רויטע און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זײַטן. — נעם, פֿאָלג מיך, נחמה, הײס המן־טאַש און צעברעך אים אויף צװייען, װעלן מיר איבערכאַפּן. ווי שטייט דאָס, אַז שלח־מנות מוז זײַן מיט אַ המן־טאַש? אָט למאַי איז בײַ דיר שלח־מנות אָן אַ המן־טאַש?

— לאָס איך האָבן אַזאַ יאָר, ווי דו ביסט גערעכט! — זאָגט נחמה די שוואַרצע, צעברעכט דעם המן־טאַש אויף צװייען און צעטיילט זיך מיט נחמה דער רויטער.

— הערסטו, וואָס איך װעל דיר זאָגן! ס'איז דאָך טעם גן־עדן, בנאַמנות! אַ חסרון נאָר, וואָס סע מער נישטאָ... פֿאַר דײַן המן־טאַש, נחמהניו, קומט דיר אַ שטיקל לעקעך פֿון מײַן שלח־מנות, וואָרום ווערליק מיר װעלן זיך דאָ אָנגעמען פֿאַרן וועג, מעג זיי זײַן ווינציקער מיט אַ שטיקל לעקעך און מער מיט אַ מכּה... מאָל דיר, פֿון גאַנץ פֿרי ביז איצטערטאָ — טרעף, וויפֿל האָב איך געמאַכט? קוים־קוים אַ גילדן מיט צוויי גראָשן. אי האָס — זענען די צוויי גראָשן מיט אַ לעבל... וויפֿל האָסטו געמאַכט, נשמה מײַנע?

— איך האָב דאָס אויך נישט געמאַכט, אַ מכּה זאָל זיך זיי מאַכן!
— זאָגט נחמה די רויטע און קײַט דעם לעקעך און שלינגט גאַנצע שטיקער, ווי אַ גאַנדז. — הלוואי איך זאָל פֿאַרן גאַנצן טאָג מאַכן אַ גילדן!...
— שיינע נגידיתטעס, זיי מעגן זיך, נישקשה, אַלע באַגראָבן! — זאָגט נחמה די שוואַרצע און באַלעקט זיך נאָכן לעקעך. — איך קום צוגײן צו כיענע דער צעלניקערן מיטן שלח־מנות, נעמט זי צו בײַ מיר דעם שלח־מנות, קראַצט און קראַצט די קעשענע און הייסט מיר קומען שפּעטער, קומען זאָל אויף איר אַ מיתה משונה!

אַזוי ווי איך האָב געהאַט בײַ קיילע רב אהרנס. — זאָגט נחמה די רויטע. איך קום צוגײן צו איר מיטן שלח־מנות, גייט זי און שענקט מיר אַ צוקערל פֿאַרן וועג, שענקען זאָל איר גאָט אַ נײַע נשמה!

— און די אַלטע זאָל מען אַרויסוואַרפֿן פֿאַר די הינט! לאָזט אויס פֿאַר איר נחמה די שוואַרצע און נעמט איינע פֿון זלאַטעס צוויי צוקער־

לעקעכער און צעברעכט אים אויף צווייען. — נאַ, עס, נשמה מיינע, עסן זאָלן זיי ווערים! אַז דיין באַלעבאָסטע וועט האָבן ווינציקער מיט אַ צו־קערלעקעכל, בין איך בדלות!

— אוי, א מכה איז מיר! — האָט זיך נחמה די רויטע צום ערשטן מאָל אויפגעכאַפּט פונעם אָרט און אָנגעהויבן ברעכן די הענט. — זע נאָר, נשמהניו, וואָס ס'איז מיר געבליבן פונעם שלח־מנות!

— ווער וועט זיי גיין דערהציילן, גארישע מויד? — באַרואיקט זי נחמה די שוואַרצע — האָב קיין מורא נישט, ס'איז ביי זיי היינט אַ מאַג פון שלח־מנות, זענען זיי פאַרטאַראַראַמט, מע וועט זיך נישט אַרומקוקן.

אוןביידע נחמות דעקן איבער די שלח־מנותן מיט די ווייסע סער־וועטלעך און לאָזן זיך גיין איבער דער בלאָטע, איינע אַהין, די אַנדערע אַהער, גלייך ס'איז גאָרנישט געווען...

ג.

זעלדע רב יאָסיס, אַ יידענע מיט אַ קיילעכיקן פנים און אַ גאַנץ שיי־נע, איז געשטאַנען מיט אַ רויטן זיידענעם פאַרטעך מיט ווייסע שפּריג־קעלעך און האָט אויסגעטיילט און צונויפגעשטעלט אַלע שלח־מנותן, וואָס זי האָט באַדאַרפט שיקן יענעם און וואָס יענע האָבן געשיקט איר.

רב יאָסי לעמעשקע (אַזאַ צונעמעניש האָט ער געהאַט אין כתרילעווי־קע) איז געלעגן אויף דער קאַנאַפּע און האָט געכראָפּעט, און מנשה, אַ בחור פון אַ יאָר אַכצן מיט רויטע באַקן און מיט אַ לאַנגער ליוסטרינענער נאַקידקע, האָט אַרומגעפּאַדקעוועט אַרום דער מאַמע, געגאַשט אַלע מאָל אַ שטיקל האָניקטייגל, אַ צוויי פאַרפעלעך אָדער אַ מאַנדל; ער האָט זיך אַזוי אָנגעשטאָפּט מיט די אַלע גוטע זאַכן, אַז די ציין מיט די ליפּן זענען אים געווען שוואַרץ און דער בויך האָט אָנגעהויבן „רעדן".

— מנשה, מאָמער וואָלט שוין אַמאָל געווען גענוג, מנשה? — זאָגט אים זעלדע אַלע מינוט.

— גענוג, גענוג! — ענטפערט מנשה און כאַפּט אַריין אין מויל אַריין אַלע מאָל אַן אַנדער שטיקל „דאָס לעצטע מאָל", און ווישט אויס מיט דער צונג די ליפּן.

*

* *

— אַ גוט יום־טוב, די באַלעבאָסטע האָט אייך געשיקט שלח־מנות!

— זאָגט נחמה די שוואַרצע און טראָגט אונטער זעלדען דעם איבערגע־דעקטן שלח־מנות.

— ביי וועמען דינסטו? — פרעגט זי זעלדע מיט אַ פרייַדלעך שמייכל און נעמט צו ביי איר דעם שלח־מנות פון די הענט.

— ביי זלאַטע רב אייזיק בעל־בריתניקס. — מאַכט נחמה די שוואַר־צע און וואַרט, מע זאָל ביי איר צונעמען דעם שלח־מנות און אומקערן דאָס בעקן.

זעלדע נעמט זיך מיט איין האַנט צו דער קעשענע באַצאָלן דער מיידל אַ גראָשן פאַרן וועג, און מיט דער אַנדער האַנט דעקט זי אָפּ דעם שלח־מנות און בלייבט שטיין ווי געליימט.

— וואָס איז דאָס? מנשה, טו נאָר אַ קוק!...

מנשה דערזעט דעם שלח־מנות, כאַפּט ער זיך ביי די זייטן, בויגט זיך צו ביז דער ערד ומאַכט אַזאַ געלעכטער, אַז רב יאָסי לעמעשקע פאַלט שיער אַראָפּ פון דער קאַנאַפּע אַ דערשראָקענער.

— האַ? וואָס? וואָס איז? ווער איז דאָרטן?...

—זע נאָר אַ שלח־מנות! — מאַכט צו אים זעלדע און לייגט צונויף ביידע הענט אויפן בויך. מנשה הערט נישט אויף צו לאַכן, און רב יאָסי לעמעשקע טוט אַ שפּיי, דרייט זיך אויס מיטן פּנים צו דער וואַנט און שלאָפט ווייטער.

זעלדע טוט א שמייץ נחמהן דעם בעקן מיטן סערוועטל און זאָגט צו איר:

— זאָלסט זאָגן דער באַלעבאָסטע דיינער, זי זאָל דערלעבן איבער אַ יאָר און זאָל קיין שענערן שלח־מנות נישט פאַרמאָגן!

—אמן גם אתם! — מאַכט נחמה די שוואַרצע און נעמט צו דעם בעקן.

— מיטן קאָפּ אין דער ערד! — זאָגט זעלדע מיט כעס. — אַ מויד אַן עזותניצע קאָן! — וואָס זאָגסטו אויף איה, מנשה?...

ד.

זלאַטע רב אייזיקס, אַ יידענע, וואָס האָט אַלע יאָר אַ קינד און הערט נישט אויף צו דאָקטערן זיך, איז שוין געווען אזוי אויסגעמיידט פונעם שלח־מנות אָפּנעמען און אויסגעבן, אַז זי האָט זיך געמוזט צוזעצן אויף

א בענקל און קאָמאַנדעווען מיטן מאַן אייזיק בעל=בריתניק (אזוי האָט מען אים גערופן הינטער די אויגן, דערפאַר וויל ער פראוועט אלע יאָר א ברית).

— אייזיק, נעם אָט אָ יענץ שטיקל טאָרט און לייג אהער, און דאָס שטיקל קומיש=ברויט מיט די צוויי מאָנדלעך פון דאַנען לייג צו אַהין, אייזיק, און דערלאַנג מיר יענץ קישעלע וואָס מיט די פאַרפל, ניין נישט יענץ, אָט אָ יענץ! גו, ריר זיך, אייזיק! זע נאָר, ווי מע באַדאַרף אים לערנען קמץ=אלף. ווי מיט אַ קליין קינד! און נעם יענץ לעקעכל, דאָס גרעסערע, און לייג צו אַהין, אָט אַזוי, און צעשנייד דאָס שטיקל טאָרט אויף צווייען, צו אַ גרויסע שטיק טאָרט, אייזיק, אַן עבירה... אין דער ערד אַריין, ממזרים, וואָן!

די לעצטע ווערטער זענען געזאָגט געוואָרן אויף אַ גאַנצער כאָפטע ווייסע=חברהניקעס, וואָס זענען געשטאַנען ארום איר מיט הוילע פּופּקעס, געקוקט אויף די זיסע זאַכן מיט זשעדנע אויגן און באַלעקט זיך.

די ווייסע חברהניקעס גנבענען זיך אונטער אלע מאָל פון הינטן, ווילן אַוועקשלעפּן אַ לעקעכל פונעם טיש. דערזעט די מאַמע און שענקט אַ פּאַטש אָדער א כמוסאַק מיט א פּאָמילעטשניק.

*

*         *

— אַ גוט יום=טוב! די באַלעבאָסטע האָט אייך געשיקט שלח=מנות!
—זאָגט נחמה די רויטע און טראָגט אונטער זלאַטען דעם איבערגעדעקטן שלח=מנות.

— ביי וועמען דינסטו? — פרעגט זי זלאַטע מיט אַ פריינדלעך שמייכעלע און נעמט צו ביי איר דעם בעקן פון די הענט.

— ביי זעלדע רב יאָסי לעמעשקעס. — זאָגט נחמה די רויטע און וואַרט, מען זאָל ביי איר צונעמען דעם שלח=מנות און אומקערן דעם בעקן.

זלאַטע נעמט זיך מיט איין האַנט צו דער קעשענע באַצאָלן דעם מיידל אַ גראָשן פאַרן וועג, און מיט דער אַנדערער האַנט דעקט זי אָפּ דעם שלח=מנות און בלייבט שיער חלשות.

— אַלע בייזע ווייסטע שלעכטע טויטע פינצטערע הלומות זאָל אויסגיין צו מיינע שונאימס קעפּ און צו זייערע הענט און פיס און צו זייער לייב און לעבן! זע נאָר א מין שלח=מנות! אזוי ווי עפּעס אויף א געלעכטער.

— נאַ, גיב דאָס אָפּ דער באַלעבאָסטע דיינער צוריק! — זאָגט זלאַטע
און טוט אַ שמייכל נחמה דער רויטער דעם בעקן מיטן סערוועטל מיטן שלח=
מנות צוריק אין פּנים אַריין.

ח.

רב יאָסי לעמעשקע און רב אייזיק בעל=בריתניק זענען ביידע קרעמער
אין כתרילעווקע, אַ קלייטל נעבן אַ קלייטל, און כאָטש זיי זענען קאָנקו=
רענטן, הייסט דאָס, און שלעפּן איינס ביים אַנדערן קונים, אַבי זיי קאָנען
נאָר, פונדעסטוועגן איז מען צווישן זיך דווקא גוטע ברידער, מע כאַפּט
איינער ביים אַנדערן אַ גמילות=חסד, מע גייט איינער צום אַנדערן אויף
שמחות, יום=טוב — אויף קידוש, ווי עס געהער צו זיין צווישן גאָענטע
שכנים. זומער זיצט מען גאַנצע טעג אין קלייט און מע שפּילט אין ביינד=
לעך, און ווינטער גייט מען אַריין איינער צום אַנדערן זיך אָנוואַרעמען
אַ ביסל. אויך די ווייבער צווישן זיך לעבן גאָר פריינדלעך, רעדן ביידע
אָפּ פון דער גאַנצער וועלט, לייען זיך אויס איינס דאָס אַנדערע, אז סע
פעלט סחורה, פאַרטרויען זיך איינע דער אַנדערער די גרעסטע סודות, קריגן
זיך כמעט קיינמאָל נישט און אפילו אַז עס מאַכט זיך, זיי צעקריגן זיך
אַמאָל איבער אַ נאַרישקייט, בעטן זיי זיך באַלד איבער... הכלל, ס'איז אַ
לעבן ווי „אונטערן באָד".

אויף מאָרגן נאָך פּורים, אַז רב אייזיק בעל=בריתניק איז אַרויסגעקו=
מען עפענען די קלייט, איז שוין רב יאָסי לעמעשקע געשטאַנען ביי דער
טיר פון זיין קלייט אָנגעבלאָזן, ווי אַן אינדיק, און געוואַרט, אַז רב אייזיק
זאָל צוגיין צו אים זאָגן א גוט מאָרגן, וועט ער אים נישט ענטפערן... רב
אייזיק, וואָס איז אויך געווען גוט אָנגעדרודלט פון זיין ווייב אויף רב יאָסין,
האָט אויפגעשלאָסן די קלייט, זיך אַנידערגעשטעלט ביי דער טיר און גע=
וואַרט ביז רב יאָסי וועט צוגיין צו אים און וועט אים זאָגן אַ גוט מאָרגן,
וועט ער אים נישט ענטפערן... און אַזוי זענען זיי געשטאַנען ביידע איינס
אַנטקעגן דאָס אַנדערע, ווי די האָנען, און געוואַרט, ווער וועט אָנהייבן
פריער... זיי וואָלטן געקאָנט אַזוי אָוועקשטיין ביידע אַ גאַנצן טאָג, ווען עס
זאָלן נישט געווען אָנקומען זייערע ביידע ווייבער פונעם מאַרק, ביידע
מיט פלאַמענדיקע פּנימער און מיט ברענענדיקע אויגן פאַר כעס.

— אייזיק, פאַר וואָס דאַנקסטו אים נישט אָפּ פאַרן שיינעם שלח=

מנות, אייזיק, וואָס זיין יפהפיה האָט מיר געשיקט? — רופט זיך אָן זלאַטע צו איר מאַן.

יאָסי, פאַר וואָס דערמאָנסטו אים נישט דעם שלח־מנות? — זאָגט זעלדע צו איר מאַן.

— אייזיק, דו הערסט, אייזיק, זי רייצט זיך נאָך! וואָס שווייגסטו אים, אייזיק?

— וואָס וועל איך גיין רעדן מיט א לעמעשקע״? — זאָגט רב אייזיק הויך אויפן קול, בכדי רב יאָסי זאָל דערהערן, אַז ער רופט אים „לע־מעשקע״.

— איך האָב מורא אָנהויבן זיך מיט אַ „בעל־בריתניק״!... — זאָגט רב יאָסי הויך אויפן קול, בכדי רב אייזיק זאָל הערן, אז ער רופט אים „בעל־בריתניק״.

דאַכט זיך, אין פלוג, וואָס ליגט אַזעלכעס איינעם וואָרט „בעל־ברית־ניק״? איטלעכער ייד, אַז זיין ווייב ווערט געלעגן און האָט אַ יינגל, ווערט ער אויפן אַכטן טאָג אַ בעל־בריתניק.

רב אייזיק האָט אָבער אַלצדינג אויף דער וועלט געקאָנט איבערטראָגן, נאָר נישט דעם צונעמעניש „בעל־בריתניק״. דאָס איז פאַר אים געווען טויזנט מאָל ערגער ווי אין טאַטן אריין געשאָלטן! ער איז דעמלט קאַפּאַבל געווען יענעם צערייסן אויף שטיק שטיקלעך!...

דאָס אייגענע איז געווען מיט רב יאָסין. איר זאָלט אים געבן דריי פעטש, וואָלט ביי אים געווען מער ניחא, ווי דאָס וואָרט „לעמעשקע״.

עס איז זיך צונויפגעלאָפן דער גאַנצער מאַרק, און מע האָט זיי קוים צענומען; מע האָט געוואָלט געוויר ווערן, פאַר וואָס און פאַר ווען האָבן זיך עס צוויי נאָענטע שכנים און גוטע פריינד פלוציים פאַרפאָרן איינס דאָס אַנדערע אין די בערד אריין... נאָר רב יאָסי און רב אייזיק און זלאַ־טע און זעלדע האָבן גערעדט אַלע פיר איינס איבער דאָס אַנדערע, זיי האָבן אַלע אזוי געפילדערט און געקווייטשעט, אַז מע האָט נאָר געקאָנט הערן „שלח־מנות!״. „שלח־מנות!״ — און גענוג. וואָס „שלח־מנות״? ווער „שלח־מנות״? דאָס איז אוממעגלעך געווען צו דערגרונטעווען זיך.

— אַז דו וועסט נישט איינגעבן צום מיראָוואַי אויף דער „לעמעש־קע״, זאָלסטו זיך געזעגענען מיטן לעבן! — האָט זלאַטע געשריגן אויף איר מאַן. און רב יאָסי האָט זיך אָנגערופן צום גאַנצן מאַרק:

— יידן! איר זאָלט זיין עדות, אַז די דאָזיקע הולטייקע האָט מיך אָנ־

גערופן „לעמעשקע“! אָט גיי איך באַלד און גיב איין דעם מיראָװאָי אויף איר און אויף איר מאַן דעם „בעל־בריתניק“ אַ פּאַפּיר.

— יידן — האָט זיך אָנגערופן רב אייזיק. איר זאָלט װיסן, אַז איך שטעל אייך פּאָר עדות ביים מיראָװאָי, אַז דער דאָזיקער... דער דאָזיקער... דער דאָזיקער... איך װיל אים נישט אָנרופן ביים שיינעם נאָמען, האָט מיך נאָר־װאָס אָנגערופן „בעל־בריתניק“!

אין אַ שעה אַרום זענען זיי געװען ביי יודל דעם שרייבער, ביידע האָבן געשטעלט עדות און ביידע האָבן איינגעגעבן צום מיראָװאָי.

ו.

דער כתרילעװקער מיראָװאָי, פּאַן מיליניעװסקי, אַ גראָבער פּריץ מיט אַ לאַנגער באָרד און מיט אַ הויכן שטערן, איז שוין אַזוי לאַנג מיראָװאָי, אַז ער איז גוט באַקאַנט מיט דער גאַנצער שטאָט, אויסגעבונדן מיט איט־לעכן באַזונדער, און איבערהויפּט מיט כתרילעװקער יידן; ער קען יעדן איינציקן, װייס יעדנס כאַראַקטער דורך און דורך, פאַרשטייט יידיש װי אַ ייד, קלוג װי די װעלט. „מאַקע נאָר אַ יידישער קאָפּ אויף אים!“... זאָגט מען אין כתרילעװקע.

קומט אָסיען־צייט, אַרום נאָך סוכות, װערט ער פאַרװאָרפן מיט פּאַ־פּירן, און אַלץ פון יידן זאָלן געזונט זיין, — נישט חלילה פאַר גנבות, גזי־לות און רציחות — ניין! נאָר פאַר פייגן און פאַר פּעטש איבער „שישי“, איבער „אתה־הראית“, איבער „חתן־תורה“ און „חתן־בראשית“. פאַן מי־ליניעװסקי האָט פיינט מאַכן מיט די כתרילעװקער יידן צערעמאָניעס, אריינלאָזן זיך מיט זיי אין לאַנגע חקירות, און קיין סך רעדן לאָזט ער זיי נישט, װאָרום ס'איז אַ מעשה אָן אַן עק. װילן זיי שלום, איז רעכט (פאַן מיליניעװסקי איז אַ רודף־שלומניק); אַלא נישט, טוט ער אָן די קייט און שניידט: „פּאָ אוקאַזו נאַ אָסנאָװאַניע מאַקאָי־טאָ אי מאַקאָי־טאָ סטאַטי פּסקע איך אָפּ הערשקען זאַ פּאָסען־בראשית דריי טעג װעזשע, און יענקלען זאַ פּאָסען, (חתן)־תורה דריי טעג װעזשע“... קיין מיוחסים, װי איר זעט, איז ביי אים נישט פאַראַן.

פּונקט צװיי װאָכן פאַר פּסח איז געװען דער משפּט פונעם „שלח־מנות“. דאָס מיראָװאָי־שטיבל איז געװען פול אָנגעשטויסן מיט יידן און װייבער, װאָס כמעט אַלע זענען געװען עדות. ס'איז נישט געװען װו אַ שפּילקע דורכצוװאַרפן.

— אייזיק, יאָסקע, זלאַטע, זעלדע! — האָט אויסגערופן פאַן מיליִ־ניעווסקי, און עס זענען אַרויסגעטראָטן פון דער ערשטער באַנק רב יאָסי לעמעשקע און רב אייזיק־בעל־בריתניק מיט זייערע ווייבער; און איידער דער מיראָוואָי האָט נאָך אויסגערעדט אַ וואָרט, האָבן זיי אַלע פיר מיט אַמאָל אָנגעהויבן רעדן, און מער פון אַלע און העכער פון אַלע, געוויינלעך, די ווייבער.

— גאָספּאָדין מיראָוואָי! — זאָגט זעלדע, שטופּט־אָפּ דעם מאַן און באַווייזט מיט דער האַנט אויף זלאַטען. — אָנא עטאַ הולטייקע דאָ מיניע פּריסלאַיעט היינטיקן פּורים כאָראָשי שלח־מנות נאַ לייטיש געלעכטער! פּאַרשיווי שטרודל אי אָדין צוקערלעקעכל, פּראָסטאָ חוזק, סטראַם, טפו!...

— אוי! אוי! איך וועל דאָס גאָרנישט אויסהאַלטן! — שרייט זלאַטע און שלאָגט זיך אין האַרצן. — דאַי באָזשע מיני טאַקיי שמאַטאָק זאָלאָטאַ!

— אָמן! — זאָגט זעלדע.

— שווייג, דו פּיסקאַטע! דוראַ פּאָדושיטשקי, גאָספּאָדין מיראָוואָי, דאַי באָזשע מיני טאַקיי מזל, אי קומישברויט, אי צאַרסקי כליעב אי צרות איר, אי פּראַנעק! אי פּרעהס מכות! אַ האָמענע אוכץ? ווײ איז מיר!

— יאַקאָי האָמענע אוכע? סע הויבט זיך גאָרנישט אָן!

דער מיראָוואָי האָט געפּרוווט איינשטילן די ווייבער פריער מיט גוטן, נאָכדעם מיט בייזן, געקלונגען מיטן גלעקל, און אַז ער האָט געזען, אַז עס העלפט נישט, ס'איז אוממעגלעך זיי צוצומאַכן דאָס מויל, האָט ער די ווייבער אַרויסגעטריבן מחילה אין דרויסן אַרויס, סע זאָל ווערן אַ ביסל שטילער, מע זאָל כאָטש קאָנען הערן וואָס מע רעדט, און די מאַנס־בילן האָט ער געגעבן איין עצה, זיי זאָלן גיין צום רב.

— דאָ ראַבינאַ! — האָט ער זיי געזאָגט. — דאָ ראַבינאַ סוואַשים האָמענעאוכע! — און דער גאַנצער עולם איז אַוועק פון דאָרטן צום רב.

ז.

—רב יוזיפל דער רב, וועדליק ער איז באַקאַנט אונדזער לעזער, איז ברוך השם אַזאַ ייִד, וואָס קאָן איבערטראָגן אויף זיך אַלצדינג. ער האָט ליב אויסהערן איטלעכן באַזונדער ביזן סוף. רב יוזיפל גייט מיט דעם גאַנג, אַז יעדער מענטש, וויפל ער זאָל נישט רעדן, מוז ער אַמאָל אויפ־

הערן, וואָרום אַ מענטש, זאָגט ער איז נישט קיין מאַשינע. דער חסרון איז נאָר געווען, וואָס איצטיקס מאָל האָבן זיי געערדט אַלע פיר אינאיינעם, איינס איבערן אַנדערן, און אויך מענטשן פון דער זייט האָבן זיך אַלע מאָל אַריינגעמישט. נאָר וואָס מאַכט דאָס אויס? אַלצדינג אויף דער וועלט מוז האָבן אַ סוף... אַז אַלע האָבן זיך גוט אָנגעערדט, אָנגעשריגן און אָנגעקריגט, און ס'איז געוואָרן שטיל, האָט זיך רב יוזיפל אָנגערופן צו ביידע צדדים פּאַוואָלי, בנעימות, ווי זיין שטייגער איז, מיט אַ זיפּצל:

— אָד=אָד=אָד! גייט אַזאַ יום=טוב, אַזאַ הייליקער יום=טוב פּסח! אַ קלייניקייט — פּסח! אונדזערע עלטערן זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, אַריבערגעגאַנגען דעם ים, אַזאַ ים, אין דער טריקעניש! געבלאָנדזשעט אין דעם מדבר פערציק יאָר, פערציק יאָר! מקבל געווען אויפן באַרג סיני די תורה, אַזאַ תורה, וואָס דאָרט שטייט געשריבן בפירוש: „ואהבת — איז דו זאָלסט ליב האָבן, לרעך — צו דיין חבר, כמוך — ווי זיך אַליין זאָלסטו ליב האָבן!“.... צום סוף, אוי, צום סוף קריגן זיך יידן, בעוונותינו הרבים, רייסן זיך ביי די בערד, איבער וואָס?... איבער נאַרישקייטן, שטותערייען... אַ חלול=השם פאַר גוים, כ'לעבן, אַ חילול=השם! מע זאָל בעסער אין זינען האָבן מעות=חטים, אָרעמע לייט נעבעך האָבן נאָך נישט קיין מצות אויף פּסח; פון אייער און פון שמאַלץ און פון שאר=ירקות שמועסט מען נישט, — מצות כאָטש, גוואַלד, מצות אויף פּסח! אַ קלייניקייט — פּסח! אַזאַ יום=טוב! אונדזערע עלטערן זענען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, אַריבערגעגאַנגען דעם ים, אַזאַ גרויסן ים, אין דער טריקעניש, געבלאָנדזשעט אין דער מדבר פערציק יאָר, פערציק יאָר! מקבל געווען אויפן באַרג סיני די תורה, אַזאַ תורה, אַזאַ תורה!... פאָלגט מיך, יידישע קינדער, זייט זיך מוחל איינער דעם אַנדערן, ווערט שלום, און גייט אהיים געזונטערהייט און האָט בעסער אין זינען, עס גייט אַזאַ יום=טוב, אַזאַ גרויסער, אַזאַ הייליקער יום=טוב!...

אייטציקווייז, איינציקווייז, האָט זיך דער עולם אָנגעהויבן אַרויסרוקן פונעם חכם שטוב, כלומרשט געלאַכט פון רב יוזיפלס משפט מיט אַ ווערטל: „יאק נע פסק מאָ פסאקעץ“. ווי דער שטייגער איז פון די כתריעלעווקער לצים. נאָר אינעווייניק ביי זיך אין האַרצן האָט איטלעכער באַזונדער געפילט, אַז רב יוזיפל איז גערעכט, אַז מע האָט זיך געשעמט נאָך אַ מאָל איבערחזרן די מעשה מיטן שלח=מנות...

*

*     *

דעם ערשטן טאָג פּסח אינדערפֿרי נאָכן דאַוונען איז רב יאָסי לעמעשקע (ער איז ייִנגער) געווען ביי רב אייזיק בעל=בריתניק אויף קידוש, געלויבט דעם פּסחדיקן וויין, אַז ער איז היינטיקס יאָר גאָר אַ חריפֿות, און געלעקט די פֿינגער פֿון זלאַטעס פֿאַלירטשיקעס; און דעם אַנדערן טאָג פּסח אינדערפֿרי איז רב אייזיק בעל=בריתניק (ער איז עלטער) געווען ביי רב יאָסי לעמעשקע אויף קידוש, גאָרנישט געקאָנט אָפּלויבן זיך פֿונעם פּסחדיקן וויין, פֿון די האָזינקעס און פֿון זעלדעס פֿאַלירטשיקעס. און בייטאָג נאָכן עסן, אַז זעלדע מיט זלאַטען זענען זיך צונויפֿגעקומען און צערעדט פֿונעם שלח=מנות, איז דער אמת אַרויף ווי בוימל אויפֿן וואַסער, און ביידע דינסט=מיידלעך, נחמה די שוואַרצע און נחמה די רויטע, האָבן שוין געהאַט זייער ערלעך אויסקומעניש: תיכף נאָך פּסח האָט מען זיי געגעבן דעם וועג.

# די גאָלדשפּינערס

## א קורצער אריינפיר

די „גאָלדשפּינערס“ — פרעגט זיי עפּעס גרינגערס, ווי אַזוי שפּינט מען האָס גאָלד? דאָס האָט מען זיי נאָר אזא נאָמען געגעבן אין כתרילעוועקע מחמת קנאה; מען איז זיי מקנא, פאַרשטייט זיך, וואָס זיי זענען גרויסע פאַרדינער. דאָס הייסט, קבצנים זענען זיי, נישט פאַר אייך געדאַכט, גלייך מיט אַלע כתרילעווקער אָרעמע לייט, נאָר אַז עס קומט פּורים, פאַרדינען זיי שטיקער מיט גאָלד, דער אויבערשטער האָט זיי געבענטשט אַלע פון זיין ברייטער האַנט, יעדן מיט אַ באַזונדער טאַלאַנט, און מענטשן מיט טאַלאַנט איז די וועלט מקנא. דאָס איז שוין אַזוי אַלט, ווי די וועלט איז אַלט. מיר ווילן זיך דעריבער גאָר נישט אָפּשטעלן אפילו אויף א מינוט און גייען אריבער גלייך צו אונדזערע באַשרייבונגען.

א.

### דער קאָפּ פון די גאָלדשפּינערס: נפתלי מיט די פיס

נפתלי מיט די פיס איז א ייד מיט סכנות-לאַנגע פיס, וואָס הייבן זיך אָן ביי אים כמעט פון דעם האַלדז. קיין מענטש איז נישט אימשטאַנד מיט נפתלין צו גיין און נישט בלייבן פון הינטן; נישט מחמת דער גאַנג איז ביי אים אַזאַ גיכער, נאָר ווייל דער שפּאַן איז א ברייטער. אָט, האַכט זיך, זעט איר אים אויף דער זייט גאָס. איר טוט זיך א ריר — אהא, ער איז שוין אויף יענער זייט. די דאָזיקע פיס — דאָס איז נפתלים קאַפּיטאַל, זיינע כלי-זיין, זיינע ברויט-געבער, בקיצור, נפתלי איז א ייד אַ מעקלער.

קומט צו פאָרן אַ פריץ קיין כתרילעווקע איין מאָל אין א יובל, דערשמעקט נפתלי, אַז א פריץ איז געקומען, טוען אים א טראָג די פיס אויף

דער אַבסניה: „אַדוני פריץ, וואָס איז דיין באַגער?“ — און וואָס דער פריץ זאָל נישט באַגערן, וועט אים נפתלי ברענגען אין איין מינוט: א שניידער, א שוסטער, א שמיד, א פערד, א דינסט, א טאַראַנטאַס, א צירולניק, א פעלדשער, א מכשף, א שוואַרץ=יאָר. קיין „ניין“ איז גאָרנישטאָ ביי אים. דער גאַנצער חסרון איז, וואָס נפתלי איז נישט איינער אויפן יאַריד. פאַראַן אין כתרילעווקע, אחוץ אים, נאָך מעקלערס. וויפל ייִדן, כמעט אַזוי פיל מעקלערס, און יעדנפאַלס — מער מעקלערס, ווי פריצים.

פון דעם איז גרינג צו פאַרשטיין, וואָס פאַר א גאָלדענע געשעפט נפתלי מיט די פּים מאַכט און ווי שיין ער וואָלט אויסגעזען, ווען גאָט ברוך=הוא זאָל נישט מזכה זיין זיין ליב פאָלק ישראל מיט דעם ליבן, טייערן, פריילעכן, לעבעדיקן יום=טוב פורים. אין דעם דאָזיקן ליבן, טייערן, פריילעכן, לעבעדיקן יום=טוב האָט זיך אַרויסגעוויזן נפתלים טאַלאַנט מיט זיין גאַנצער פראַכט און גלאַנץ. נפתלי איז אַ געבוירענער אַרטיסט, און פורים=שפּיל איז ווי אָנגעמאָסטן פאַר זיינע לאַנגע פּים.

אין פלוג וועט אייך אויסקומען אפשר קאָמיש, וואָס קער זיך אָן פורים=שפּיל צו פּים? האָט קיין פאַראיבל נישט, עס קער זיך אָן זייער שטאַרק! נפתלי איז נישט קיין אחשורוש, נישט קיין המן, נישט קיין מרדכי און נישט קיין ושתי. ער איז נישט מער, ווי א ממוכן, א מין הויפמייסטער ביים קעניג אחשורוש; און ווער עס איז באַקאַנט מיטן באַרימטן אחשורוש=שפּיל, דער וועט פאַרשטיין, אַז די ראָלע פון ממוכן איז זייער א וויכטיקע ראָלע. אויף ממוכנען, קאָן מען זאָגן, שטייט דאָס גאַנצע שפּיל. דאַרף מען אַריינרופן ושתין. זי זאָל קומען פאַרן קעניג אַחשורוש אַ גאַקעטע, ווי די מאַמע האָט זי געהאַט — איז ממוכן. דאַרף זיך דער קעניג האַלטן אַן עצה, וואָס טוט מען מיט ושתין, וואָס זי וויל נישט גיין קיין נאַקעטע — איז ממוכן. דאַרף זיך מרדכי דורכרעדן דיפּלאָמאַטיש מיט אסתרן — איז ממוכן. הכלל — ממוכן דאָ, ממוכן דאָרט, ממוכן און ממוכן! און איר באַדאַרפט זען, ווי אונדזער ממוכן אַרבעט מיט די פּים אָט האָט איר אייך א ביישפּיל:

עס עפנט זיך אויף די טיר און עס קומען אַריין די פורים=שפּילער מיטן ברייטן „גוט=יום=טוב“. נאַטירלעך, בלייבן אַלע אַקטיאָרן שטיין האַרט ביי די ווענט, מיט די הענט אַראָפּ; נאָר איין ממוכן טרעט=אַרויס מיט די לאַנגע פּים, מיט אַ שווערד אין דער האַנט און מיט א פּאַפּירענעם ספּאָדיק אויפן קאָפּ, אַ שפּאַן אַהער, אַ שפּאַן צוריק — און שיט מיט גראַמען, ווי פון אַ ראָזשעק (בסוד דאַרף מען אייך אויסזאָגן, אַז די אַלע

גראמען, וואָס איר באַגעגנט אָט דאָ, געהערן טאַקע צו ממוכנען, דאָס הייסט, נפתלי מיט די פיס־האָט זיי אַליין אויסגעטראַכט פון זיין קאָפּ):

„איך, ממוכן, דער הויפּמייסטער,
פונעם קלוגן קעניג אחשורוש
דער שטאַלמייסטער,
בין געשיקט צו ושתין דער קעניגין,
זי זאָל זיך פאַר די געסט טון טאָן פאַרניגן
אַ נאַקעטע, אַ באָרוועסע ווי ביים זיידן
אדם הראשון אין גן־עדן.
אַריין, אַריין, אַריין,
מלכה ושתי דו מיין!"

רייסט זיך אָפּ פון דער וואַנט די מלכה ושתי (בערל פּאַנפּאַטש) און ענטפערט אים אָפּ אויך מיט גראַמען. און אויך נפתלים אַרבעט, אַ ביסל אונטער דער נאָז און אַ ביסל מיט אַ קווימש אויף אַ וויינענדיקן ניגון פון חתן־תורהה:

„קומט אַהער אַלע פרויען פון פרס ומדי
און אַלע האַרינטעס פון שושן,
ווילן מיר זיך מיט אייך
אַביסל דורכשמועסן.
הערט ווי מיין געמאַל
ווידערשפּעניקט אין דער תורה,
געניג ער איז אַ טפּש, איז ער נאָך
אַ שיכור הגדול הגיבור והנורא..."

דעמלט ווערט ממוכן אַנגעצונדן, טוט אַ שפּאַן מיט זיינע לאַנגע פיס הין צוריק און הייבט אָן שיטן גראַמען. זיין אייגענע אַרבעט:

„וואָס זאָגט איר אויף דער הולטייקע? געפעלט אייך אַ שפּראַך?
וואָס האָב איך דאָ מיט איר צו רעדן אַ סך?
איך זאָל וויסן, אַז דער קעניג וועט נישט זיין אין כעס
נעם איך אַראָפּ דעם קאָפּ אָט דער מרשעות..."

הייבט אויף דער קעניג אחשורוש (משה פלעצל) אַ לאַנגן שטעקן, אַרומגעוויקלט מיט גאָלדפּאַפּיר:

„פון מיינעטוועגן מעגט איר אייך אַלע קעפּן, שטעכן אָדער הענגען,
אַבי מע זאָל נאָר אַהער דאָס ביסל משקה ברענגען.
וואָס האָט איר מיניסטאָרן, אַראָפּגעלאָזט די נעזער,
אמער, גיסט בעסער אָן פולע גלעזער.
ווילן מיר טרינקען וויין,
ווילן מיר שיכור זיין,
ביזן ווייסן טאָג אַריין"!

כאַפּט אונטער די גאַנצע קאָמפּאַניע:

„וועלן מיר טרינקען וויין,
וועלן מיר שיכור זיין,
ביזן ווייסן טאָג אַריין!“

טרעט־אַרויס מרדכי (נחמיה דער שוסטער), אַן אָפּגעריסענער, מיט אַ האָרב און מיט אַ באָרד פון פלאַקס, פאַרנייגט זיך פאַרן קעניג און רעדט צו ממוכנען און ווינקט צפעס זייער מאָדנע מיט די אויגן, מאַכט מיט די הענט און זינגט מיט אַ מיתה־משונה־ניגון:

„היות ווי זיין מאַיעסטעט איז איין אַלעמן געבליבן,
און מע האָט אין אַלע 127 מדינות צעשריבן,
מע זאָל אים ברענגען מיידלעך פון דער גאָרער וועלט,
פון שיינעם יחוס און מיט געלט,
לכן האָב איך פאַר אים כלה —
אַזאַ יאָר מעג שוין זיין אויף אונדז אַלע:
אַ מויד, ווי אַ צימעס, גרין אַזוי ווי גראָז,
אַ ביסל אַ ראַכיטישנע מיט אַ לאַנגער נאָז,
איר נאָמען איז אסתר,
קיין ברודער און קיין שוועסטער,
נישט קיין. טאַטן, נישט קיין מאַמען,
נישט קיין פריינד און נישט קיין קרובים,
אַ יונג קינד פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק,
אַחוץ שבתים און יום־טובים...“

טוט ממוכן אַ שפּאַן מיט פיס הין און צוריק, רעדט מיט פייער:

„אדרבה, לאָז זי קומען אַהער,
און זיך טאָן פאַרן קעניג אַ קער,
און אויב זי וועט אים געפעלן,
וועט ער איר די קרוין אויפן קאָפּ אַוועקשטעלן,
און דו, מאָנדריש, פאַר דיין שדכנות,
וועסטו באַקומען אַ המן־טאַש מיט מאָן שלח־מנות...
אַריין, אַריין, אַריין,
אסתר מלכה דו מיין!“...

און ערשט דאָ הויבט זיך אָן דער רעכטער קנאַק: נפתלים פיס זענען שטאַרקער פון אייזן, אַז זיי טראָגן איבער אַזאַ פורימדיק שטיקל אַרבעט. דערפאַר אָבער לעקט ער אָפּ אַ פעט ביינדל, וואָרום ער איז דאָך, קאָן מען זאָגן, דער רעזשיסער פון דער טרופּע, דער בעל־הבית, דער מחבר און דער קאַסירער.

— ער שפּינט גאָלד, שטיקער גאָלד, אָט דער ייִד, אַז עס קומט פּו־רים!

אַזוי זאָגן אויף אים די כתרילעווקער ייִדן, וואָס זענען אים מקנא, נישט אַזוי אויף זיין טאַלאַנט, ווי אויף זיין פרנסה.

ב.

## די גאָלדשפינערין: ריוועלע די זיסע

כתרילעווקע זאָל אַלע טאָג נוצן צוקערלעך, פלאָדנס און פלעדלעך, אַזוי ווי מע נוצט דאָס דאָרטן פורים צו שלח־מנות, וואָלט נפתלי מיט די פיס פאַרשפּאָרן זיין אַ גאַנץ יאָר אַ מעקלער און פורים אַ קאָמעדיאַנט. זיין ווייב, ריוועלע די זיסע, וואָלט אים אויסגעהאַלטן מיט זיין גאַנץ הויזגעזינד מיט כבוד. וואָרום אויב נפתלי איז באַרימט מיט זיינע פיס, איז זיין ווייב ריוועלע נישט ווינציקער באַרימט מיט אירע הענט.

ריוועלע איז אויף דער פיגור אַ ווייבעלע אַ קליינטשיקע, אַ האַריגקע, אַ טרוקענע, אַ פאַרזעעניש און אַקעגן איר מאַן נפתלי זעט זי אויס, ווי אַ פערטל עוף. אַ קוק טאָן אויף איר — ווער וועט זאָגן, אַז דאָס ווייבעלע פאַרזאָרגט אַ גאַנצע שטאָט מיט צוקער־געבעקס, אַז עס קומט פורים, ווען ייִדן שיקן איינער דעם אַנדערן שלח־מנות? מאָלט אייך, ס׳איז פאַראַן נאָך ווייבער אין כתרילעווקע, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער זעלבער פרנסה. ווער אָבער פאַרמאָגט אַזעלכע גאָלדענע הענט, ווי ריוועלע די זיסע? אירע טאָרטן מיט אירע לעקעכער, אירע שטרודלען און מלכות־ברויטלעך, אירע מאַנדלען און אינגבערלעך, מיט אירע געצוויקלטע קישעלעך האָבן זיך קונה שם געווען אין דער גאַנצער וועלט און דערלאַנגט אַזש קיין יעהופּעץ, דורך אַ מעשה, וואָס האָט זיך געטראָפן, ומעשה שהיה כך היה:

איינער אַ לץ פון די כתרילעווקער ליצים, וואָס זענען דאָרטן אַזוי פיל, וויפל שטערן אין הימל, האָט זיך געוואָלט מאַכן אַ שפּאַס איבער דער שטאָט כתרילעווקע און איבער די פּראָדוקטן, מ׳שטייגס געזאָגט, וואָס די שטאָט גיט אַרויס. וואָס זשע טוט אַ לץ? איז ער זיך מיישב איינמאָל אויף אַ טשיקאַוועס און שיקט אַוועק דורך דער פּאָסט שלח־מנות פון די אויבן־דערמאָנטע זאַכן, וואָס ריוועלע די זיסע גרייט אָן לכבוד פורים, צו זיינעם אַ רייכן קרוב קיין יעהופּעץ. צום שלח־מנות האָט ער בייגעלייגט אַ בריוו, זייער שיין געשריבן, און וועלכן ער בעט דעם רייכן קרוב, ער זאָל קיין פאַראיבל נישט האָבן פאַרן „שיקעכטס, וואָס ער שיקט אים“, וואָרום אין כתרילעווקע איז קיין „ערגערע שיקעכטסן“ נישט צו געפינען. ווי אויבעראַשט אָבער, שטעלט איין פאַר, איז אָט דער לץ, אַז ער באַקומט פון

זיין רייכן קרוב אַ דאַנק=בריוו מיט אַ בקשה, ער זאָל תיכף ומיד צעגויפקויפן פון די דאָזיקע זיסע זאַכן וויפל ס'איז נאָר מעגלעך און למען השם רעכט איינפּאַקן און אָפּשיקן דורך פּאָסט אויפן נגידס רעכענונג קיין יעהופּעץ (ווער ווייסט נישט, אַז נגידים בכלל, האַלטן פון דער אכילה, און האָבן ליב א זיסן ביסן?). פון דעמולט אָן ווערט פון יאָר צו יאָר ארויסגעשיקט צום נגיד קיין יעהופּעץ אַ גאַנצער טראַנספּאָרט פון ריוועלעס זיסע זאַכן אויף פּורים. און אָט אזוי איז ריוועלעס נאָמען מפורסם געוואָרן אויש אין יעהופּעץ.

## ג.

## שניט=צייט

ריוועלע זאָל אָבער האַרפן אַרויסקוקן אויפן יעהופּעצער נגיד אַליין, וואָלט זי בלויז באַשטאַנען, דער עיקר פּדיון איז ביי איר אויפן אָרט. די עטלעכע טעג, וואָס פאַר פּורים זעלבסט, האָט ריוועלע די זיסע ממש קיין הענט נישט. באַרעכנט אייך: אַליין באַקן, אַליין פאַרקויפן, אַליין פאַרפּאַקן און אַליין רעכענען זיך מיט אַלע באַלעבאָסטעס — צו די חשבונות אַליין האַרף מען האָבן אַ קאָפּ פון אַ מיניסטער!

אָט האָט איר אייך אַ מוסטער, ווי אַזוי ריוועלע רעכנט זיך מיט אַ נגידס א ווייב, וואָס טראָגט פּערלעך אין האַר וואָכן און הייסט שרה=פּערל:

— פון אייך קומט שרה=פּערל, אַזוי גרויס, ווי פאַר אַ האַלב טוץ לעקעכלעך מיט ראָזשינקעס עובר לסוחר צו זעקס גראָשן, זעקס מאָל זעקס — וויפל איז זעקס מאָל זעקס? דאַכט זיך, דריי=און דרייסיק? און פיר קומיש=ברויטלעך האָט איר גענומען צו אַכט גראָשן, עס קאָסט מיך אַליין צו זיבן, איך זאָל אַזוי זיין געזונט, פיר מאָל אַכט איז אַכט=און פערציק; היינט צוויי פלעדלעך גרויסע אָן פאַרפעלעך און דריי פלעדלעך קליינע מיט פאַרפעלעך, וועל איך אייך רעכענען פאַר די פלעדלעך אַרום און אַרום פינף שטיק צו פיר=און צוואַנציק גראָשן, עס קאָסט מיך טייערער, לאָמיר ביידע זיין אזוי געזונט! פינף מאָל פיר=און=צוואַנציק וויפל איז? ס'זאָל זיין זעקס מאָל, וואָלט דאָך געווען אַ קערבל מיט זעקס גראָשן, און אַז פינף מאָל, איז, אַפנים, אַזוי גרויס, ווי אַ קערבל אָן זעקס גראָשן, וויפל=זשע האָבן מיר אויגאייגעם, הייסט עס: דריי=און דרייסיק און אַכט=און=פערציק און צוויי=און=אַכציק, און א קערבל, איז אַנדערהאַלבן קערבלעך מיט צוויי=

אַן צוואַנציק, גייט אַראָפּ זעקס גראָשן, איז וויפֿל בלייבט פֿון אַנדערהאַלב: קערבלעך מיט צוויי־און־זעכציק קאָפּיקעס, אַז מע נעמט אַראָפּ זעקס גראָשן? נישט קיין קערבל מיט נײַנציק?

— אַ גוט יום־טוב! וואָסערע צוויי און זעכציק? ווו האָבן זיך גענומען צו אײַך צוויי־און־זעכציק?

אַזוי צעשרייט זיך שרה־פּערל, און ביידע ווײַבער נעמען זיך צום חשבון ווידער אַ מאָל פֿונעם אָנהויב.

— זאָלט איר מיר געזונט זײַן, שרה־פּערל, דער חשבון איז ראָד, ווי אויפֿן טעלער: אַ האַלב פּוּד לעקעכלעך מיט ראָזינקעס עובר לסוחר צו זעקס גראָשן אַ שטיקל, איז זעקס מאָל זעקס — וויפֿל איז זעקס מאָל זעקס? נישט קיין צוויי־און פֿערציק?

— מזל־טוב! סע וואַקסט בײַ אײַך! פֿריער איז בײַ אײַך אויסגעקומען דרײַ־און־דרײַסיק, איצט איז שוין געוואָרן צוויי־און־פֿערציק! קיין עין־הרע נישט!

עס העלפֿט נישט וויבאַלד עס קומט צו געלט. אַזוי מוז מען אָנקומען צו אונדז, מאַנסבילן, און ריוועלע רופֿט אָפּ נפֿתלין פֿון די אַקטיאָרן, און נפֿתלי האָט פֿײַנט, אַז מע רײַסט אים אָפּ פֿון זײַער אַרבעט, איז ער אין כעס סכנות.

— אַן אַקציע מיט די ווײַבער! קיין צוויי מיט צוויי קאָנען זיי אויך נישט צונויפֿרעכענען. נו? אַרויס מיטן חשבון, נאָר גיך און געשווינדט, הער טאָג שטייט נישט!

אַזוי זאָגט נפֿתלי מיט גרימצאָרן, און מע רעכנט אים אויס דאָס גאַנצע צעטל, ביידע ווײַבער אין איין אָטעם. נפֿתלי האָרכט מיט צוגעמאַכטע אויגן, רעכנט אויף די פֿינגער און ווערט גיך פֿאַרפּלאָנטערט און פֿאַרטומלט און נאָך מער אין כעס. און ער פֿאַלט אָן אויפֿן ווײַב:

— איך האָב דיר געזאָגט טויזנט מאָל, אַז וויבאַלד דו האָסט אַזאַ קעצענעם מוח און קאָנסט נישט צונויפֿרעכענען קיין צוויי מיט צוויי, הײַנט װעלכער גוטער יאָר טרײַבט דיך, זאָלסט פֿאַרקויפֿן דײַן סחורה הורט! לאָחדים פֿאַרקויפֿט מען, אײַנציקווײַז! למשל: וואָס האָט איר גענומען? אַ לעקעכל! גיט אַהער זעקס גראָשן! נאָך אַ לעקעכל? נאָך זעקס גראָשן! אַ פֿלעדל? ליגט־אַנידער פֿיר־און־צוואַנציק גראָשן! נאָך אַ פֿלעדל? נאָך פֿיר־און צוואַנציק גראָשן!

שרה־פּערל דער נגידת שטייט אפֿילו נישט אָן די מעשה. מע זאָל זיך מיט איר רעכענען אָט אַזוי אָ, ווי מיט אַ קבצנטע. נאָר זי האָט קיין

אַנדער בריחה נישט. ווו 'וועט זי נעמען אַזאַ צוקער־געבעקס אויף שלח־מנות, אז נישט ביי ריוועלען? קומט פּורים, איז ריוועלע די מיוחסת. איטלעכער האָט זיך זיין צייט. און 'אַז מע האַרט דעם גנב, נעמט מען אים פון דער תּליה... נישט אומזיסט איז איר די גאַנצע שטאָט מקנא:

— גאָלדענע הענט... שיט־אָן גאָלד... ביידע שיטן זיי אָן זעק מיט גאָלד, אז סע קומט פּורים...

ד.

## דער יונגער גאָלדשפּינער: נח שניצלער

ווען גאָט גיט אַ זיסע שטימע צום זינגען, ווען הענט צום שפּילן, ווען פיס צום טאַנצן; — נחן, נפתּלים עלטערן זון, האָט די נאַטור געבענטשט מיט אַ טאַלאַנט צום שניצן.

נאָך אַז נח איז געווען אַ קינד, איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צעקיילטער, אַ צעביילטער פונעם פאָטערס קלעפּ און פון דער מוטערס שמיץ־פּאַלקעס: „אַ יינגעלע זאָל דיר האָבן אַ טבֿע טאָג ווי נאַכט אַרומגיין און שניידן און בראָקן און שניצלען און שניצלען!...“

כדי אַרויסצושלאָגן פונעם קינד דאָס משוגעת פון „שניצלען“ האָט מען אים אָפּגעגעבן אין חדר אַריין און אָנגעזאָגט דעם רבין הונדערט מאָל, ער זאָל אים איבערברעכן די הענט, טאָמער וועט מען אים 'זען האַלטן אַ מעסערל! זאָל ער בעסער זען וואָס מער לערנען! דעם חבֿינס לערנען האָט אָבער נישט געהאָלפן גאָרנישט: נח איז אַרויס פון חדר מיט זייער ווינציק תּורה. דערפאַר האָט ער אָבער אַרויסגעוויזן זעלטענע בריהשאַפט צום שניצן. און געשניצט האָט ער אַלצדינג, וואָס עס איז אים געקומען פאַר די אויגן. עס האָבן זיך געפונען מבֿינים אין כתריעווקע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז ביי דעם בחורל אין די הענט זיצט אַ רוח, נישט אַנדערש: ווען ער זאָל זיין אין אַ גרויסער שטאָט, וואָלט פון אים אַרויס... זיי ווייסן אַליין נישט, 'וואָס פון אים וואָלט אַרויס. דערווייל מעגן אים אָפּדאַרן די הענטלעך, וואָרום ער האָט צעשניצט אַלע בענק מיט אַלע שטענדערס, וואָס אין בית־המדרש, אויסגעשניצט אויף זיי מענטשעלעך מיט פויגעלעך מיט, להבֿדיל, חזירים... פאַר די חזירים האָט נח באַקומען אַ רעכטע פּאָרציע פון טאַטן, פון דער מאַמען, פונעם רבֿ און פונעם שמש און פונעם בעדער — ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצן, דער האָט אים אַריינגעלייגט, וויפל ס'איז אין אים אַריין.

— אַ יונגאַטש קאָן! אין אַ מקום-קודש חזירים!...

דאָס האָט אָבער נישט אָנגעלערנט אונדזער „שניצלער“. דער פונק, וואָס האָט געלעבט ביי אים אינעווייניק בירושה פונעם גרויסן בצלאל, וואָס אין חומש, האָט אים נישט געלאָזט צו-רו, ביז זיין טאַלאַנט האָט זיך אַרויסגעוויזן מיט זיין גאַנצער קראַפט דורך אַ צופאַל, ווי אַלע גרויסע אַנטדעקונגען אין דער וועלט קומען אומגעריכט, דורך אַ זייטיקער סיבה.

דאָס איז געווען עטלעכע טעג פאַר פורים, האָט מען אים געקויפט אַ מתנה, אַ הילצערנעם גראַגער מיט אַ המן-קלאַפער, אויף שלאָגן המנען אין בית-המדרש צו דער מגילה. נח האָט דעם גראַגער מיטן המן-קלאַפער באַטראַכט פון אַלע זייטן, שטילערהייט צענומען אויף שטיקלעך און צונויפגעשטעלט צוריק — אין האָ איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז ער זאָל נאָר האָבן מיט וואָס, וואָלט ער געמאַכט א גראַגער מיט א המן-קלאַפער, וואָס וואָלטן פאַרשטעקן אין גאַרטל אַלע גראַגערס מיט אַלע המן-קלאַפערס פון דער גאַנצער וועלט. נאָר האָבן געפעלט דערצו נאָר צוויי זאַכן: מאַטעריאַל און אינסטרומענטן. דאָס הייסט, האָלץ און אַ מעסערל. וואָס טוט מען? מילא, מיט האָלץ איז קיין דאגה נישט: האָלץ קאָן מען אַוועקלקחנען ביי דער מאַמען פון אונטערן אויוון. ווו נעמט מען אָבער אַן אינסטרומענט? א מעסערל ווי קריגט מען? און נח איז איינגעפאַלן אויף אַ המצאה (אַ ליכטיקער קאָפּ!): ער האָט גענומען דעם גראַגער מיטן המן-קלאַפער און איז אַרויס מיט זיי אויפן מאַרק פאַרקויפן, און פאַרן געלט וועט ער קויפן אַ מעסערל. האָט זיך אָבער געטראָפן אַן אומגליק (מיט אַלע דערפינדער טרעפן זיך אומגליקן): דער ערשטער קונה, וואָס נח האָט זיך צו אים געווענדעט, ער זאָל ביי אים קויפן א מציאה, האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און צוגעפירט גלייך צום פאָטער:

— וואָס איז די מעשה, רב נפתלי, אייער קליינער האַנדלט שוין מיט גראַגערס?

דאָס פאַרשטייט אַ מינדסט קינד, אַז קודם כל האָט דער דערפינדער באַקומען זיין פאַרציע פעטש, וואָס אים קומט, און ערשט נאָכדעם, אַז נפתלי האָט זיך גענומען צום זון אויספאָרשן, אויף וואָס ער האַרף אַזוי נויטיק געלט, און אַז נח האָט אים דורך טרערן זיך מודה געווען, דערציילט דעם אמתן אמת, וואָס אים קוועטשט, האָט אים דעמלט דער פאָטער ערשט מקיים פסוק געווען, אים אָנגערופן מיטן נאָמען „בהמה בצורת פערד“ און האָט אים געקויפט אַ מעסערל און האָט אים אַליין אויסגעקליבן האָלץ, און נח האָט זיך אַוועקגעזעצט אַרבעטן אויף אַלע כלים, עס האָט

געברענט ביי אים אונטער די הענט, אַזוי אַז אין איין טאָג זענען באַשאַפן געוואָרן עטלעכע גראַגערס מיט המן־קלאַפּערס, גאָר אַזעלכע, וואָס די שטאָט איז געגאַנגען קוקן אויף חידושים, און אַלע האָבן אָפּגעגעבן נפתלין מזל־טוב:

— איר האָט שוין, רב נפתלי, מיט אייער זון גאָר נישט וואָס צו זאָרגן, ער איז שוין אַ פאַרזאָרגטער...

פון דעמלט אָן ווייסט שוין די גאַנצע שטאָט פון איין עק ביזן אַנדערן, אַז אַ גראַגער אין גלייבן געלט, אָדער אַ המן־קלאַפּער, אָדער אַ קאַלאַקאָטקע אויף פּורים — האָט קריגט מען ביי נפתלים זון, נח שניצלער, און וויפל נח זאָל נישט אָנגרייטן קיין סחורה, ווערט זי אויספאַרקויפט עד לפק. אַלע יאָר, אַז דער פּורים גייט אַוועק, קאָנט איר הערן פון נחן די אייגענע ווערטער:

— הייַנטיקס יאָר איז געווען אַ יאָר פון גראַגערס.

נישט אומזיסט איז די שטאָט מקנא נפתלין אויף זיינע קינדער:

— אַ הצלחה פון גאָלדשפּינערס! — זאָגט כתרילעווקע מיט אַ זיפץ.

— נישט גענוג, ער פאַרדינט פון איין זייט און זי פון דער אַנדערער זייט, שיט זיך אָן געלט, אַז סע קומט פּורים, דאַרפן זיי נאָך האָבן אַזעלכע גאָלדענע קינדער!...

ה.

## די קליינע גאָלדשפּינערלעך

אויב איר ווילט זען אַ שיינס און ס'זאָל אייך נישט קאָסטן טייער, טאָ פאַרטרייַבט אייך דורך, זייט מוחל, אויף פּורים קיין כתרילעווקע, שטעלט זיך אָפּ אויף וואָס פאַר אַן אכסניה איר ווילט און קוקט דורכן פענצטער אין דרויסן אַרויס, וועט איר עפּעס זען. פון גאַנץ פרי אָן טיאָפּקען איבער דער בלאָטע, לויפן, ווי די פאַרסמטע מייז, פון איין שטוב אין דער אַנדערער; יינגלעך מיט מיידלעך, אונטערגעבונדן מיט פאַטשיילעס, צום מיינסטן באָרוועסע, כאָטש ס'איז נאָך קאַלט אין דרויסן און סע וויעט אַ שנייעלע. אין די הענט האַלטן זיי אָדער גרויסע בעקנס, אָדער טעלער און טעלערלעך, אָדער שאָלן און שעלעכלעך, איבערגעדעקט מיט ווייסע טישטעכלעך. דאָס טראָגן יידישע קינדער שלח־מנות, וואָס די כתרילעווקער ווייבער שיקן איינע דער אַנדערער, בייטן זיך מיט די פּורימדיקע גוטע זאַכן, וואָס די־וועלע די זיסע האָט אָנגעגרייט.

— אימע=לאה האָט מיר געשיקט צוויי פּלעדלעך מיט אַ מלכות=ברויטל, מיט אַ צוקער=לעקעכל און מיט צוויי מאַנדל=בייגעלעך — שיק איך איר אָפּ צוריק איין פּלעדל מיט צוויי מלכות=ברויטלעך, מיט צוויי צוקערלעקעכלעך און מיט איין מאַנדל=בייגעלע. און יענטע — האָט מיר געשיקט אַ קישעלע מיט צוויי קומיש=ברויטלעך, מיט צוויי שטרודלען און מיט אַ מאַנדל — שיק איך אָפּ צוריק צוויי קישעלעך מיט איין קומיש=ברויטל, מיט איין שטרודל און מיט צוויי מאַנדלעך.

אַזוי קאָמבינירן די בתּרילעווקער דאַמעס די שלח=מנותן קונציק און מיט אַ רעכענונג, ס'זאָל אויסקומען אי פיין, אי נישט פאַרשעמט, אי איינס אויף איינס. און מחמת די שטאָט לעבט צווישן זיך פריינדלעך, איז דאָ זייער אַ סך ערטער אויף צו שיקן די שלח=מנותן. דורך אייגענע דינסטן אָדער קינדער איז אוממעגלעך דאָס אויספירן. מען מוז אָנקומען צו פרעמדע. דעמלט ווערט אַ יקרות אויף אָרעמע ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן פיס און ווילן פאַרדינען אויף פּסח.

גליקלעך זענען יענע פאָטער=און=מוטער, וואָס פאַרמאָגן מער ייִנגלעך און וואָס מער מיידלעך. אין בתּרילעווקע זענען פאַראַן אַ סך אַזעלכע גליקלעכע; נאָר גליקלעכער פון אַלע זענען די גאָלדשפינערס, ווייל אַזוי פיל מיידלעך, און אַזוי פיל ייִנגלעך, ווי ביי נפתּלין איז זעלטן צו געפינען אַפילו אין בתּרילעווקע. וויפל נפשות — קאָן איך אייך אַקוראַט נישט זאָגן; פרעמדע קינדער טאָר מען נישט ציילן, לאָזן זיי וואַקסן געזונטערהייט. ווער ווען מאַכן זיי קאַליע? ווינטער ליגן זיי אונטערן אויוון באַקעט, איינס אויף דאָס אַנדערע, אַזוי ווי די ווערים, און זומער לעבן וואַלגערן זיי זיך הרויסן אויפן מיסט, שפילן אין „באַבקעלעך“, אָדער אין „קאַמער=קאַמער=הויז“, אָדער אין „וויפל מייל איז צו אייך ציילט אייך“, אָדער מע „לאָזט אַ רעגן“. דאָס הייסט, מען הויבט אויף אַזאַ שטויב, אַז עס ווערט פינצטער אין גאַס, מע קאָן דערשטיקט ווערן! דעמלט פליען פּעטש מיט קולאַקעס, מיט בעבענצים, מיט קללות, וואָס געפינען זיך נישט אין דער תּוכחה:

— אָ, גיין זאָלט איר אויף קוליעס! שטיין זאָלט איר פראַוועצען! זיצן אין געהאַקטע ווונדן! ליגן אין ווערים!...

דערפאַר אָבער, אַז עס קומט פּורים, פילט חבֿרה קליינוואַרג, אַז זיי האָבן אויך עפּעס אַ ווערט, און אַ גרויסן ווערט, מע צערייסט זיי דעמלט אויף שטיקלעך. אַ בתּרילעווקער מאַדאַם, אַז זי באַשטעלט באַצייטנס

ביי ריוועלען שלח־מנות, באַשמעלט זי שוין מיט אַ קינד, אַ ייִנגל אָדער אַ מיידל, אויף צו טראָגן דעם שלח־מנות. און ריוועלעס קינדער, די ייִנגלעך מיט די מיידלעך, צעלאָזן זיך איבער אַלע גאַסן פון דער שטאָט, מיט איבערגעדעקטע בעקנס, שאָלן און שעלעכלעך: די בעקלעך ביי זיי פלאַטערן, די שטערנס שוויצן און די אויגן ברענען. זיי באַגעגענען זיך אָפטמאָל איינס מיטן אַנדערן אין דער בלאָטע, נאָר זיי האָבן קיין צייט נישט, אָפשטעלן זיך אַפילו אויף אַ מינוט, אָ קוק טאָן איינס דאָס אַנדערע אין שלח־מנות אַריין. נאָר לויפנדיק פאַרביי, וואַרפט מען זיך דורך מיט האַלבע ווערטער, וואָס אַ זייטיקער מענטש וועט זיי אפשר נישט אינגאַנצן פאַרשטיין:

— פעטעלעלע! וווהין?

— צו לאהצי די גראָבע, און דו, קרומע פיסל?

— צו אַלטעריבע מיט די לאָקשן... עפעס געמאַכט?

— נאָך אַ מין! און דו?

— איך האָב שוין אַ קערבל מיט צוויי פערציקער מיט אַ גילדן מיט צוועלף גראָשן, און דו וויפל?

— קיין צייט געהאַט איבערצוציילן, נאָר כ'האָב מורא, אַז מער ווי דו.

— וויש אָפּ די נאָז!

— ברעך דעם קאָפּ!

און מע צעגייט זיך, דער אַהער, דער אַהין.

די כתרילעווקער בעלי־בתים זיצן שוין לאַנג ביי דער פורימדיקער סעודה זינגען „שושנת יעקב". קלייבן פאַרגעניגן פון נפתלי מיט די פיס און פון זיינע פורים־שפילער, און נפתלים. קינדער לויפן נאָך אַלץ אַרום פון שטוב צו שטוב מיט די שלח־מנותן און נעמען צענויף ביי דער שטאָט די גראָשנס. און די שטאָט טרייבט מיט זיי קאַטאָוועס:

— ייִנגעלע, קום נאָך אַהער. וועמענס ביסטו דו? נישט נפתלים

— נפתלים.

— האָסטו כאָטש אָנגעשלאָגן היינטיקן טאָג אַ הונדערטער, צי עפעס ווינציקער?

— כי־כי.

— זאָג, שעם זיך נישט.

— כי־כי.

— אָט אַזוי, ווי איר קוקט דאָס אָן מיטן געלעכטערל „בי־בי“ וועט דאָס ברענגען אַהיים א פולע קעשענע מיט גאָלד!...
א שטוב פון גאָלדשפינערס!

## די גאָלדשפינערס ביי דער סעודה

כתרילעווקע איז שוין לאַנג אויפגעשטאַנען פון דער פורימדיקער סעודה. א סך טראַכטן מכוח לייגן זיך שלאָפן, און נאָך מער שלאָפן שוין און כראַפען גאַנץ געשמאַק נאָכן ביסל משקה, וואָס מען האָט גענומען צוליב דער שמחה וואָס מען האָט געפטרט אַ שונא המנען. נאָר זיין משפחה האָט זיך ערשט אַוועקגעזעצט צום טיש אָפריכטן די סעודה, אויפגעשניטן דעם גרויסן געפלאָכטענעם קוילעטש און זיך גענומען צו דער אַרבעט לעבעדיק, פרייליך.

דאָס זענען די גאָלדשפינערס.

אַלע זענען זיי אויסגעהונגערט, מיד, פילן נישט די פיס אונטער זיך, און אַלע האָבן צו דערציילן פונעם טאָג מעשיות. גאַנצע פעק מיט מעשיות! נפתלי — פון זיינע פורים־שפילער, ווי גוט זיי האָבן היינט געשפילט. אויסגעצייכנט גוט! נאָר איין ושתי האָט א ביסל אונטערגעהונקען אויף דער עברי.

— ס'זאָל אויף אים קומען א כאָלערע ביז חול־המועד פסח! וויפל מע לערנט אים, אָט דעם ושתין, ער זאָל זאָגן: ווידערשפעניגט אין דער תורה“ — קומט ביי אים אויס אויף זיין פאַנפע: „פינף הונדערט אין דער גזירהה“. וואָסער גזירהה, אַ רוח אין דיין שוויגערס טאַטן אַריין? נאָר גיי רעד מיט א פאָנפעוואַטע נאָני!

דאָס דערציילט נפתלי, און ריוועלע האָט צו דערציילן נאָך שענערע זאַכן, פון אירע קונהטעס, וואָס דינגען זיך ביזן ביין. איינע אַ דאַמע האָט זיך מיישב געווען און האָט נאָר געוואָלט אַוועקגנבענען אַ פלעדל.

מאָל דיר, נישט ביי מיר גנבעט מען. וויפל פלעדלעך, זאָג איך, מאַדאַם, האָט איר אָפגעלייגט? זאָגט זי: „פיר“. זאָג איך: „נו און דאָס פינפטע וואָס איז? ווערט זי רויט און מאַכט צו מיר: „ס'איז דען אויך אַ פלעדל? זאָג איך: „וואָס דען איז דאָס אַ וואַנטזייגער?“ זאָגט זי: „איך האָב געמיינט, אַז ס'איז אַ האָניקטייגל“. זאָג איך: „נו, און אַ האָניקטייגל איז אַ הונט?“...

אַזוי דערציילט ריוועלע. און די מעשיות וואָס נח האָט צו דערציילן, דרייען זיך, געווײַנלעך, אַרום אַ גראַגער.

— הײַנטיקס יאָר איז געווען אַ יאָר פֿון גראַגערס. אַלע האָבן זיך געטאַפּט צו גראַגערס. נאָר גראַגערס און גראַגערס, איך בין נאָך געכטן ביי טאָג געבליבן אָן איין גראַגער. קומט־צו אַלע מאָל צו מיר אַן אַנדער ייִד, איך זאָל אים געבן אַ גראַגער. זאָג איך: „איך האָב נישט קיין גראַגערס“. זאָגט ער: „ס'איז נישט קיין תּירוץ, די מוזט מיר געבן צוויי גראַגערס!“ זאָג איך: „ווי זאָל איך אײַך נעמען גראַגערס?“ זאָגט ער: „ווי זענען דײַנע גראַגערס!“

— וועסט אַמאָל אויפהערן צו גראַגערן, צי ניין?

אַזוי זאָגט צו אים דער טאַטע, און נח לאָזט אַראָפּ די אויגן, בויגט זיך אָן און שנײַצט אויס די נאָז און טערן טיש. דאָס געפעלט דווקא דער חברה קליינוואַרג. איצט איז געקומען אויך זייער צייט צו דערציילן גליקן פֿון זייער שלח־מנות טראָגן: פֿאַראַן אַזויפֿיל צו דערציילן און צו דערציילן, אַז ס'וועט כאַפּן ביז פּסח. דערווײַל איז ערשט פּורים, און מען איז אויסגעמידעט פֿונעם טאָג, און מע דאַרף גיין שלאָפֿן.

און יונגוואַרג לעגייען זיך אויף זייערע ערטער הינטערן אויוון, פֿאַלן, ווי די סנאָפּעס, און ווערן אַנטשלאָפֿן מיטן זיסן שלאָף פֿון גליקלעכע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ גוטן, אַ געראָטענעם יאָרייד...

## די גאָלדשפּינערס ציילן דאָס גאָלד

עס איז שוין העט־ווייט אין דער נאַכט. כתּרילעווקע האַלט שוין לאַנג אין רעכטן שלאָף נאָך דער גרויסער פּורים־דייקער סעודה מיט די שלח־מנותן. נאָר צוויי פֿאַרשווינען אין דער גאַנצער שטאָט זענען נאָך וואַכעדיק און טראַכטן אַפֿילו נישט וועגן גיין שלאָפֿן. דאָס זענען די גאָלדשפּינערס, נפֿתּלי מיט די פּיס און זיין ווייב ריוועלע די זיסע. שטיל האָבן זיי צוגעשלאָסן די טיר. פֿאַרהאָנגען די פֿענצטער און האָבן זיך גענומען צו דער קאַסע. זיי ווילן צונויפֿרעכענען דאָס ביסל מזומנים, וואָס די גרויסע גאָלדשפּינערס מיט די קליינע גאָלשפּינערלעך האָבן אַרײַנגעבראַכט אין דעם האַזיקן גליקלעכן טאָג, און קאָנען נישט. זיי ציילן און ציילן און קאָנען נישט איבערציילן: אָדער ער האָט אַ טעות אין חשבון, אָדער זי האָט אַ טעות; זיי ברענגען, איינס דאָס אַנדערע.

— קיין צוויי מיט צוויי זאָל אַ ייִדענע נישט קאָנען איבערציילן!
אַזוי זאָגט דער מאַן, און דאָס ווייב ענטפערט אים:
— נו, פאַרוואָס זשע ציילסטו דו נישט, אַז דו קאָנסט, בעל־חשבון מיינער?
— צייל דו, דו קאָנסט בעסער!
— גיין, צייל דו, דו קאָנסט בעסער!
איר זאָלט גאָר קיין מורא נישט האָבן, מאַמער חלילה צעקריגן זיך מאַן און ווייב. איצט איז נישט קיין צייט פון קריגן זיך. איצט דאַרף מען מאַכן אַ רעכענונג, וואָס מע קאָן און וואָס מע דאַרף און וואָס מע מוז קויפן: שוכוואַרג פאַר זיך און קאַפּאָטלעך מיט קליידעלעך פאַר די קינ־דער — דאָס איז נאָמער איינס. הייגט מצה אויף פּסח? הייגט שמאַלץ! אַ דייזשקעלע באָרשטש? אַ זעקל קאַרטאָפּליעס?... און מערקווירדיק! וויפל זיי זאָלן נישט רעכענען, וויפל זיי זאָלן וועלן זיין אויסברענגערס, פּרעסערס, געלט־בהענגערס, שאַרלאַטאַנעס פון דער וועלט, קומט אויס, אַז ס'וועט נאָך אַלץ זיין גענוג. סיי אויף שוכוואַרג פאַר זיי, סיי אויף קאַפּאָטקעלעך מיט קליידעלעך פאַר די קינדער, סיי אויף מצות, מיט שמאַלץ, מיט אַ דייזשקעלע באָרשטש, מיט אַ זעקל קאַרטאָפּליעס אויף פּסח...
און ביי זיי ביידן צעפלאַקערן זיך די פּנימער און צעברענען זיך די אויגן, די בעקלעך ווערן רויט און די הערצער וואַקסן, און ביידע פילן זיי, אַז די וועלט, וואָס גאָט האָט באַשאַפן, איז, כ'לעבן, גאָר נישט אַזאַ שלעכ־טע וועלט, און די מענטשן זענען, כ'לעבן, גאָר נישט אַזעלכע שלעכטע מענטשן, נישט מער, וואָס יעדן זענען מקנא אויף פּרנסה, פאַרגינען נישט, מאַמער האָט איינער אַ גוטן־טאָג, איין טאָג אַ גוטן!
— פאַרברענט זאָל ווערן אָט דאָס כתרילעווקע! אַ שטאָט פון נישט־פאַרגינערס!
אַזוי זאָגט נפתלי, און ריוועלע בעטט זיך אַז דער שטאָט קרייוודע:
— אָרעמעלייט, מ'שטייגט געזאָגט...
— אָרעמעלייט, זאָגט זי? אַלץ הייסט ביי איר אָרעמעלייט, כע־כע! כתרילעווקעס! דליתים! שלעפּערס! בעטלערס! קבצנים! דלפנים! עניים אביונים!
— נישט דאָ געדאַכט! — זאָגט ריוועלע מיט שרעק. זי האָט פּשוט מוחא פאַר אַ גוט אויג.
און פון דרויסן לאָזט זיך הערן, מע ווייסט נישט פון וואַנען, אַ ווייט

קרייען פון אַ באַקאַנטן האָן, אַן אַלטן חזן מיט אַן אויסגעזונגענער כלי. אָנהויבן הויבט ער אָן הויקא נישקשהדיק, מיטן ברען און מיטן קוויטש, און אויסלאָזן לאָזט ער אוים מחילה שוואכלער, אויף דער גידעריקסטער אָקטאַווע, און עפּעס ווי מיט אַ ווידעראַנאַנד:

— קו — קאַ! — רי! קאַי! — או?

עס קומט אויס גלייך, ווי ער וואָלט זיך אַליין פרעגן אַ קשיה:

— אַלטער נאַר! וואָס שרייסטו דו?

אין דרויסן איז בלוילעך. עס שאַריעט אויף טאָג.

# די יורשים

א.

„די מאירס מיט די שניאורס"... אייגנטלעך, זענען דאָס געווען נאָר א י י ן מאיר און נאָר א י י ן שניאור, און געווען זענען זיי אַ צווילינג, און אַזוי שטאַרק ענלעך איינס מיט דאָס אַנדערע, אַז עס זענען געווען צייטן, וואָס ס'איז כמעט אוממגלעך געווען צו טרעפן, ווער פון די צוויי איז דאָ מאיר און ווער איז דאָ שניאור.

קינדהייט, דערציילט מען, האָט זיך געטראָפן מיט זיי אַ מעשה, מע האָט זיי שיער נישט פאַרביטן, און אפשר קאָן זיין, אַז מע האָט זיי טאַקע פאַרביטן, ומעשה שהיה כך היה.

זייער מוטער איז געווען, דאַרפט איר וויסן, אַ יידענע אַ קליינטשיקע, נעבעך נישט קיין געזונטע, נאָר זייער אַ קינדלדיקע. דאָס הייסט, זי האָט אויף איר לעבן שטאַרק געקינדלט; אַלע יאָר, אַלע יאָר האָט זי געהאַט אַ קינד. דאָס קינד האָט אָבער נישט מער געמוטשעט זיך ווי אַ יאָר און איז, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַוועקגעקומען, אַזוי לאַנג, ביז זי האָט אויפגעהערט צו קינדלען און האָט געמיינט, ס'איז אַן עק. צום סוף — דעם אויבערשטנס נסים! — האָט זי גאָט באַגליקט, אויף דער עלטער שוין, און דווקא מיט אַ פּאָרל! איז איר אָבער שווער געווען אַליין אויסזויגן ביידע קינדער, האָט זי נעבעך געמוזט דינגען אַ צוזויגערין. אַ בריחה האָט זי געהאַט? אַ כתרילעווקער ייד, ער מעג זיין ווי אָרעם, וועט ער אויף דער גאַס קיין קינד נישט אַרויסוואַרפן און אויף פרעמדע הענט האָס נישט אַוועקגעבן, סיידן חלילה אַ יתום...

באַשטעלט אַ צוזויגערין, האָט די מוטער גענומען זיך מאירן (מאיר איז געווען עלטער פון שניאורן אויף אַ גוטע האַלבע שעה), און שניאורן האָט זי אַוועקגעגעבן דער אַם. נאָר אַזוי ווי די אַם איז אויך געווען, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַ יידענע נישט קיין געזונטע, האָבן ביידע, אי מאיר

אי שניאור, געהאַט מכות נישט קיין מילך, און זיי זענען ביידע נעבעך אויסגעגאַנגען פון הונגער, געשריגן גאַנצע נעכט, זיך געריסן אויף די גלייכע ווענט.

ויהי היום, האָט מען גענומען איינמאָל די קינדער באָדן, געוויגנטלעך, אין איין מולטער. אויסגעטאָן זיי די העמדלעך און אַריינגעלייגט זיי ביידן אין הייס וואַסער אַריין, זענען ביידע ברעקלעך געוואָרן רויט און אָנגעבלאָזן, ווי פּאַצירלעך; עס ווייזט אויס, אַז זיי האָבן פון דעם באָד משונה הנאה געהאַט — אַ ייד האָט ליב אַ באָד... ביידע זויגעריגס זענען געשטאַנען איבער דער מולטער און האָבן אונטערגעגאָסן אַלע מאָל פריש וואַסער, און די קינדער האָבן אָנגעקוואָלן, געמאַכט מיט די הענטלעך און מיט די פיסלעך, ווי אַ זשוקל, האָט איר געזען אַמאָל, אַז מע קערט אים איבער מיטן בייכל אַרויף. אָפּגעבאָדן, האָט מען דאָס פּאָרל אַרויסגענומען, איינגעהילט אין אַ ליילעך (איין ליילעך) און אַריינגעלייגט אין בעט אַריין (אין איין בעט אַריין), זיי זאָלן זיך אַ ביסל אָפּטריקענען. און אַז ס'איז געקומען צום אָנטאָן זיי צוריק די העמדלעך, האָט מען נישט געקאָנט שוין דערקענען, ווער פון די צוויי איז מאיר און ווער איז שניאור? און ס'איז אַוועק אַ שפּאַרעניש צווישן דער מאַמען און דער זויגערין:

— זע נאָר, כ'וואָלט געמעגט שווערן, אַז דאָס איז גאָר מאיר און יענץ איז שניאור!

— ווייס איך וואָס איר רעדט! דאָס איז שניאור און יענץ איז מאיר! איר זעט דען נישט?

— וואָס ס'האָט זיך מיר געחלומט יענע נאַכט און היינטיקע נאַכט און אַ גאַנץ יאָר! ביסט משוגע, צי חסר=דעה?

— אַך, רבונו=של=עולם! איר זעט נישט נאָך די אויגן, אַז דאָס איז שניאור און יענץ איז מאיר? זעט נאָר צוויי אויגן!

— ס'אַ גוטער משל! פאַרשטייט זיך, צוויי אויגן, נישט קיין דריי.

בקיצור, איינע שרייט אויף מאירן, אַז ס'איז שניאור, און אויף שניאורן, אַז מאיר, און די אַנדערע — אַז שניאור איז מאיר און מאיר איז שניאור. זענען די מאַנסבילן געפאַלן אויף אַן עצה. פאָרט מאַנסבילן!

— ווייסט איר וואָס? אָט פרוווט זיי געבן זויגן, וועלן מיר זען: דער וואָס וועט אָננעמען ביי דער מוטער איז אַ סימן, אַז ס'איז מאיר, און דער וואָס וועט אָננעמען ביי דער אַם, איז אַ סימן, אַז ס'איז שניאור, אַ פּראָסטער שכל!

כּך הווה. ביידע ברעקלעך, מע האָט זיי נאָר צוגעטוליעט צו דער ברוסט, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט ווי נאָך אַ תּענית, געצויגן ווי פּיאַווקעס, געשמאַטשקעט מיט די ליפּן, בשעת מעשה געדריגעט מיט די פיסלעך און אונטערגעוואָרטשעט, ווי הונגעריקע הינטלעך.

— גאָטס נסים! זעט, ווי דער אויבערשטער האָט באַשאַפֿן די וועלט!...

אַזוי האָבן געזאָגט די מאַנסבילן מיט טרערן אין די אויגן און זענען אַ בעלן געווען אויף טשיקאַוועס פֿרוון איבערבייטן די ברוסט, זען וואָס דאָ וועט זיין? און מע האָט די קינדערלעך נעבעך אָפּגעריסן פֿון דער ברוסט, און מע האָט זיי איבערגעלייגט: שניאורן אויף מאירס אָרט און מאירן אויף שניאורס אָרט — וואָס, מיינט איר, איז געווען? איר מיינט אַוודאי, אַז זיי האָבן נישט געזויגן? נאָך אַ מין זויגן!...

פֿון דעמלט אָן האָט מען זיך שוין מיאש געווען פֿון זיי און מע האָט שוין אויפֿגעהערט צו אונטערשיידן: ווער איז מאיר און ווער איז שניאור. לאָז זיין מאיר-שניאור און שניאור-מאיר. און מע האָט זיי אַ נאָמען געגעבן: „די מאירס מיט די שניאורס“. גלייך ווי עס וואָלטן געווען צוויי מאירס און צוויי שניאורס, דאָס הייסט, יעדער פֿון די צוויי איז געווען פֿאַר זיך אַ מאיר מיט אַ שניאור ... נישט איין מאָל האָט זיך געמאַכט, אַז מע האָט אין חדר אָפּגעשמיסן מאירן, ווען מע האָט באַדאַרפֿט שמייסן שניאורן, אָדער פֿאַרקערט, מע האָט אַריינגעצימבלט שניאורן, דעמלט ווען די שמיץ איז געקומען מאירן. און בכדי עס זאָל נישט זיין נאָכדעם קיין פֿאַרדראָס, פֿלעגט דער רבי פֿאַלן אויף אַן עצה (ווי תּורה, דאָרט איז חכמה!):

— ווייסט איר וואָס, קינדערלעך? לייגט זיך אָקאָרשט אַוועק ביידע, וועט נישט זיין קיין קנאה, מיך געשמיסן, דיך געשמיסן, אַ שיינע ריינע כּפּרה, צווישן דער משפּחה וועט דאָס בלייבן...

ערשט העט-שפּעטער, נאָך דער בר-מצווה, אַז די מאירס מיט די שניאורס האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט אויף די פֿיס, איז מיט אַמאָל געוואָרן צווישן זיי אַ חילוק, אַז מע האָט זיי שוין געקאָנט דערקענען ביינאַכט פֿאַר אַ מייל. גאָטס וווּנדער! עס האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן ביי זיי אַ בערדל (זיי האָבן, אַ פּנים, ביידע צו פֿרי אָנגעהויבן רויכערן ציגאַרן?) און ביי מאירן האָט זיך באַוויזן אויף די בעקלעך און אויף דער אויבערשטער ליפּ שוואַרצע הערלעך (אָבער שוואַרץ ווי טינט!), און ביי שניאורן רויטע הערלעך (אָבער רויטע אַזוי ווי פֿייער!). די דאָזיקע בערד זענען געוואָקסן

ביי זיי ווי מיט רוחות (זיי האָבן, אַפֿנים, ביידע צו שטאַרק גערויכערט ציגאַרן), אַזוי, אַז צו דער חופּה האָבן זיי געטראָגן צוויי בערד, וואָס זאָג איך בערד? — בעזעמער! איינער א שוואַרצן בעזעם, און דער אַנדערער אַ רויטן בעזעם, און אויסגעזען האָט עס, ווי עמעצער האָט זיי די בעזעמער אָנגעהאָנגען.

גרויס זענען די ווערק פֿון גאָט און זיינע וווּנדער האָבן נישט קיין ברעג! וואָרום ווער ווייסט וואָס דאָ וואָלט געקאָנט אַרויס, ווען, למשל, נאָך דער חתונה פֿאַרבייטן זיי זיך חלילה מיט די ווייבער — מיין איך פֿאַרקערט: די ווייבער פֿאַרבייטן זיך מיט די מאַנען. איך ווייס נישט, ווי אַזוי ביי אייך, אין די גרויסע שטעט; ביי אונדז אין כתרילעווקע האָט זיך לעת־עתּה אַזאַ מעשה נאָך נישט געטראָפֿן, מע זאָל זיך פֿאַרבייטן מיט די יוצרות. ממה נפֿשך: בין איך דיין ווייב, ביסטו מיין מאַן, און ביסטו מיין מאַן, בין איך דיין ווייב; אלא וואָס דען? ביסט יענערס מאַן בין איך יענעמס ווייב; בין איך יענעמס ווייב, ביסטו יענערס מאַן. אַ קשיא, טאָמער איז געמאָלט, אַז מיין מאַן זאָל זיך מיישב זיין און זאָגן, אַז עס מאַכט אים נישט אויס יענעמס ווייב אויך — וואָס הייסט? נו, און ווו בין איך? איך וועל אים שווייגן??!!

הקיצור, נישט דאָס איז דער עיקר, וואָס איך האָב אייך געוואָלט דערציילן. די ריכטיקע מעשה הייבט זיך ערשט אָן.

ב.

ביז אַהער האָבן מיר זיך באַשעפֿטיקט נאָר מיט די מאירים און שניאורים, דאָס הייסט, מיט מאירן און מיט שניאורן, און אַ ביסל באַקענט זיך מיט זייער פֿאָטער, גלייך ווי זיי וואָלטן חלילה קיינמאָל נישט געהאַט קיין טאַטן... לאָז גאָט היטן! אַזאַ זאַך קאָן זיך טרעפֿן נאָר ביי זיי, נישט ביי אונדז. ביי אונדז איז נישטאָ, ברוך־השם, קיין פּיגדל־הויז, ווו קינדער זאָלן וואַקסן אָן אַ טאַטע־מאַמע; ביי אונדז האָט זיך נאָך נישט געטראָפֿן, אַז אַ קינד זאָל אויפֿוואַקסן און נישט וויסן, ווער איז זיין ריכטיקער טאַטע; און אויב ס׳זאָל אַמאָל דורכפֿאַלן ביי אונדז אַזאַ מעשה, האָט זיך עס געוויס געטראָפֿן ערגעץ אין אָדעס, אין פּאַריז, אָדער אין דעם ווייטן אַמעריקע... פֿאַר כתרילעווקע בין איך אייך ערב, אַז דאָרט האָט זיך אַזאַ מעשה נישט געטראָפֿן קיינמאָל. און אויב ס׳האָט זיך געטראָפֿן, האָט זיך עס געטראָפֿן ערגעץ ווייס איך מיט ווועמען, מיט אַ דינסטמיידל,

אָדער אַזוי מיט אַ יידישער טאָכטער געבעד, וואָס איז פאַרפירט געוואָרן דורך אַ צופאַל, געפאַלן אַ קרבן פאַר פרעמדע זינד...

הקיצור, די מאירס מיט די שניאורס האָבן געהאַט אַ טאַטן, און נאָך אַ שיינעם טאַטן דערצו, און געהייסן האָט ער רב שמשון. אַ ייד אַן ערלעכער, און געהאַט האָט דער רב שמשון אַ באָרד, אַ גרויסע, אַ רייכע, אַ שיינע באָרד, אַ „זקנה"! מע קאָן זאָגן, אַז ביי רב שמשונען איז געווען מער באָרד ווי פּנים, איבער דער דאָזיקער באָרד האָט מען כמעט נישט אַרויסגעזען דאָס פּנים, און דערפאַר האָט ער אין כתּרילעווקע נישט געהאַט קיין אַנדער נאָמען, ווי רב שמשון באָרד.

און געווען איז דער רב שמשון באָרד... לאָמיר אַזוי וויסן בייז, וואָס ער איז געווען. ער איז געווען אַ ייד, וואָס האָט כּל ימיו געמוטשעט זיך, געפּלאָגט זיך איבערן שטיקל ברויט, מלחמה געהאַלטן מיטן דלות; אַ מאָל האָט ער בייגעקומען דעם דלות, אַ מאָל — דער דלות אים, ווי דער שטייגער איז פון די כתּרילעווקער יידן, וואָס האָבן קיין מורא נישט פאַרן דלות, שמועלן אים אויס דריי פייגן...

און געלעבט האָט דער רב שמשון באָרד אַזוי לאַנג, ביז ער איז געשטאָרבן. און אַז ער איז געשטאָרבן, האָט מען אים באַהאַלטן מיט גרויס כבוד, כמעט די גאַנצע שטאָט איז נאָכגעגאַנגען נאָך דער לוויה.

— ווער איז געשטאָרבן?

— רב שמשון.

— וואָסער רב שמשון?

— רב שמשון באָרד.

— או־וואַ! איז שוין, הייסט עס, רב שמשון באָרד אויך אַוועקגעקומען? ברוך דיין אמת!

אַזוי האָט מען געשמועסט אין כתּרילעווקע און באַדויערט נישט אַזוי רב שמשונען אַליין, ווי דאָס, וואָס אין שטאָט ווערט ווינציקער אַלע מאָל מיט אַ ייד. משונה־מאָדנע ברואים אָט די כתּרילעווקער יידן: לאָ־די זיי זענען אַזעלכע אָרעמעלייט, וואָס זענען קיינמאָל נישט זאַט, וואָלטן זיי נאָך אַ בעלן געווען, אַז קיינער זאָל ביי זיי נישט שטאַרבן זייער אייניציקע פרייסט איז, וואָס שטאַרבן שטאַרבט מען אומעטום. אפילו אין פּאַריז, און וואָס אויסקויפן זיך פונעם טויט קויפט זיך נישט אויס קיינער, און אפילו ראָטשילד אַליין, וואָס איז כמעט גרעסער פונעם מלכות, פונדעסטוועגן, אַז עס קומט די צייט פון שטאַרבן, בעט מען אים מחילה, ער זאָל זיך מטריח זיין אַהינצו — און ער מוז גיין!

אַצינד קערן מיר זיך אום צוריק צו די מאירים מיט די שניאורים. כל זמן רב שמשון באָרד האָט געלעבט, זענען די מאירים מיט די שניאורים געווען, קאָן מען זאָגן, נפש אחת, געלעבט איין זעל, איין נשמה און אַז רב שמשון באָרד איז געשטאָרבן ,זענען זיי געוואָרן פייער מיט וואַסער, גרייט געווען אַלע מינוט אַרויספאַלן איינס אויף דאָס אַנדערע און אויסרייסן זיך די בערד. איר ווילט וויסן, איבער וואָס? אַדרבה, זאָגט איר, איבער וואָס קריגן זיך קינדער נאָכן טאַטנס טויט? פאַרשטייט זיך, איבער ירושה.

אמת, רב שמשון האָט נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין פעלדער, קיין וועלדער, נחלאות, הייזער, רענטעס און מזומן געלט אַוודאי נישט. און קיין צירונג, זילבער און כלי־בית האָט ער אויך נישט איבערגעלאָזט פאַר די קינדערס וועגן, נישט מחמת שלעכטיקייט אָדער קאַרגשאַפט, נאָר פשוט, ווייל ער האָט נישט געהאַט. דאָך זאָלט איר נישט מיינען, אַז רב שמשון האָט חלילה נישט איבערגעלאָזט זיינע קינדער גאָרנישט, רב שמשון האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ מאַיאָנטעק, אַ מין שוה־כסף, וואָס מע קאָן צו יעדער צייט מאַכן פון דעם געלט, מע קאָן דאָס פאַרזעצן אין משכון, פאַרדינגען אָדער פאַרקויפן. דאָס איז געווען אַן אייגענע שטאָט אינעם כתריליעווקער בית־המדרש, אויבנאָן אין מזרח, סאַמע די צווייטע שטאָט פון רב יוזיפל דעם רב, די אַנדערע, הייסט דאָס, פונעם ארון־קודש. אמת, די כתריליעווקער חכמים זאָגן אַפילו אַ גלייכווערטל, אַז ס׳איז גלייכער אַן אייגן דאָרף אין דרויסן איידער אַן אייגענע שטאָט אין שול; דאָס איז אָבער נישט מער ווי אַ גלייכווערטל, און אז גאָט העלפט, מע האָט זיך טאַקע אַן אייגענע שטאָט, און נאָך אין מזרח־וואַנט דערצו, איז טאַקע נישט שלעכט. און בעסער פון גאָרנישט איז דאָס אוודאי!

בקיצור, רב שמשון באָרד האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ שטיקל נחלה, אַן אייגענע שטאָט אין אַלטן כתריליעווקער בית־המדרש. נאָר ער האָט פאַרגעסן אַ קלייניקייט — אָנזאָגן, וועמען ער לאָזט איבער בירושה די דאָזיקע שטאָט: מאירן, צי שניאורן?

אפנים, רב שמשון, זאָל ער מיר מוחל זיין, האָט זיך גאָרנישט געריכט צו שטאַרבן. ער האָט פאַרגעסן, אַז דער מלאך־המות שטייט תמיד הינטער די פלייצעס און היט אונדז די טריט, אַנישט, וואָלט ער זיכער געשריבן אַ צוואה, אָדער אַזוי אָנגעזאָגט פאַר עדות, וועמען פון די צוויי זין לאָזט ער איבער זיין מאַיאָנטעק.

וואָס זאָלט איר קלערן? אוודאי איז דעם ערשטן שבת, וואָס נאָך שלושים שוין אַרויסגעשפּרונגען אַ מחלוקה צווישן די צוויי ברידער. מאיר, פאַרשטייט איר מיך, האָט געטענהט, אַז על־פּי דין קומט דעם מאַטנס שטאָט אים. וואָרום ער איז דאָך דער עלטערער (אויף אַ גוטע האַלבע שעה!). און שניאור האָט געטענהט צוויי טענות מיט אַמאָל: ערשטנס, ווייסט מען נישט, ווער איז פון זיי דער עלטערער, וואָרום ווען די מאַמע דערציילט, אַז מע האָט זיי קינדווייז פאַרביטן, קאָן דאָך געמאָלט זיין, אַז ער, שניאור הייסט דאָס, איז מאיר, און מאיר איז שניאור. והשנית האָט מאיר אַ שווער אַ נגיד, וואָס האָט אויך אַן אייגענע שטאָט אין בית־המדרש אין מזרח־וואַנט, און קיין זון האָט ער נישט, וועט דאָך די שטאָט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אם ירצה השם, איבערגיין צו מאירן. וועט אויסקומען, אַז מאיר וועט האָבן צוויי שטעט אין מזרח־וואַנט, און שניאור — אַפילו אַ האַלבע נישט! פרעגט זיך אַ קשיה: וווּ איז יושר? ווו איז מענטשלעכקייט?

דערהערט אַזאַ טענה, האָט זיך אַריינגעמישט מאירס שווער, אַ ייִד אַ נגיד, אַן אויפגעקומענער, און איז אַרויס מיט אַ פייער: „אַ ביסל אַן עזות! איך בין נאָך נישט אַלט קיין פערציק יאָר אַפילו און האָב נאָך, ערשטנס, בדעה צו לעבן און לעבן, — צום סוף טיילן זיי זיך מיט מיין ירושה! והשנית, פון וואַנען ווייס מען, אַז איך וועל שוין קיינמאָל נישט האָבן קיין ייִנגל? אמת, איך וועל טאַקע נישט האָבן, אָבער מיין ווייב קאָן נאָך האָבן אַ ייִנגל, און נישט איין ייִנגל, נאָר עטלעכע ייִנגלעך! אַ ביסל אַן עזות פון אַ שייגעץ!“

האָבן זיך מענטשן אַריינגעלייגט אין אַ שלום, געוואָלט מאַכן אַ שטיקל פשרה, „יאַק נע פסק טאָ פסאַקעץ“, מע זאָל אָפּשאַצן די שטאָט, וויפל זי איז ווערט, און איין ברודער דעם אַנדערן זאָל אויסצאָלן. דאַכט זיך, אַ גלייכע פשרה? איאָ? איז דער חסרון, וואָס ביידע ברודער האָבן נישט געוואָלט הערן פון אויסצאָלן. ס'איז זיי נישט געגאַנגען אין געלט — געלט איז בלאָטע; ס'איז געגאַנגען אינעם עקשנות, אינעם צו־להכעיס: פאַר וואָס זאָל אַ ברודער זיין אַזאַ אייגנשפּאַרטע זאַך און נישט צולאָזן דעם צווייטן ברודער? און פאַר וואָס זאָלסטו זיצן אויפן טאַטנס אָרט און איך נישט? עס איז זיי שוין נישט געגאַנגען אַזוי אין זיך, ווי אין יענעם, איינער האָט נישט געוואָלט פאַרגונען דעם אַנדערן, ווי זאָגט מען דאָס: גם לי גם לך — נישט מיר, נישט דיר... און די מאירס מיט די שניאורס האָבן

גענומען קריגן זיך און טאָן איינער דעם אַנדערן אויף צו=להכעס. אַ קלייניקייט — נצחון?

דעם ערשטן שבת איז מאיר געקומען אַ ביסל פריער און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם טאַטנס שטאָט. און שניאור איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אויף די פיס. דעם צווייטן שבת איז שניאור געקומען פריער און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דעם טאַטנס אָרט, און מאיר איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אויף די פיס. דעם דריטן שבת האָט זיך מיישב געווען מאיר און האָט זיך געפעדערט גאַנץ פרי, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער שטאָט, איבערגעדעקט זיך מיטן טלית איבערן קאָפּ — און טו מיר עפּעס! האָט זיך מיישב געווען שניאור דעם פערטן שבת און פעדערט זיך נאָך פריער און זעצט זיך אַוועק אויף דער שטאָט און דעקט זיך איבער מיטן טלית איבערן קאָפּ — און רוף מיך קנאַקניסל! האָט זיך מיישב געווען מאיר דעם פינפטן שבת און פעדערט זיך נאָך פריער... אַזוי לאַנג האָבן זיך די מאירס מיט די שניאורס געפעדערט, ביז זיי זענען איינמאָל אין אַ שיינעם שבת=הגדול געקומען צו גיין ביידע אין איין צייט, ס'איז נאָך נישט געווען רעכט ליכטיק אין דרויסן, און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביידע ביי דער טיר פונעם בית=המדרש (דאָס בית=המדרש איז נאָך געווען צו), און מע האָט זיך גענומען קוקן אָן ווערטער, נאָר מלא גזלן איינס אויף דאָס אַנדערע, ווי די העגער, וואָס זענען גרייט אָט=אָט אַריינשפּרינגען איינס דאָס אַנדערע אין פּנים אַריין און אויספּיקן זיך די אויגן... אַזוי, דאַרפן מיר רעכענען, זענען געשטאַנען די ערשטע צוויי ברידער, די ערשטע צוויי שונאים אויף דער וועלט, קין און הבל, איינע אַליין אין פעלד. אונטער גאָטס הימל, מלא רציחה, גרייט אויף צו דורם זיין, אויפרייסן איינס דאָס אַנדערע, פאַרגיסן אומשולדיק בלוט...

ג.

האָבן מיר, הייסט דאָס, איבערגעלאָזט די מאירס מיט די שניאורס ביי דער שול שבת אינדערפרי שטיין איינס אַקעגן דאָס אַנדערע אָנגעדרולט, ווי די העגער, און גרייט אָדער אָנכאַפּן זיך ביי די בערד, אָדער אַריינפאָרן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין. מע דאַרף אָבער נישט פאַרגעסן, אַז די מאירס מיט די שניאורס זענען געווען טאַטנס קינדער, אָנשטענדיקע יונגעלייט, חלילה נישט קיין הפקר=יונגלעד, וואָס זאָלן אָנפאַלן איינס אויף דאָס אַנדערע, אַזוי ווי די גוים, למבדיל. זיי האָבן אָפּגעוואַרט

ביז עס וועט קומען עזריאל דער שמש און וועט אויפעפענען די טיר פונעם בית־המדרש, וועט מען שוין דעמלט זען, ווער עס וועט פריער פאַרכאַפּן דעם טאַטנס שטאָט: צי מאיר, צי שניאור?

צען יאָר האָבן זיך געצויגן ביי זיי די מינוטן. קוים דערלעבט זען עזריאלן מיט די שליסל. און אַז עזריאל מיט דער קאָלטענוואַטער באָרד איז אָנגעקומען, האָט ער נישט געקאָנט צוקומען מיטן שליסל צום שלאָס בשום אופן, ווייל ביידע ברידער האָבן צוגעשפּאַרט מיט די פיס צו דער טיר, איינער מיט דעם רעכטן פוס, דער אַנדערער מיט דעם לינקן פוס, נישט געוואָלט אָפּטרעטן בשום אופן ואופן.

— וואָס־זשע וועט זיין דערפון? — האָט זיי עזריאל אַ זאָג געטאָן און גענומען בשעת מעשה אַ שמעק טאַבאַק. — מילא, אַז איר וועט אַזוי שטיין ביידע אָנגעשפּאַרט, ווי די צאַפּעס, וועל איך נישט קאָנען עפענען די טיר, און דאָס בית־המדרש וועט שטיין אַזוי צוגעשלאָסן אַ גאַנצן טאָג. ס'איז עפּעס אַ תכלית? נו, אַדרבה, זאָגט שוין איר אַליין!

עס ווייזט אויס, אַז די האָזיקע ווערטער האָבן געהאַט אַ ווירקונג, מחמת די מאירס מיט די שניאורס האָבן זיך ביידע געגעבן אַ רוק צוריק, איינער רעכטס, דער אַנדערער לינקס, געמאַכט אַן אָרט פאַר עזריאלס וועגן, ער זאָל קענען צוטרעטן מיטן שליסל צו דער טיר און אויפשליסן דעם רוקער. און אַז דער רוקער האָט זיך געגעבן אַ רוק און די טיר האָט זיך געגעבן אַן עפן אויף, האָבן זיך די מאירס מיט די שניאורס געגעבן ביידע אַ לאָז אַריין.

— פּאַוואָלי, אָט וואַלגערט איר אום אַ ייִדן! — האָט אויסגעשריען עזריאל דער שמש, און איידער ער האָט געקאָנט אויסרעדן נאָך איין וואָרט, איז ער שוין געלעגן נעבעך אַ צעטראָטענער אונטער זייערע פיס און געשריען נישט מיט זיין קול:

— פּאַוואָלי, אָט צעטרעט איר אַ ייִדן, אַ טאַטן פון קינדער!...

די מאירס מיט די שניאורס האָבן אָבער אין זינען געהאַט עזריאל דעם שמש מיט זיינע קינדער אין דער לינקער פּאה. זיי איז געלעגן אין זינען די שטאָט, דעם טאַטנס־שטאָט, — און האָבן זיך ביידע געגעבן אַ לאָז אַהין, אויבנאָן, צו מזרח־ צו, געגעבן אַ שפּרונג־איבער איבער אַלע בענק און שטענדערס, און געקומען צו דער שטאָט, האָבן זיי זיך ביידע געגעבן אַ זעץ אַנידער און אַ שפּאַר אַריין מיט די פּלייצעס אין וואַנט אַריין און מיט די פיס אין דער פּאָדלאָגע, און פון גרויס שפּאַרעניש זענען זיי

אַרויף איינס אויף דאָס אַנדערע און אָנגענומען זיך ביי די בערד און געקריצט מיט די ציין און געכאָרכלט:

— מכות וועסטו זיצן אויף דער שטאָט!

אין דער דאָזיקער צייט האָט זיך עזריאל דער שמש דערווייל אויסגעגלייכט די ביינער און צוגעגאַנגען צו די מאירס מיט די שניאורס און דערזען ווי זיי ליגן ביידע און האַלטן איינס דאָס אַנדערע ביי די בערד, האָט ער אַ פרווו געטאָן פריער מיט גוטן, אַזוי צו זאָגן:

— אי-פע, שעמען מעגט איר זיך! צוויי ברידער, צוויי ליבלעכע ברידער פון איין מאַטע-מאַטע, זאָלן זיך האַלטן ביי די בערד! און נאָך אין אַ מקום קדוש דערצו! אי-פע!...

עזריאל דער שמש האָט אָבער אַרויסגעזען, אַז אין דעם מאָמענט גראָדע איז זיין מוסר גאַנץ אומזיסט, אַרויסגעוואָרפן אויפן ווינט; אַדרבה, ער האָט מיט רייד, קאָן מען זאָגן, אונטערגעגעבן נאָך מער היץ, און די צוויי ברידער פון איין טאַטע-מאַמע זענען אַזוי ווייט אַריין אין דער רציחה, אַז ביי איינעם אין האַנט איז געווען אַ זשמוט מיט שוואַרצע האָר (פון מאירס באָרד) און ביים צווייטן אין האַנט איז געווען אַ זשמוט מיט רויטע האָר (פון שניאורס באָרד), און אויך פלעקן בלויע האָבן זיך באַוויזן ביי זיי אויף די פנימער, און ביי איינעם פון זיי האָט זיך געטאָן אַ לאָז בלוט פון דער נאָז.

כל זמן עס האָט נאָך געהאַלטן ביי בערד אַליין מיט פעטש, קלעפ, בוכענצעס וכדומה אַזעלכע מינים זאַכן, האָט עזריאל דער שמש נאָך געקאָנט רעדן אַ פאָר ווערטער, זאָגן אַ ביסל מוסר, דערזען אָבער, ווי עס גיסט זיך שוין בלוט, האָט עזריאל מער נישט געקאָנט איינשטיין, וואָרום בלוט — עס מעג זיין אַפילו פון אַ נאָז — איז זייער אַ מיאוסע זאַך, וואָס פאַסט פאַר גויים, נישט פאַר ייִדן. פע, חולשי חלשות!... און עזריאל דער שמש האָט נישט לאַנג געטראַכט, האָט זיך געגעבן אַ לאָז אַוועק אין פאָליש אַריין, געכאַפּט אַן עמער וואַסער און געגעבן אַ גאָס אויס אויף ביידע ברידער.

קאַלט וואַסער איז פון תמיד אָן, זינט די וועלט שטייט, דאָס בעסטע מיטל אויף אויפצומונטערן אַ מענטשן; אַ מענטש, ער מעג זיך זיין אין גרעסטן כעס, אין ערגסטן גרימצאָרן, אַז ער באַקומט אַ קאַלטן באָד, אַזוי ווערט ער אויפגעפרישט, אָפּגעקילט און קומט צו זיינע געדאַנקען... פון דעם דאָזיקן אומגעריכטן קאַלטן באָד, וואָס עזריאל האָט זיי מכבד

געווען, האָבן די מאירים מיט די שניאורים ווי אויפגעוואַכט פון שלאָף, האָבן זיך אַ קוק געטאָן אייננס דאָס אַנדערע אין די אויגן אַריין און האָבן זיך פאַרשעמט, ווי אדם מיט חוהן בשעת זיי האָבן פאַרזוכט פונעם עץ, און דערזען, אַז זיי זענען נאַקעט... און מאַקע דעם זעלבן שבתצונאַכט זענען די מאירים מיט די שניאורים געגאַנגען מיט נאָך מענטשן צו רב יוזיפל דעם רב, זיך פאַרלאָזן אויף מענטשן, וואָס מענטשן וועלן געפינען.

ד.

דאָס כתריליעווקע זאָל נישט זיין אַזאַ העק און ס'זאָל נישט ליגן פאַרוואָרפן אַזוי ווייט פון דער גרויסער וועלט, און דאָרטן זאָלן, למשל, דערשיינען גאַזעטן, צייטונגען און זשורנאַלן, וואָלט די וועלט געוויס געהאַט צו טאָן מיט רב יוזיפיל דעם רב. אַלע בלעטער וואָלטן געווען פול מיט אים און מיט זיין חכמה. חכמים, גרויסע געלערנטע, באַרימטע לייט פון דער וועלט וואָלטן זיך געלאָזט צו אים, זען אים באַשיינפערלעך און הערן פון זיין מויל אַלע קלוגע דיבורים. פאָטאָגראַפן און צייכנער וואָלטן אַראָפּגענומען זיין בילד און וואָלטן עס פאַרשפּרייט אין אַלע עקן פון דער וועלט. אינטערוויוערס וואָלטן אים געדולט אַ קאָפּ, נישט געלאָזט לעבן. זיי וואָלטן וועלן וויסן אַלצדינג, וואָס ביי אים טוט זיך. וואָסערע מאכלים ער האָט ליב? וויפל שעה אין טאָג שלאָפט ער? צי גלייבט ער אין השארת־הנפש? וואָס פאַר אַ מיינונג איז ער וועגן רייכערן ציגאַרעטן, און צי האַלט ער פון פאָרן אויף אַ וועלאָסיפּעד, וכדומה? נאָר אַזוי ווי כתריליעווקע איז אַ העק און עס ליגט פאַרוואָרפן ווייט פון דער גרויסער וועלט, און דאָרטן דערשיינען נישט קיין גאַזעטן, צייטונגען און זשורנאַלן, האָט די וועלט קיין שום ידיעה נישט פון רב יוזיפל דעם רב. די בלעטער דערמאָנען נישט אַ מאָל זיין נאָמען. חכמים, גרויסע געלערנטע און באַרימטע לייט פאָרן נישט צו אים. פאָטאָגראַפן און צייכנער נעמען נישט אַראָפּ זיין בילד. אינטערוויוערס לאָזן אים צורו. און רב יוזיפל לעבט זיך אָפּ זיין וועלט שטיל, באַשיידן, אָן געפילדער, אָן טאַראַראַם. קיינער ווייס נישט פון אים צו זאָגן, אויסער די שטאָט כתריליעווקע, וואָס באַוווּנדערט אים, האַלט פון אים אַן עולם ומלואו און גיט אים אָפּ פיל־פיל כבוד (קיין געלט איז אין כתריליעווקע נישטאָ, אָבער כבוד — וויפל איר ווילט!...). זיי זאָגן אויף אים, אַז ער איז אַ נסתר, אַ פאַרבאָרגענער חכם, וואָס באַווייזט זיך נישט אַרויס מיט זיין חכמה, נאָר אַז מע קומט צו אים

מיט אַ משפּט, זעט מען ערשט דעמלט אַרויס, ווי עמוק ער איז, ווי טיף, ווי שאַרף, טאַקע נאָר חכמת שלמה!

אָפּגעמאַכט הבדלה און אָפּגעזאָגט המבדיל, זענען די מאירס מיט די שניאורס געקומען צו רב יוזיפל אויף אַ דין־תורה און האָבן געטראָפן דאָרטן שוין אַ פולע שטוב מיט מענטשן. די שטאָט איז נייגעריק געווען צו הערן, ווי אַזוי וועט עס דאָ רב יוזיפל פּסקענען? ווי אַזוי וועט ער דאָ איינטיילן איין־און־איינציקע שטאָט צווישן צוויי ברידער? קודם כל האָט רב יוזיפל געלאָזט די צדדים, זיי זאָלן זיך אַ ביסל אויסטענהן. רב יוזיפל גייט מיט דעם גאַנג, אַז פאַרן משפּט באַדאַרף מען די צדדים לאָזן טענהן, וואָרום נאָכן משפּט וואָס וועט זיי העלפן דאָס טענהן? נאָכהעם האָט ער געלאָזט אויך עזריאל דעם שמש, ער זאָל רעדן וויפל ער וויל. עזריאל איז דאָך דאָ דער רעכטער עדות. און גלאַט באַלעבאַטים האָבן גערעדט. ווער עס האָט געהאַט גאָט אין האַרצן — דער האָט זיך אַריינגעמישט מיט אַ וואָרט, און נישט מיט איין וואָרט, נאָר מיט אַ סך ווערטער. רב יוזיפל איז אַ מענטש, ברוך־השם, וואָס לאָזט רעדן אַלעמען. איך האָב שוין לאַנג באַמערקט, אַז רב יוזיפל איז אַ שטיקל פילאָזאָף: ער גייט מיט דעם גאַנג, אַז וויפל אַ מענטש זאָל נישט רעדן, מוז ער אַמאָל אויפהערן.

כך הווה. די גאַנצע שטאָט האָט גערעדט און גערעדט — און האָט אויפגעהערט צו רעדן. און אַז דער עולם האָט אויפגעהערט צו רעדן, האָט זיך רב יוזיפל אָנגערופן צו די מאירס און שניאורס לאַנגזאַם, שטיל בנעי־מות, ווי זיין שטייגער איז, בזה הלשון:

— שמעו נא, רבותים, הערט זשע צו, ייִדן די מעשה דערפון איז אַזוי. ווערליג איך האָב אויסגעהערט דאָ אייערעביידנס טענות און די אַלע טענות פון אַלץ איבעריקע באַלעבאַטים, זע איך, אַז איר זייט נעבעך ביידע זייער גערעכט. איר האָט נעבעך ביידע געהאַט איין טאַטן — און אַ שיינעם טאַטן, לאָז ער האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן. דער חסרון איז נאָר, וואָס ער האָט אייך נעבעך ביידן איבערגעלאָזט סך־הכל איין שטאָט. אוודאי איז ביי אייך ביידן טייער דעם טאַטנס שטאָט, פאָרט אַן אייגענע שטאָט אין מזרח־וואַנט, אינעם אַלטן כתריל־וועקער בית־המדרש. מיט דער האַנט אַוועקמאַכן קאָן מען עס נישט. נאָך וואָס דען? כשם ווי ס'איז אוממעגלעך, אַז איין מענטש זאָל קאָנען פאַרנעמען צוויי שטעט, אַזוי איז אוממעגלעך, אַז צוויי מענטשן זאָלן זיך באַנוגענען מיט איין שטאָט. אדרבה, מיר דאַכט זיך, אַז ס'איז אַ סך לייכטער, אַז איין מענטש זאָל פאַרנעמען צוויי שטעט, איידער אויף איין שטאָט זאָלן זיצן צוויי

מענטשן; וואָרום אַז איין מענטש זאָל, למשל, האָבן צוויי שטעט, זעצט
ער זיך אַנידער א מאָל אויף דער שטאָט, און אַמאָל אויף יענער אָבער
אַז צוויי מענטשן זאָלן זיך פּרווון אין איין צייט זעצן אויף דעם זעלביקן
אָרט — קאָן דאָס נישט זיין. למשל, אָט האַלט איך די רעכטע האַנט
אָט=דאָ אויף דעם ספר. לאָס איך, אַ שטייגער, ווען אין דער אייגענער
צייט האַלטן די לינקע האַנט אויפן זעלביקן אָרט, ווו איך האַלט די רעכ=
טע האַנט — קאָן איך נישט. פאַר וואָס? ווייל דער אויבערשטער האָט
אַזוי באַשאַפן די וועלט, און א מענטשנס פאַרשטאַנד קאָן דאָס מיטן שכל
נישט משיג זיין. נישט מער, בלייבט דאָך איבער די קשיא: וואָס טוט
מען נעבעך מיט צוויי ברידער, אַז זיי האָבן פאָרט געהאַט נעבעך נאָר
איין טאַטן, וואָס האָט זיי איבערגעלאָזט סך=הכל איין שטאָט? איטלעכן
ווילט זיך — פאָרט אַן אייגענע שטאָט אין מזרח=וואַנט, אינעם אַלטן,
אַלטן כתריליעווקער בית=המדרש. מיט דער האַנט אַוועקמאַכן קאָן מען דאָס
נישט! קומט אויס: יחלוקו, אַז מע זאָל זיך טיילן. ווי אַזוי זשע טיילט
מען א שטאָט? אַ שטאָט איז דאָך נישט קיין...קיין... עפּל, וואָס מע צע=
שנײַדט אים, אויף דער העלפט און מע זאָגט: נאַ דיר אַ האַלבע שטאָט
און נאַ דיר אַ האַלבע שטאָט. איז פאַראַן אָבער אַן עצה, אַז איר זאָלט
ביידע זיצן אין מזרח=וואַנט, אַ שטאָט לעבן אַ שטאָט. דאָס האָב איך שוין
דערקלערט, ברוך=השם, מיט מיין אייגענעם שכל. דהיינו, ווי אַזוי? אַזוי
ווי אייער טאַטנס שטאָט איז מיין שטאָט זענען צוויי שטעט, אַ שטאָט
לעבן אַ שטאָט, זעצט איר זיך, ברידערליך, אויף די ביידע שטעט, וועט
איר זיך זיצן געזונטערהייט ביידע, א שטאָט לעבן אַ שטאָט, און וועט
זיך פאַרשפּאָרן קריגן. אי וואָס? די קשיא: וואָס וועל איך טאָן אָן א
שטאָט? איז דער תירוץ: ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז אַ רב אָדער
גלאַט אַ ייד מוז דווקא האָבן אַן אייגענע שטאָט, און דווקא אין מזרח=
וואַנט, און דווקא אינעם אַלטן בית=המדרש? וואָרום, לאָמיר זיך גוט
באַטראַכטן: וואָס איז אַ בית=המדרש? א מקום קדוש. וואָס גייען מיר אין
בית=המדרש אַריין? תפילה טאָן. צו וועמען? צום אויבערשטן. ווו געפינט
ער זיך? אומעטום, ס'איז מלא כל הארץ כבודו — פול די גאַנצע וועלט!
ווי באַלד אַזוי, הייסט וואָס איז דאָ שייך מזרח, צפון, דרום, גאַנץ אויבנ=
אָן, אָדער נאָר ביי דער טיר? אַבי אַ מקום קדוש און אַבי געדאַוונט!
משל למה הדבר דומה — צו וואָס איז דאָס געגליכן? צו אַ מלך, וואָס
זיינע צוויי קנעכט זענען געקומען צו אים אין פּאַלאַץ אַריין בעטן ביי אים
א טובה, פלוצים האָבן זיך די קנעכט צעאמפּערט צווישן זיך און זענען

פאַרן מלך אין די אויגן אַרייַנגעפּאַרן איינער דעם אַנדערן אין די בערד אַריין און האָבן גאָר פאַרגעסן, צוליב וואָס זיי זענען געקומען און פאַר וועמען זיי שטייען; האָט זיי דער מלך מסתמא גוט מכבד געווען און האָט באַפוילן, מע זאָל זיי מחילה אַרויספירן: ממה נפשך, איר ווילט זיך רייסן ביי די בערד, גייט אייך געזונטערהייט אין דרויסן אַרויס און רייסט אייך דאָרטן וויפל אייער האַרץ גלוסט! וואָס האָט איר צו קריכן צום קייזער אין פּאַלאַץ אַריין, אַז איר ווייסט נישט, ווי אַזוי צו האַלטן זיך?... דאָס איז דער משל, און דער נמשל זענט איר. גייט זשע אייך, קינדערלעך, אַהיים און לעבט אייך צופרידן, און לאָז אייער פאָטער זיין דאָרטן אַ מליץ־יושר פאַר אייך און פאַר אונדז און פאַר כלל ישראל.

אַזוי האָט געפּסקנט רב יוזיפל דעם משפט, און דער עולם איז זיך צעגאַנגען אַהיים.

אויף איבעראַכטאָג שבת זענען די מאירס מיט די שניאורס געקומען אין בית־המדרש און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען ביי דער טיר. וויפל מע האָט זיי נישט געבעטן, עזריאל דער שמש פון איין זייט און רב יוזיפל דער רב פון דער אַנדער זייט — זיי האָבן נישט געוואָלט זיך זעצן אין מזרח־זייט בשום אופן ואופן.

ווער ס'איז אַ בעלן אויף אַן אייגענער שטאָט אין מזרח־וואַנט, אין דעם אַלטן כתרילעווקער בית־המדרש, די אַנדערע שטאָט פון רב יוזיפל דעם רב, אין גלייכן געלט, זאָל ער זיך ווענדן קיין כתרילעווקע צו רב שמשונס קינדער, צו מאירן אָדער צו שניאורן — ס'איז אַלץ איינס: מע וועט זי אייך פאַרקויפן בזיל הזול, וואָרום קיינער זיצט נישט אויף איר, נישט מאיר און נישט שניאור. עס שטייט אַ ליידיקע שטאָט — אַן עבירה פאַר גאָט!

# אויסגעטרייסלט

— שאַט! רופט זיך אָן אַ ייד מיט קיילעכדיקע אויגן, ווי ביי אַן אָקס, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט און ווינקל ביים פענצטער און האָט גערויכערט און געהערט מעשיות פון גנבות, גזילות, עקספּראָפּריאַציעס. — אָט וועל איך אייך דערציילן אַ שיינס, אויך מיט אַ גנבה, וואָס האָט זיך פאַרלאָפן ביי אונדז, און דווקא אין בית־המדרש האָט זיך דאָס געטראָפן, און נאָך יום־כפור דערצו! איר מעגט דאָס האָרכן.

אונדזער שטעטל כתרילעווקע, — איך בין אַליין אַ כתרילעווקער — איז אַ קליין שטעטל און אַן אָרעמס, קיין גנבים איז ביי אונדז נישטאָ, מע גנבעט נישט, ס'איז נישטאָ ביי וועמען צו גנבענען, און ס'איז נישטאָ וואָס צו גנבענען, און אָן אַלעמען איז דאָך גלאַט אַ ייד קיין גנב נישט. דאָס הייסט, אַ ייד איז אפילו יאָ אַ גנב, נאָר נישט אַזאַ גנב, וואָס זאָל קריכן דורך אַ פענצטער, אָדער גיין מיט אַ מעסער יענעם קוילען. דרייען, אויסדרייען, אַריינדרייען, פאַרדרייען און אָפּדרייען יענעם דעם קאָפּ — דאָס מהכתיתי; אָבער נישט קריכן יענעם אין קעשענע אַריין, מע זאָל אים כאַפּן פאַר דער האַנט און מע זאָל אים נאָכדעם באַדאַרפן פירן מיט אַ געלער לאַטקע אויף דער פּלייצע — דאָס פּאַסט פאַר אַן איוואַן זלאָדי, אָבער נישט פאַר קיין יידן... שטעלט אייך פאָר, האָט זיך ביי אונדז אין כתרילעווקע געטראָפן אַ גנבה, און נאָך וואָסער גנבה — אַכצן הונדערט קאַרבן אין איין קלאַפּ!

ויהי היום, טרעפט זיך אַ מעשה, עס קומט צו פאָרן צו אונדז אין שטאָט אַריין אַן אורח, עפּעס אַ ייד אַ פּאָדריאַדטשיק פון דער ליטאַ, פּונקט אום ערב יום־כפור פאַר מנחה, שטעלט זיך אָפּ, געוויינלעך, אויף אַן אכסניה, לייגט אָפּ דעם קלומעק און לאָזט זיך גיין גלייך אין שול אַריין און טרעפט אין אַלטן בית־המדרש. געקומען אין בית־המדרש צו מנחה, טרעפט ער די גבאים ביי דער שיסל. — „שלום־עליכם!“ — „עליכם־שלום“. — „פון וואַנען איז אַ ייד?“ — „פון דער ליטאַ“. — „מה שמ־

כם?“ — „וואָס איז אייער באָבעס דאגה?“ — „איר זענט דאָך געקומען אין אַ שול“. — „וווהין דען זאָל איך גיין?“ — „ווילט איר מסתמא ביי אונדז דאַווענען?“ — „אַ ברירה האָב איך? וואָס דען זאָל איך טאָן?“ — „גיט זשע עפּעס אין שיסל אַריין“. — „וואָס דען, אומזיסט וועל איך דאַווענען?“

קיצור־הדבר, אונדזער אורח גנעמט אַרויס דריי זילבערנע קאָרבן און גיט אין דער שיסל אַריין, און אַ חוץ דעם — איינעם חזנס טעלער אַ קאָרב, דעם רב אַ קאָרב, אויף דער תלמוד־תורה אַ קאָרב, אין צדקה־טעלער אַ האַלבן פֿויגל, אחוץ וואָס ער האָט צעטיילט די אָרעמעלייט, וואָס ביי דער טיר, — זיי זענען פֿאַראַן ביי אונדז, קיין עין־הרע, אַזוי פֿיל, אַז מע זאָל זיך וועלן צולאָזן צו זיי, באַדאַרף מען צעטיילן ראָטשילדס פֿאַרמעגן.

דערזען אַזאַ מין אורח, האָט מען דאָך אים מסתמא אָפּגעטראָטן אַ שטאָט כאַמע אין מזרח־וואַנט. אי, ווי האָט מען געגומען אַ שטאָט, אַז אַלע שטעט זענען פֿאַרנומען: איז קיין קשיא ניט. למאי ווי נעמט זיך אַן אָרט, אַז מע מאַכט זיך אַ שמחה, אַ חתונה, אָדער אַ ברית, אַלע זיצן שוין אַרום טיש, פּלוצים ווערט אַ גערודער, — וואָס איז? דער נגיד איז געקומען! קוועטשט מען זיך אַזוי לאַנג, ביז מע מאַכט אַן אָרט פֿונעם נגידס וועגן. קוועטשן זיך איז אַ יידישע זאַך: אַז קיינער קוועטשט זיי ניט, קוועטשן זיי זיך אַליין...

דער ייד מיט די קיילעכדיקע אויגן שטעלט זיך אָפּ, באַטראַכט דעם עולם, וואָס פֿאַר אַן איינדרוק עס האָט אויף אונדז געמאַכט זיין ווייז, און דערציילט ווייטער.

— קיצור־הדבר, אונדזער אורח האָט זיך באַזעצט אויבן־אָן און האָט געבעטן ביים שמש אַ שטענדער. אָנגעבויגן זיך איבערן שטענדער, האָט זיך אונדזער אורח צו כל־בגדי אָנגעטאָן אין טלית און אין קיטל און האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען, האָט ער געדאַווענט און געדאַווענט, די גאַנצע צייט געשטאַנען אויף די פֿיס, זיך ניט צוגעזעצט — פֿון צולייגן זיך שמועסט מען ניט — ער איז ניט אָפּגעטראָטן פֿונעם שטענדער אויף קיין מינוט, דער ליטוואַק, סיידן דעמלט, ווען מען האָט באַדאַרפֿט זיך שטעלן שמונה־עשרה אָדער פֿאַלן כורעים... אָפּפּאַסטן אַזאַ טאָג און אויסשטיין אויף די פֿיס, זיך ניט צוזעצן אפֿילו — דאָס קאָן נאָר אַ ליט־וואַק!... ערשט נאָכן לעצטן בלאָז, אַז ס'איז געקומען צום וואָכעדיקן מע־ריב, און חיים־חנא דער מלמד (דער מעריב קומט חיים־חנא דעם מלמד פֿון קדמונים) האָט זיך אָנגעהויבן ציקלען: „המעריב ערבים!“ —

פּלוצים הערט זיך אַ געשריי: „גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!“... מע טוט אַ קוק — דער אורח ליגט אויף דער ערד און חלשט. מע גיסט אים אָפּ מיט וואַסער, מע מינטערט אים אָפּ — ער חלשט ווייטער. וואָס איז די מעשה? אַ שיינע מעשה. ער האָט געהאַט מיט זיך, דער ליטוואַק הייסט דאָס, אַכצנהונדערט קאַרבן, האָט ער מורא געהאַט, זאָגט ער, זיי איבערצולאָזן אויף דער אכסניה — אַ ווערטעלע אויסצורעדן אַכצנהונדערט קאַרבן! וועמען פֿאַרטרויט מען אַזאַ מטמון מיט געלט אין אַ פֿרעמדער שטאָט? האַלטן זיי ביי זיך אין קעשענע אום יום־כּפּור איז עפּעס אויך נישט קיין פּלאַן. האָט ער זיך מיישב געווען, זאָגט ער, און האָט זיי אַריינגערוקט שטילערהייט אין שטענדער אַריין — אַ ליטוואַק קאָן! אַצינד פֿאַרשטייט איר שוין, פֿאַר וואָס ער איז נישט אָפּגעטראָטן פֿונעם שטענדער אויף קיין מינוט?... נאָר בשעת שמונה עשׂרה שטיין אָדער בעת כּורעים פֿאַלן האָט, אפֿנים, דאָס געלט עמיצער אַרויסגעלקחנט.

קיצור־הדבר, ער געוואַלדעוועט, ער וויינט, ער לייגט־איין די וועלט: וואָס וועט ער איצטער טאָן אָן געלט? ס'איז, זאָגט ער, פֿרעמד געלט, ס'איז נישט זיינס, ער איז נאָר אַ משולח פֿון אַ קאַנטאָר, אַ ייד אַן אָרעמאַן, זאָגט ער, און מטופּל מיט קינדער, — עס קומט דאָך אים איצטער, זאָגט ער, נאָר נעמען און אַריינוואַרפֿן זיך אין וואַסער אַריין, אָדער אויפֿהענגען זיך, זאָגט ער, אָט דאָ אין שול פֿאַר אַלעמען אין די אויגן!...

דערהערט אַזעלכע דיבורים, איז דער גאַנצער עולם געבליבן שטיין ווי געליימט, גאָר פֿאַרגעסן, אַז ס'איז גאָר אַ תּענית און מע באַדאַרף גיין אַהיים גיכער זיך אָפּפּאַסטן. ס'איז אונדז געווען אַ בזיון פֿאַרן אורח, אַ חרפּה, אַ בושה פֿאַר זיך אַליין: אַזאַ גנבֿה, אַכצן הונדערט קאַרבן! און וווּ? אין בית־המדרש, אינעם אַלטן כּתרילעווקער בית־המדרש! און יוען? יום־כּפּור! אַזאַ מעשה איז נישט געהערט געוואָרן אין דער וועלט!

— שמש! פֿאַרשליסט די טיר! — אַזוי האָט געגעבן אַ באַפֿעל אונדזער רב.

מיר האָבן אונדזער אייגנס אַ רב, הייסט ער רב יוזיפֿל, אַן אמתער אַן ערלעכער ייִד, אַ כּשרער, אַפֿילו נישט אַזאַ איבערגעשפּיצטער, נאָר אַ מזג־טובֿ, אַ מענטש אָן אַ גאַל, ער האָט אין זיך אַמאָל אַזעלכע איינפֿאַלן, וואָס איר וועט דערויף קיינמאָל נישט פֿאַלן, איר זאָלט זיין מיט אַכצן קעפּ! פֿאַרשלאָסן די טיר פֿונעם בית־המדרש, רופֿט זיך אָן רב יוזיפֿל דער רב צום גאַנצן עולם, און אַליין איז ער בלאַס, ווי די וואַנט, די הענט ציטערן אים און די אויגן ברענען:

— שמעו נא, רבותים, הערט צו, ייִדן, ס'איז אַ מיאוסע מעשה! אַזאַ מעשה איז נאָך נישט געהערט געוואָרן זינט די וועלט שטייט, אַז ביי אונדז, אין כתרילעווקע, זאָל זיך געפינען אַזאַ בעל־עבירהניק, אַזאַ פּושע־ישראל, וואָס זאָל האָבן אַ פּאַטעפּאַלנעסט צונעמען ביי אַ פרעמדן מענטשן, נעבעך אַ טאַטע פון קינדער, אַזאַ אוצר מיט געלט. און ווען? אין אַזאַ הייליקן טאָג, ווי יום־כפור, און אפשר נאָך צו נעילה! — אַזאַ מעשה איז האָך נישט געהערט געוואָרן זינט די וועלט שטייט! — ס'גלויבט זיך מיר גאָרנישט, אַז ס'קאָן געמאָלט זיין אַזאַ זאַך, סע קאָן נישט זיין בשום ענין ואופן! און אפשר, אַ קשיא אויף אַ מעשה, ייִדן זענען נעבעך זשעדנע אַ קערבל, ובפרט נאָך אַזאַ אוצר, אַכצנהונדערט קאַרבן, דער יצר־הרע רחמנא ליצלן איז געווען גרויס, טאָמער איז עמיצער פון אונדז געשטרויכלט געוואָרן, באַשערט געווען עמיצן נעבעך אַן אומגליק, טאָן אַזאַ עבירה אין אַזאַ טאָג, באַדאַרפן מיר זען די זאַך חוקר והורש זיין, דערגרונטעווען זיך ביזן שורש. הימל און ערד האָבן געשווירן, אַז דער אמת מוז אַרויף ווי בוימל אויפן וואַסער. על כן, זאָגט ער, באַדאַרפן מיר זיך באַזוכן איינס דאָס אַנדערע, באַזוכן, באַטאַפּן, טרייסלען אַלע קעשענעס, פונעם ערשטן בעל־הבית, זאָגט ער, ביזן שמש, נישט דורכלאָזן קיינעם נישט. נאַט, ייִדן, טרייסלט מיך!

אַזוי האָט זיך אָפּגעזאָגט אונדזער רב, רב יוזיפל, און האָט זיך דער ערשטער צעגאַרטלט די קאַפּאָטע און איבערגעקערט אַלע קעשענעס אויף דער לינקער זייט. און, אויף אים קוקנדיק, האָבן אַלע בעלי־בתים זיך צעגאַרטלט און אויסגעקערט די קעשענעס, און מען האָט גענומען באַזוכן און באַטאַפּן און טרייסלען איינס דאָס אַנדערע, אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ס'איז געקומען צו לייזער־יוסלען, איז ער געוואָרן אַלערליי געשטאַלטן און האָט אָנגעהויבן טענהן, ערשטנס, אַז דער אורח איז אַ שווינדלער. ס'איז אַ מאַניפּאָרגע פון אַ ליטוואַק, מע האָט ביי אים קיינער קיין געלט נישט געגנבעט, שקר וכזב, — איר זעט נישט, אַז ס'איז אַ געמאַכטע זאַך?...

האָט דער עולם אָנגעהויבן ליאַרמען נאָך שטאַרקער: סטייטש, בעלי־בתים האָבן זיך געלאָזט באַזוכן, פאַר וואָס זאָל מען לייזער־יוסלען אויסמיידן? נישטאָ קיין מיוחסים! „באַזוכן! באַזוכן!“ — האָט געשריגן דער גאַנצער עולם.

לייזער־יוסל האָט דערזען ס'איז שלעכט, האָט ער אָנגעהויבן בעטן זיך רחמים, מיט טרערן אויף די אויגן, מען זאָל אים נישט באַזוכן. ער האָט זיך געשווירן מיט כל־השבועות, ער זאָל אַזוי ריין זיין פון שלעכטס,

ווי ער איז ריין פון דער גנבה. נאָר וואָס דען? ס'איז אים אַ בזיון, זאָגט ער, ער בעט, מע זאָל רחמנות האָבן אויף זיינע יונגע יאָרן און מע זאָל אים נישט אָנטאָן דעם בזיון, מע זאָל אים נישט באַזוכן. „טוט מיר, זאָגט ער, וואָס איר ווילט, נאָר טרייסלען זאָלט איר מיך נישט!“ ווי געפעלט אייך אַזאַ ימח-שמוניק? ווי מיינט איר, אַ שטייגער, מע האָט אים עפּעס געהערט? געלייגט כבוד?

נאָר שאַט! איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן דערציילן, ווער איז דער לייזער-יוסיל. דער דאָזיקער לייזער-יוסיל איז אַליין נישט קיין כתרילעווקער, ער איז גאָר אַליין פון אַלדי שוואַרצע יאָר, נאָר ער שטייט איין ביי אונדז אין כתרילעווקע פאַר אַן איידעם. דאָס האָט אים אונדזער נגיד אויסגעקראַצט פון ערגעץ, זיך באַרימט, אַז ער האָט דערטאַפּט אַן אבן-טוב, געהאַנדלט אַ מציאה פאַר זיין טאָכטער, טויזנט בלאַט גמרא אויף אויסנווייניק, און אַ בעל-תנך, און אַ בעל-לשון-קודש, און אַ בעל-חשבון, תשבורות מיט אַלגעברע, און אַ כתבא-רבא, הכלל מיט אַלע זיבעצן מעלות! געבראַכט צו פירן די צאַצקע, איז מען געגאַנגען קוקן אויף חידושים: וואָס האָט דאָ דער נגיד איינגעהאַנדלט פאַר אַ מציאה. מילא, אַזוי אַ קוק טאָן אויף אים, איז גאָר נישט, אַ יונגערמאַן אַ זכר, נישט קיין מיאוסער יונגערמאַן, נאָר די נאָז אַ ביסל צו אַ לאַנגלעכע, אויגן ברענענדיקע, ווי צוויי קויל פייער, און אַ מויל — פעך און שוועבל! מע האָט זיך גענומען מיט אים פאַרהערן אַ בלאַט גמרא, אַ קאַפּיטל פסוק, אַ שטיקל רמבם דאָס, יענץ — אש להבה: ער איז קלאָר, דער הינט, אומעטום, ווי אַ גוי אין אשרי, ווו מע טוט אים אַ כאַפּ, איז ער אין דער היים! רב יוזיפל אַליין האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער מעג זיין אַ רב בכל תפוצות ישראל... און פון די אַלע הייַנטיקע זאַכן שמועסט מען נישט. איר קאָנט פאַרשטיין, ביי אונדז איז פאַראַן אייגער אַ גאַנצער חקרן, זיידל רב שעיהס. אַ רעכטער משוגענער, איז ער אַ הונט אַנטקעגן לייזער-יוסלען! היינט זיין שפּילן אין שאך פאַרמאָגט נישט די גאַנצע וועלט! אַז מען שמועסט אַ געראָטענער!

אַוודאי האָט די שטאָט מקנא געווען אונדזער נגיד אויף אַזאַ תכשיט, כאָטש אַפילו דער עולם האָט געשמועסט, אַז דער תכשיט איז געבאַקט אויף דער מעשה. ההיינו? ס'איז נישט געפעלן דעם עולם, וואָס ער איז צו קלוג (וואָס צו — איז איבעריק) און איז צופיל אַן עניו ביי זיך אַ גוטער ברודער מיט איטלעכן באַזונדער, זאַפּאַנבראַטאַ מיטן קלענסטן פונעם קלענסטן, עס מעג זיין אַ בחור, עס מעג זיין אַ מיידל, עס מעג זיין

אַן אשת־איש... הײַנט איז נישט געפעלן דאָס אַרומגיין זיינס — פאַרטראַכט, קוקט אין שול אַריין שפּעטער פון אַלעמען, טוט אָן דעם טלית און קוקט אין „באר־מים־חיים“, אָדער אין „אבן־עזרא“ אַריין, די יאַרמלקע פון יענער זייט, און דאַווענען נישט אַ לעק! מע זאָל עפּעס זען אויף אים שלעכטס האָט מען נישט געזען גאָר נישט, נאָר געמורמלט האָט מען, אַז קיין גרויסער ירא־שמים איז ער נישט — אַ מענטש מיט אַלע מעלות קאָן נישט זיין!

כך הוה. אַז ס'איז געקומען צו לייזער יוסלען און מע האָט זיך גענומען צום בחור, וואָס איז די מעשה, וואָס ער לאָזט זיך נישט באַזוכן — דאָס איז דאָך שוין אַ סימן, אַז דאָס געלט איז ביי אים! מאַכט ער: לאָז מען אים געבן אַ שבועה דאורייתא. לאָז מען אים שניידן, בראָקן, בראָטן, ברענען, אבי נישט טרייסלען די קעשענעס! דאָ איז שוין אונדזער רב רב יוזיפל, כאָטש ער איז אַ מענטש אָן אַ גאַל, אויך אַרויס פון די כלים און האָט זיך צעשריגן אויף אים:

— דו אַזעלכער און אַזעלכער! ביסט דאָך וואָרעם, מע זאָל דיך ווייס איך וואָס! סמייטש, דו זעסט, סע צאַפּט זיך יידן בלוט. אַלע זענען מוחל אויפן בזיון און לאָזן זיך באַזוכן, ווילסטו דו זיין יוצא מן הכלל?! ממה־נפשך, אָדער זיי זיך מודה און גיב אָפּ דאָס געלט, אָדער ווייז די קעשענע! דו שפּילסט זיך מיט, קיין עין־הרע, איין עדה יידן? מע וועט דאָך דיר דאָ איך ווייס אַליין נישט וואָס!

קיצור־הדבר, דער עולם האָט אים גענומען, דעם שייגעם בחור, מע האָט אים אַנידערגעלייגט מיט גוואַלד און מען האָט אים גענומען באַזוכן און באַטאַפּן, טרייסלען אַלע קעשענעס, און מען האָט ביי אים אויסגעטרייסלט... אַנו, טרעפט וואָס? אָפּגעריזעמטע ביינער פון אַ פערטל עוף און אַ פּאָר טוץ גאָר פרישע קערלעך פון נאָרוואָס אויפגעגעסענע פלוימען! איר פאַרשטייט, וואָס פאַר אַ חן דאָס האָט געהאַט, אַז מע האָט אויסגעטרייסלט ביי אונדזער תכשיט דעם דאָזיקן אוצר?... איר פאַרשטייט, וואָס פאַר אַ פּנים ער האָט געהאַט, און דער שווער זיינער, דער נגיד, און דער רב געבעך?... אונדזער רב רב יוזיפל האָט זיך פאַר בזיון אָפּגעקערט אין אַ זייט, נישט געקאָנט קוקן גלייך אין די אויגן אַריין. און אַז דער עולם איז נאָכדעם געגאַנגען פון בית־המדרש אַהיים אָפּפּאַסטן זיך, האָט מען נישט אויפגעהערט צו דערציילן פונעם אוצר, וואָס מען האָט אויסגעטרייסלט ביים תכשיט און מע האָט זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער! נאָר איין רב יוזיפל איז געגאַנגען איינער אַליין, צעראָפּגעלאָזט דעם

קאָפּ, פאַרזאָרגט און פאַרצאָרגט, נישט געקאָנט קוקן קיינעם אין די אויגן אַריין, גלייך ווי מע וואָלט דאָס אויסגעטרייסלט ביי אים אַליין...

דער ייד האָט, ווייזט אויס, געענדיקט זיין געשיכטע, וואָרום ער האָט זיך גענומען צוריק צום רויכערן.

— נו, און דאָס געלט? — האָבן מיר אים אַ פרעג געגעבן אַלע אין איין קול.

— וואָסער געלט? — מאַכט צו אויגן דער ייד תמעוואַטע און בלאָזט דעם רויך.

— וואָס הייסט וואָסער געלט? די אַכצנהונדערט...

— אַ־אַ־אַ? — ציט ער אויס. — די אַכצנהונדערט? פאַרפאַלן.

— פאַרפאַלן?

— פאַר־פאַ־לן !!!

